די פאַרצייכענונגען פון דעם דאָזיקן בוך זענען אין זייער מערהייט געשריבן געוואָרן אין פאַרשידענע צייטשריפטן אין גאַר דער וועלט.

נאָך ביי זיין לעבן האָט אברהם לעוו געזומען צו־גרייטן די פאַרצייכענונגען אַרויסצוגעבן אין אַ בוך־פאָרם. ער האָט אויסגעקליבן דעם מאַטעריאַל, אָנגע־צייכנט די קאַפּיטלעך און די ריי פון די נאָטיצן. צום באַדויערן האָט ער נישט באַוויזן צו פאַרענדיקן זיין אַרבעט.

פון דער גרויסער ליטעראַרישער ירושה האָבן מיר דערגענצט דאָס בוך, באַמיענדיק זיך איינצוהאַלטן דעם גייסט פון בוך און דעם אינהאַלט פון די אָפּ־טיילונגען.

קרוב 40 יאָר, פון טאָג פון זיין עליה אין יאָר 1932, איז אברהם לעוו אַ תושב פון גבעת השלושה; טאָג־טעגלעך אַרויסגעגאַנגען צו דער אַרבעט אין פעלד און אין גאָרטן. זיינע לידער און אַרטיקלען האָט ער געשריבן נאָכן אַרבעטסטאָג, אין אָוונט, אָדער אין די שבתים און יום־טובים.

די פאַרצייכענונגען זענען די פרוכט פון זיין אייגע־נער אינערלעכער איבערלעבונג. פון פאַרשידענע גע־שעענישן אין אַלע געביטן פון לעבן, וואָס געשעען אין קיבוץ, פון די ענדערונגען וואָס זענען פאָרגעקומען אין קיבוץ־לעבן; וועגן באַגעגענישן און שמועסן מיט זיינע מיט־חברים. דאָס זענען נישט קיין אויסדרוקן פון אַ זייטיקן מענטש, וואָס זעט אויבנאויפיק נאָר ער האָט איבערגעלעבט די געשעענישן און די פּראָ־צעסן אין זייער גאַנצער טיפקייט און באַדייטונג.

# מיט זיך אליין

„איך שרייב וועגן זיך; קומט צו נעענטער, וועט איר הערן אַז איך שרייב אויך וועגן אייך. קומט צו גאָר נאָענט — איך שרייב אויך וועגן דיר..."
לאַמאַרטין

## מיט זיך אַליין

ענג איז דער קרייז וואָס רינגלט מיך אַרום אין קיבוץ. ענג איז דער קרייז.

איך פיל זיך דאָ אָפּט עלנט און אַליין. נאָך טעג מידע, פיל איך זיך איינזאַם אָפּטמאָל ווי פאַרלאָזן פון אַלעמען. דאָס טאָג־טעגלעכע, דאָס גרויע ווערט דערעסן, פאַרמאַטערט. דאָס האַרץ בענקט נאָך עפּעס נייעס, נאָך ווייטס, נאָך אומבאַקאַנטס.

איך בין שטענדיק אין מיינע דלד־אמות, אין די פיר איילן פון דער אַרבעט, פון מיין צימער. צייטנווייז פיל איך זיך ווי אָפּגעריסן פון אונדזער גרויסן, טומלדיקן אַרום. איך בין נישט קיין רעדנער, נישט קיין כלל־טוער; בין איך דאָס רוב מיט זיך אַליין, אפשר צוליב מיין איינגע־בוירענער שעמעוודיקייט, אפשר אַ נאַטור אַזאַ.

זיץ איך אָפּט אין אָוונט, ביי אונדז אין גרויסן און ליכטיקן עס־צימער. דורכן פאַפּיראָסן־רויך, ווי דורך אַ פּריזמע, קוק איך זיך צו צו דעם וואָס קומט פאָר אַרום מיר; צו דעם גערויש און גערעדעריי און מיט אַ מאָל דערפיל איך זיך אַזוי ווייט און אַזוי פרעמד פון דעם אַלעמען, כאָטש איך בין מיט טויזנטער אומזעבאַרע פעדים געבונדן און פאַרקניפּט צו דעם דאָזיקן לעבן, וואָס איז פאַרוועבט אין מיין בלוט.

מיין ליד, וואָס איך שרייב דאָ אָן, בין איך איר איינציקער לייענער. ווי יעדער חבר אין משק, טראָג איך צו טאָג־טעגלעך מיין טייל דורך פיזישער אַרבעט. בין שטאָלץ מיט דעם וואָס מיין שרייבן טו איך נאָך דער מי. ווייס מיין צימער און עס ווייס מיין העפט, ווי איך רייס אָפּ שעהן פון רו און שעהן פון שלאָף, ווען מיט רויטע אויגן פון מידקייט, זיץ איך איבערגעבויגן איבערן פּאַפּיר.

אברהם לעוו

# מיין הויז

איך ווין שוין אויפן נייעם פונקט. אין איינעם פון די אַרויסגעענדיקטע הייזער, וואָס ווערט דאָ געבויט און ווו עס וועט זיך אין גיכן אַריבערטראָגן מיין קיבוץ.

נישט ווייט פון די יהודה־בערג האָבן מיר זיך דאָס מאָל פאַרקליבן, צופוסנס פון די בערג, וואָס ציען זיך אין דרום זייט אַוועק ווי אַ קייט קיין ירושלים, און פון צפון די בערג פון אפרים. אַנטקעגן אונדזער בויענדיקער היים, אויף דער צווייטער זייט שאָסיי, וואָס לויפט פון די בערג קיין תל־אָביב, הויבן זיך אַרויס צעקרישלטע ווענט פון דער היסטאָרישער אַנטיפּאַטרוס־פעסטונג, וואָס שטייט ווי אַן עדות, אַז אויך אַמאָל איז דאָ געווען אַ הויפּטוועג, וואָס האָט פאַרבונדן איין טייל לאַנד מיטן צווייטן.

דאָ אויף דער ערד האָט זיך געשפּרייט טויזנט־יעריקע וויסטקייט, וואָס איז איצט באַלעבט געוואָרן צוריק דורך יידישע הענט.

מיין הויז איז דאָס לעצטע און שטייט מיטן פּנים צום פעלד. די ערד ליגט איצט פאַראַקערט און שוואַרץ פון פעטקייט און ברכה, וואָס זי טראָגט פאַר די, וואָס באַאַרבעטען זי מיט איבערגעגעבנקייט און מיט ליבשאַפט.

און אין האַרבסטיקן טאָג מישט זיך אויס דער טראַקטאָר־גערויש פון די פעלאַכן, וואָס גרייטן צו דעם אַרומיקן גרויסן שטח צום האַרבסטיקן פאַרזייי, — מיטן גערויש און האַמער־געקלאַפּעריי פון די בויערס, וואָס שטעלן אויף גרויסע און באַקוועמע וווינונגען פאַר די חברים פון קיבוץ.

* * *

ווען איך בין מיט עטלעכע חדשים צוריק אַריבער אויף אונדזער נייער זידלונג, אין די באַקוועמע וווינונגען, וואָס מען האָט אויפגעשטעלט פאַר אונדז, איז פונקט יענער מאָנאַט געוואָרן צוואַנציק יאָר, ווי איך האָב מיין טראָט אַראָפּגעשטעלט אין פּאָרט פון יפו. דער רעש פון די אַרומ־שמייענדיקע אַראַבער אין די ברייטע פּלודערן מיט פאַרוואַקסענע פּנימער

ווי ביי גזלנים, וואָס האָבן געריסן די פּעקלעך פון די הענט, האָבן אין ערשטן מאָמענט געמאַכט אויף מיר אַ שווערן איינדרוק. אָבער ווי איך האָב פאַרלאָזן הינטער זיך דעם יפוער פּאָרט מיט די שמאָלע, געדרייטע, אַראַבישע געסעלעך האָט זיך מיין געמיט אויסגעליכטיקט און אַריינקומענ־דיק אין תל־אביב בין איך צוגעפאַלן צום ערשטן יידישן מויער און אים אַ קוש געטאָן.

גלייך נאָך דעם בין איך אַוועק אין קיבוץ גבעת־השלשה, וווּ איך בין אַ מיטגליד ביז היינט. דאָרט אין קיבוץ, האָט איך געקראָגן אַ קליין ברעטלנעם צימערל מיט אַ בלעכענעם דאַך. ווינטער האָט דער קלענסטער רעגן געפּויקט אויף מיין דאַך, ווי עמיץ וואָלט מיר אויף אים געהאָגלט מיט שווערע שטיינער, און זומער, איז דאָס צימערל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ באַקאויוון. די זון פלעגט אָנברענען דעם גראָבן צינקענעם בלעך פון אויבן און די דינע ברעטעלעך פון די זייטן, אַזוי, אַז פאַר האַלבע נאַכט פלעגט מען אינעווייניק נישט קענען אַריינגיין.

אינעווייניק אין צריף איז געשטאַנען אַן אייזערן בעטל מיט אַן אָנגעשטאָפּטן שטרויזאַק, אַ פינפער נאַפטעמפּל, און דאָס איז געווען אַלץ. ניט קיין טישל, ניט קיין בענקל. דאָס פלעגן זיך שוין די חברה דאַרפן אַליין „אַראַנזשירן״, אַ בלעך פון נאַפט אָנשטאָט אַ בענקל און אַ הילצערן קעסטל פלעגט דינען פאַר אַ טישל. אָבער אויך צו דעם „לוקסוס״ האָבן נישט אַלע חברים געקענט דערגרייכן.

פאַרטאָג פלעגן מיר אַ בינטל חלוצים לויפן, אין זאַמדיקן באָדן, צו די פּרדסים, וווּ מיר האָבן געאַרבעט, אַ זעקס־זיבן קילאָמעטער פון קיבוץ. אין איין האַנט אַ געפלאָכטן קערבעלע וווּ ס׳איז געלעגן דאָס עסן אויפן גאַנצן טאָג: אַ לעבל ברויט, אַ הערינג, און אַמאָל אויך אַ קריגעלע „לפת״, אַזאַ פּרוכט־זופּ אויף צו שטילן דעם דורשט. אין דער צווייטער האַנט איז געווען די טוריע, מיט וועלכער מיר פלעגן אַ גאַנצן זומערדיקן טאָג זיין איבערגעבויגן איבערן באָדן, אויסהאַקן גראָזן, מאַכן גריבער און שלינגען דעם ערדישן שטויב צונויפגעמישט צוזאַמען מיט אונדזער שווייס. איבער אונדז איז געשטאַנען אַ משגיח און אַכטונג געגעבן, אַז

דער שווייס זאָל חלילה ניט פאַרטריקענען און דער שטויב פון געזיכט זאָל ניט ווערן אָפּגעווישט, ווייל יעדע מינוט איז אַ שאָד; ער צאָלט דאָך געלט און דאָס געלט איז געווען צוואַנציק פּיאַסטער אַ טאָג, בערך אַ האַלבער דאָלער.

און דאָך פלעגט מען זיך אין די אָוונטן אויפזאַמלען אין הילצערנעם באַראַק, מידע, פאַרברענטע פון זון און פון ווינטן, אָבער מיט אַ גאַנצקייט אין האַרץ, מיט אַ וויסן, אַז מיר בויען דאָס לאַנד, אַז מיר גייען צו אַ ליכטיקן ציל. פלעגט זיך טאַקע ניט איין מאָל, נאָכן מאָגערן מאָלצייט, צעפלאַקערן אַ הייסער, פלאַם־פייערדיקער טאַנץ, און אַמאָל טאַקע ביז סאַמע אין פאַרטאָג אַריין. ביז דער גלאָק פלעגט רופן צוריק צום נייעם טאָג און צו דער שווערער אַרבעט. און כאָטש נישט אויסגעשלאָפן, פלעגט דאָך די אַרבעט גרינג זיין, ווייל דער וועג אונדזערער איז געווען קלאָר און אָנגעצייכנט. דער ליכטיקער גאַנג האָט גרינג געמאַכט די מידקייט און אָנגעפילט מיט פרייד אונדזער האַרץ און אונדזער בלוט.

איצט נאָך אַ מהלך פון צוואַנציק יאָר, וואָס מיר חלוצים זענען אדורכגעגאַנגען, ווייס איך נישט צי מיין האַרץ זאָל זיך פרייען אָדער באַדויערן.

אונדזערע הייזער זענען איצט געמויערטע פון בעטאָן און פון שטיין, געפּלאַנירט פון אינזשינערן און געבויט דורך די בעסטע בעלי מלאכות. יעדע משפחה האָט אירע צוויי צימערן מיט טעראַסעס פון צפון און פון דרום, מיט באַקוועמלעכקייטן, מיט וואַסער וואַרעמע און קאַלטע. מיט טישן און שטולן און מיט געבעטע פאָטעלן, מיט שראַנקען אויף זאַכן און מיט שראַנקען אויף ביכער. מיט ראַדיאָ. אונדז פעלט נאָר טעלעוויזיע...

מיר לויפן שוין נישט צו דער אַרבעט ביי יענעם, נייערט אונדזערע אויטאָמאָבילן פירן אונדז אַלע אין דער פרי אַוועק אויף די אייגענע פעלדער און פירן אונדז צוריק אויף מיטאָג. און נישט נאָר מיר אַרבעטן נישט ביי יענעם, נאָר מיר באַשעפטיקן אויך טיילווייז געדונגענע אַרבעטער.

און אַז מיר קומען פון דער אַרבעט איז דאָ אַ קאַלטער טוש זיך אָפּ־צופרישן און אַ ווייכער פאָטעל זיך אָפּצורוען. איז דאָך גוט, דאָך עפּעס

ווי פון האַרצן איז אויסגערונען די גרויסע נבואה, וואָס מיר האָבן אין זיך געטראָגן. עפּעס ווי אויסגעטרוקנט, ווי איינגעשרומפּן איז געוואָרן די גרויסע אידייע, כאָטש, וואָס אַן אמת מיר טראָגן זי ווייטער אָבער עס פעלט שוין יענער ברען, יענע היץ, וואָס האָט אונדז פון דאָס ניי יעדעס מאָל געלייטערט. מען טאַנצט שוין נישט, אין אַ פּראָסטן מיטוואָך אוודאי נישט, נאָר אויך נישט אין די יום־טוב טעג, ווען מען איז אויסגערוט. קענטיק נישטאָ שוין יענע פרייד, וואָס האָט געמאַכט גרינג די פיס. נאָכן עסן אין אַלגעמיינעם עסצימער גייט יעדער אַוועק צו זיך אין די צימערן, ווערט אַ יחיד. דער גאַנצער כלל ווערט עפּעס ווי יחידים, עפּעס ווי נישטאָ שוין, חלילה, וואָס זאָל אונדז פאַראייניקן.

אויך די ווייבער טראַכטן מער ווי באַקוועמער אויסצופּוצן די צימערן, די זעלבע חלוצות, וואָס מיט אַ פּופצן־צוואַנציק יאָר צוריק האָבן זיך געוואָרפן צו די שווערסטע אַרבעטן און נישט אָפּגעשטאַנען פון די חברים אויך ביינאַכט, נאָר גלייך מיט זיי געשטאַנען אויף דער וואַך מיט אַ שווערן פאַרוואָרפענעם ביקס אויפן אַקסל, אויך די חלוצות פון נעכטן זענען איצט אַנדערש.

אין די קינדער אונדזערע איז שוין נישטאָ דער ברען און גרויסער דראַנג פון חלוציות, ווי ס'איז געווען ביי זייערע טאַטעס אין זייער עלטער.

איז דער סך־הכל כאילו אַביסל אַ טרויעריקער. אָבער דאָך, ווייס איך, אַז אונטער דעם אַלעמען, טליען נאָך גרויסע כוחות, וואָס וועלן ווונדער אויפטאָן כאָטש — און אפשר דערפאַר — ווייל ס'איז געוואָרן אַביסל באַקוועמער צו לעבן.

## ציפּרעסן

די נעכט, די קורצע, קילע זומערדיקע נעכט, פאַרמאָגן אין זיך די ווונדערלעכע רפואה צום קענען אָפּפרישן, די פאַרמאַטערטע ביינער באַנייען מיט כוח, כדי אויף מאָרגן פרי אויפשטיין צוריק אַ מונטערער צו דער שווערער מי, וואָס וואַרט אויף דיר אין פעלד, אין גאָרטן.

פאַר טאָג צו דער אַרבעט.

דער פרימאָרגן ליגט קיל אויף די פעלדער, באַצויגן מיט אַ פינקלדיקן טוי, ווי מיט אַ דינעם, ברילאַנטענעם ליילעך, — וואָס שעמערירט מיט אַלערליי רעגנבויגן — קאָלירן אין די פריע, באַגינענדיקע זון־שטראַלן.

לייכט שפּאַנט מיין טראָט אויף דער האַרטער אויסגעטראָטענער סטעזשקע, וועלכע פירט דורך די אָפענע פעלדער צום פּרדס.

דער גערשטן שטייט געבערדלט און טרוקן. די יונגע קוקורוזע רוישט מיט די גרינע בלעטער אין שטילן ווינטל און כוואַליעט, ווי אַ טייך. די באַנאַנע־ביימלעך באַוועגן קוים־קוים מיט זייערע גרויסע בלעטער, ווי מיט אומגעהייערע פעכערס.

די שלאַנקע ציפּריסביימער פאַרשטעלן פון אויג דעם פּרדס. זייערע קרוינען טוען זיך לייכט, לייכט באַוועגן, ווי זיי וואָלטן זיך געגריסט צו די אַפּעלסינען־ביימער וועלכע זיי רינגלען אַרום פון אַלע פיר זייטן, ווי געטרייע וועכטער. זיי פאַרהיטן דעם מאַראַנצן־סאָד פון בייזע ווינטן און שטורעמס וואָס טראָגן מיט זיך שאָדן אין די ווינטערטעג.

די פּרוכטביימער קוקן אויס אַזוי קליין און נעבעכדיק אַנטקעגן די הויך־צעוואַקסענע ציפּרעסן, וואָס די שפּיצן זייערע, פאַרשאַרפט ווי די שפּיזן, שטעכן זיך אַריין אין הימל.

מיט יאָרן צוריק האָט מען זיי דאָ איינגעפלאַנצט, ביים ראַנד פון מאַראַנצן־סאָד. קליינע ריטלעך זענען זיי דאַן געווען. ס'איז געווען לעכערלעך צו טראַכטן, אַז די ריטלעך וועלן עס זיין די ווינטברעכער, ווי די כוואַליע־ברעכער אין פּאָרט.

היינט אין די פרימאָרגנס פאַררייס איך מיין קאָפּ מיט פאַרגעניגן צו זייער פּופּצן־מעטערדיקער הויך.

# אין פרדס

אַ גאַנצן טאָג איז די לופט געווען אָנגעפילט מיט חמסין־נעפּל, די זון איז געהאנגען אַ רויטע און אַ פאַרשטויבטע. פאַרנאַכט האָט זיך דורכגעטראָגן אַ ווינט פון ים, צעטריבן דעם הייסן שטיקנדיקן נעפּל און אָפּגעפרישט מחיהדיק דעם דרויסן, וואָס איז געלעגן און געפּאַרעט אַ גאַנצן טאָג.

האַסטיק זענען אָנגעקומען די חמסין־היצן. כאָטש ס׳איז נאָך פאַר פּסח, ערשט נעכטן־אייערנעכטן האָט געדונערט, געגאָסן מיט צעבערס רעגן, די קעלט האָט דורכגענומען ביז אין די ביינער אַריין און היינט איז הייס, כאָטש נעם און טו אויס אַפילו די רובאַשקע.

דערפאַר האָב איך נאָך דער אַרבעט זיך נישט געאיילט אוועקגיין פון מאַראַנצן־סאַד, וואָס האָט געאָטעמט מיט קילקייט. ווען אַלע האָבן אַוועקגעלייגט די אַרבעט בין איך נאָך געבליבן אַליין.

דער פּרדס איז געשטאַנען אַ קילער און אַ טונקעלער, די בוימער האָבן שוין ווידער אָנגעהויבן אויפגיין, עס האָבן זיך שוין באַוויזן שטייפע קנאָספּן אויף די צווייגן, נאָך עטלעכע וואַרעמע טעג, וועלן די קנאָספּן געשוואָלן ווערן און אויפפּלאַצן און זיך צעעפענען אין ווייסע בליטן און די בליטן וועלן עס ברענגען די קומענדיקע מאַראַנצן. די היינטיק־יעריקע פּרוכט האָט מען שוין אַראָפּגענומען, נאָר וווּ נישט וווּ רויטלט זיך אַ פאַרגעסענער מאַראַנץ אויף אַ קרוין פון אַ בוים.

אַ שטילקייט האָט מיך אַרומגענומען, די ערד איז נאָך געלעגן פייכט פון די רעגנדיקע טעג און מיין טריט איז ווי אַ שטעמפּל געבליבן אָפּגעדריקט אין געלן זאַמד. ווען כ׳בין געגאַנגען צווישן די שורות בוימער פאַרטראַכט אין אַ באַקאַנט ליד, וואָס איז פּלוצים מיר אַרויפגעשוווּמען אויפן זכרון. אַ ליד, וואָס האָט נישט געהאַט קיין שום צוזאַמענהאַנג מיט מיין איצטיקן שפּאַציר, נאָר ווי עס טרעפט האָט עס מיך נישט אָפּגעלאָזן און די ווערטער האָבן פון זיך אַליין געשוועבט אויף מיינע ליפּן. אַ פויגל האָט געטרילערט איבער מיין קאָפּ, אַ טורקלטויב האָט אַ פלאַטער געטאָן

פֿאַרביי נאָענט, נאָענט און זיך איבערגערופֿן מיט אַ צווייטן; פֿון אַ גרויסער נאָרע אונטער אַ בוים, איז אַרויסגעלאָפֿן אַ ברוינער שאַקאַל, האָט זיך אַ וואַקל געטאָן, ווען ער האָט מיך דערזען און באַלד זיך געלאָזן לויפֿן אין די הויכע גראָזן, וואָס זענען דאָ געוואַקסן דורכן ווינטער, געלאָפֿן און איז פֿאַרשוווּנדן מיר פֿון אויג.

איך בין געבליבן אַליין, די גרינע צעשפּרייטע צווייגן האָבן מיך איבערגעדעקט, ווי מיט אַ דאַך און זאָט פֿון מידקייט האָב איך זיך אָוועקגעזעצט צופֿוסנס פֿון אַ בוים און געבענטשט די רו, וואָס קומט מיטן אָוונט.

## נאָך דער אַרבעט

אָוונט. די מידקייט פֿון הייסן טאָג ליגט אין אַלע מיינע גלידער, וועלכע זענען איצט שווער ווי בליי. איך ליג אויפֿן גראָזטעפּיך נעבן מיין שטוב און ס'איז גוט אַזוי צו ליגן און לאָזן זיך גלעטן פֿון קילן מילדן אָוונטווינט, וואָס וויל דיך איצט פֿאַרגיטיקן פֿאַרן פּלאָמיקן, זומערדיקן טאָג, וואָס האָט אויף דיר געאָטעמט, ווי פֿון אַ קאַלכאויוון.

איך ליג אויפֿן גראָז און בין זאָט מיט מידקייט, וואָס פּילט מיר אויס אין גאַנצן און גיסט זיך נאָך אַריבער די ברעגן. לייכט שווימט איבער מיר דער אָוונט. ס'דערטראָגן זיך אָפּגעריסענע רייד פֿון דער נאָענטער מחנה פֿאַר יוגנטלעכע סעמינאַריסטן, וואָס האָט זיך דאָ געעפֿנט אין צייט פֿון זומער־חופֿש. דער ווינט ברענגט שטיקלעך טענער פֿון אַ מויל־האַרמאָשקע, וואָס צעגייט זיך אין אָוונט איבער פֿליין און היגל. דורך אַן אָפֿענעם פֿענצטער רעדט אַרויס אַ ראַדיאָ און גיט איבער נייעס פֿון דער גאַרער וועלט. פֿייגעלעך ציפּצאָפּן אין נאָענטן געדיכט באַבלעטערטן בוים, ערב דעם שלאָפֿן גיין.

דאָ איז איצט דאָרפֿיש־שטיל און רויִק. דער הימל איבער מיר איז הויך, כאָטש די זון איז שוין פֿאַרגאַנגען, ערגעץ אין תּל־אביבער ים אַריין, דאָך איז דער הימל נאָך ליכטיק בלוי, אַדורכגעזוימט מיט ראָזע וואָלקנדלעך

ביי די ברעגן, וואָס שווימען אָפּ ווי פּאַפּירענע שיפֿן און וועבן זיך אויס ווי רויך אין דער לופֿטן.

איך אָטעם אַריין דעם פֿרישן ריח פֿון הויכן גראָז, וואָס איז שוין לאַנג נישט געשניטן געוואָרן. באַהאַלט מיין געזיכט אין סאַמעטענעם גרינס און פֿיל, ווי די מידקייט וועבט זיך אויס פֿון מיר, גייט אַרויס און לאָזט צוריק איבער מיין גוף אַן אָפּגעפֿרישטן און געשטאַרקטן.

## אַ שמעטערלינג

אַ פּלאַטערל, אַ שמעטערלינג איז אַריינגעפֿלויגן צו מיר דורכן אָפֿענעם פֿענצטער, זיך אַנגעשטויסן בלינד אָן די הילצערנע ווענט פֿון מיין קליינעם צימערל; דורשטיק צוגעפֿאַלן צום עלעקטרישן לאָמפּ, געמאַכט עטלעכע רונדע קרייזן און ווידער זיך אַנגעשטויסן אין וואַנט. אַ פֿלי אַרויף געטאָן צום סופֿיט מיט די דינע האַריקע פֿליגעלעך, וואָס האָבן אָן אויפֿהער זיך געהאַלטן אין באַוועגן.

דער שמעטערלינג, אַ ברוינער, מיט צוויי פֿיינע ברייטע, העל־ברוינע הערנער (טאַפּערס) אויף זיין האָריקן קאָפּ, די פֿליגעלעך געפֿלעקט מיט ווייסע פּינטעלעך זענען מיד געוואָרן צו פֿאָכען, האָט ער זיך אַוועק־געשטעלט אויף דער האַנט זיך אָפּרוען. ער איז געבליבן שטיין, פֿאַר־גליווערט, ווי נישט ער וואָלט עס מיט עטלעכע מינוטן פֿריער אַזוי שטורמיש אַרומגעפּלאַטערט איבער מיין צימער.

איך זיץ איצט ביי מיין קליין שרייב־טישל און לייען, אָבער איך ווייס נישט, פֿאַרוואָס האָט דאָס פּלאַטערל אַזוי צוגעצויגן מיין אויפֿמערק־זאַמקייט? איך קען נישט אָפּרייסן מיין בליק פֿון ברוינעם שמעטערלינג, וואָס שטייט אָן באַוועגונג מיט האַלב צעשפּרייטע פֿליגעלעך, ווי צוגעקלעפּט צום וואַנט. צעשווומען איז מיר געוואָרן דער אינהאַלט פֿון בוך, צונויפֿגע־גאָסן געוואָרן די שורות און אותיות, איך זע אַלץ און זע גאָרנישט.

ווייטע טעג דערמאָנט עס מיר דאָס פּלאַטערל, ווייטע טעג פֿון יענע קינדער־יאָרן, ווען איך פֿלעג זיך שכור פֿון פֿריילינג אַרומיאָגן נאָך זיי, די

שמעטערלינגען. נעבן אונדזער פענצטער איז געוואַקסן אַ קליינער בלומען־גאָרטן און דאָרט פלעגן זיי פלאַטערן מיט פליגעלעך פון זעלבן בלומען־קאָליר. און ווען אַזאַ פליגעלע פלעגט זיך אַוועקשטעלן אויף אַ בלומען־בעכערל איז שווער געווען צו אונטערשיידן, ווו עס ענדיקט זיך די בלום און ווו עס הויבט זיך אָן דער שמעטערלינג...

## שפּעט אין נאַכט

אַמאָל שפּעט אין נאַכט, ווען אַלע שלאָפן, נאָר די גריל אין וואַנט און די זשאַבע אין זומפּ שלאָפט נישט — ווען איך זיץ פאַרבויגן איבער העפט און בוך, דער גוף איז מיד, ציט צום שלאָפן נאָך אַ טאָג שווערער אַרבעט אין פעלד אין ברען פון תמוז־טאָג, נאָר די נשמה איז וואַך, ראַנגלט זיך מיטן מידן גוף, קלאַמערט זיך אָן בוך, ווי זי וואָלט געזוכט אַ טרייסט ביי אים און שטאַרקונג; ווען פון די מידע חושים שרייט אַרויס דער זאָג פון אונדזערע באַרימטע חכמים: „לא על הלחם לבדו יחיה האדם" — דאַן פאַרשטיי איך דאָס מעשהלע וואָס ווערט דערציילט וועגן ווילנער גאון, אַז ער פלעגט דורך די נעכט ביים לערנען האַלטן די פיס אין אַ שיסל אייז קאַלט וואַסער, כדי נישט אַנטשלאָפן צו ווערן.

יאָ, מען דאַרף האָבן אַ כוח פון ווילנער גאון כדי זיך צו קענען ראַנגלען מיט דער מידקייט וואָס באַפאַלט מיך דורך די נעכט ווען איך וויל עפּעס טאָן פאַר דער נשמה... אָבער דער כוח איז נישטאָ, מען גיט נאָך דעם יוצר, און מען ווערט אַזוי אַנטשלאָפן, מיטן קאָפּ אויפן טיש. און אַז איך כאַפּ זיך אויף איז שוין טאָג. די גרויסע פענצטער ליכטיקן שוין.

איך הויב זיך אויף צעבראָכן און נישט אויסגעשלאָפן. שטעק אַרונטער דעם קאָפּ אונטערן אייז־קאַלטן קראַן־וואַסער און פריש זיך אָפּ. שלעפּנדיק אויף זיך די קליידער, ווייס איך אַז איך האָב ווייטער גאָרנישט געטאָן, און אַ שווערער אומעט באַפאַלט מיך, פאַר טעג וואָס גייען אַוועק אָן תורה.

נאָר אין פעלד ביי דער אַרבעט ווער איך צוריק אָפּגעפרישט און אויפגעמונטערט. די אַרבעט שטאַרקט מיך און דורך דער אַרבעט געפין איך אַ טרייסט.

## שבת

שבת. זומער־בייטאָג. געטשוויטשער פון די פייגעלעך דערטראָגט זיך צו מיר דורכן אָפּענעם פענצטער. ווען מיין אויג קוקט אין דרויסן זע איך רויטע דעכער, וואָס טובלען זיך אין גרינס. די פּליינען פון שרון זענען ברייט און הויך און ליגן אַרויסגעהויבן ווי אויף דער דלאָניע.

קליינע בערגעלעך, זאַמדיק־ברוינע, ווי פּליכעס קוקן אַרויס פון דער אָרומיקער גרינקייט, וועלכע פאַרדעקט ברייטע און ווייטע שטחים.

עס דוכט: אויך די פעלדער רוען אין שבתדיקן טאָג. ערגעץ ווייט, ווי אַ מוראַשקעלע, קלעטערט אַ טראַקטאָר, ווערט פאַרלאָרן אין גרינעם אַרום און זיין ווייטער גערויש שטערט די שטילקייט אין וועלכע די פעלדער ליגן פאַרוויגט.

דער הימל איז בלוי, דורכזיכטיק און הויך. כאָטש אין דרויסן איז די חמימה גרויס, דאָך בלאָזט מיט קילקייט דער ווינט, וואָס קומט צו מיר אַריין און איז גאָר אַן אָנגעלייגטער גאַסט.

אויפן טיש, ווי שטענדיק, אַ בוך, אַ בלאַט, אַ נישט־דערשריבן העפט, אַ בלומען־בעכער, אַן עלעקטרישער לאָמפּ און מיין פעדער, וואָס פאַרצייכנט אויפן פּאַפּיר קליינע, דראָבנע שורה׳לעך אין יידיש וואָס איך וואַרף אָן אייליק אויפן פּאַפּיר.

דאָס וואָס אין משך פון דער וואָך האָט זיך געקנוילט אין האַרץ און צוליב פאַרנומענקייט און מידקייטן, צוליב פאַרשלונגענקייט אין דער טאָג־טעגלעכער פיזישער מי, — איז עס געבליבן שטעקן אין געמיט, רייסט זיך אין שבתדיקן טאָג אַרויס אויף דער פריי.

דורכן אָפּענעם פענצטער זע איך: דער דרויסן גליווערט אין שבת־דיקער שטילקייט. נישט קיין פויגל אין דער הויך, נישט קיין הונט לויפט אַדורך, נאָר די חמימה פון טאָג שפּרייט זיך, פילט אויס, פעלד און פליין, טאָל און היגל.

אברהם לעוו

## שאַקאַלן־געוויין

ביינאַכט דערטראָגט זיך אַהער דער געוויין פון די שאַקאַלן. אַ דינער געוויין, ווי פון קינדער. דער יאָמער קומט פון די נאָענטע מאַראַנצן־סעדער, ווו זיי ליגן דאָרט באַהאַלטן בייטאָג אין זייערע טיפע נאָרעס.

הויבן הויבט אָן איינער און עס העלפן אים באַלד מיט זיינע ברידער. עס צעשפּילט זיך אַ גאַנצע קאַפּעלע הונגעריקע שאַקאַלן. עס וויינט פון זיי אַרויס טאָפּעלער הונגער — נאָך שפּייז און נאָך ליבע...

טרעפט, אַז עס ברעכט אויס פלוצים אין מיטן דער נאַכט אַזאַ ווילדער געוואָי, אַז די האָר שטעלן זיך קאַפּויער. די דאָזיקע יללה שרעקט איבער די הינט אין די בודעס. פון שרעק און פון כעס צעבילן זיך די הינט אויף פאַרשיידענע טענער און עס מישט זיך אויס דער שאַקאַלן־געוויין און די געהאַווקעריי פון די הינט אין איין גרויליקן געשאַל.

אין אָט די לבנהדיקע נעכט איז מיר גוט אַרומצוגיין צווישן די שלאָפנדיקע ווייסע שטיבעלעך און זיך צוהערן צום יאָמערדיקן געוואָי פון די שאַקאַלן. עפּעס צעטרייסלט עס מיך פון מיין זאַטער רויִקייט אין וועלכער איך האָב זיך דאָ איינגעשלאָסן. עס דערמאָנט מיך אָן די עלנטע און די היימלאָזע, אָן די הונגעריקע און דאַכלאָזע וואָס געפינען זיך אַלעמאָל ביים ראַנד פון דער געזעלשאַפט.

און איך פאָדער ביי זיך חשבון: וואָס טוסטו פאַר זיי? מיט וואָס העלפסטו זיי?

אויף דעם ענטפערט מיר אָפּ אַ נאָך שאַרפערער, אַ נאָך האַרצרייסנדי־קער שאַקאַלן־געיאָמער...

## מיין צימער

ווען איך ווער מיד פון רעש, וואָס טראָגט זיך אין חדר־האכל, וואָס רוישט תמיד מיט הונדערטער חברים און געסט, וואָס קומען אויף אַ ווייל און אַמאָל מער ווי אויף אַ ווייל, גיי איך אַוועק אין מיין קליין אויס־

געווייסט צימער מיט די אַראָפּגעלאָזטע גאַרדינען, וואָס שטייט ביים סוף פון ישוב, ביים דראָט־געפלאָכטענעם פּלויט און אין שאָטן פון די הויכע גראַווילייעס, וואָס בליען מיט אַזאַ ווונדערבאַרער געלער גרייפּלענדיקער בליונג. איך בין פאַרליבט אין מיין צימער און אייפערזיכטיק איבער אים, ווי איבער אַ פרוי און נישט שטענדיק בין איך צופרידן ווען עמיצער אַנדערש טרעט אַריבער זיין שוועל, ווייל דאָס איז מיין קדשי־קדושים, ווו איך קען אַנטלויפן, ווען איך וויל זיין מיט זיך אַליין, ווען איך וויל, אַז אַ פרעמד אויג זאָל מיך נישט באַמערקן, ווען איך בענק נאָך אַביסל איינזאַמקייט...

דער מענטש אין קיבוץ לעבט אין שטענדיקן רעש, אין שטענדיקן הו־האַ אַזוי ווי אין אַ בינשטאָק, צי דאָס איז ביים עסן אָדער גאָר אין מקלחת. אַמאָל אין די יונגערע יאָרן האָט מען עס נישט געפילט, יוגנט האָט ליב געזעלשאַפט, אָבער מיט יאָרן קומט די מידקייט און עס בענקט זיך נאָך רו. און ווי געוויינלעך, ווו מענטשן זענען שטענדיק צוזאַמען, צעוואַקסן זיך רכילות און פּליאָטקעלעך און ווערטער, וואָס וואָלטן נישט געדאַרפט אַרויסגעזאָגט ווערן און ווערן דאָך אַרויסגעזאָגט, און אויך ביי אונדז טרעפן אַזעלכע זאַכן, אפשר זעלטענער, אָבער דאָך טרעפט.

דעריבער ווערט מיר מיין צימער טייער, ווי אַ מקלט, ווי אַן אָרט, ווו מען קען אַנטרונען ווערן, ווען מען ווערט זאַט, שוין צו זאַט פון שטענדיקן טומל, ווען עס ווילט זיך זיין מיט זיך אַליין, מיט די אייגענע טראַכטונגען, ווען מיד פון דעם אַרום ווילט זיך פאַרטיפן אין אַ בוך, זיך איינהערן צום אייגענעם געמיט.

מיין צימער איז נישט גרויס און דאָך גענוג גרוים, ווייל ער איז נישט אָנגעשטעלט מיט קיין מעבל און מיט קיין אַנדערע באַפּוצונגען; אויף די ווענט הענגט ביי מיר נישט קיין בילד, איך האָב נישט ליב צו זען פאַר די אויגן שטענדיק די זעלבע צייכנונג, פּונקט ווי מען האָט נישט ליב צו לייענען שטענדיק דאָס זעלבע בוך און טאָמער פאַרבענק איך זיך נאָך אַ פּייזאַזש, קוק איך אַרויס דורך מיין פענצטער און זע פאַר זיך דעם גאַנצן שרון, וואָס ציט זיך אויף צענדליקער קילאָמעטער ביזן ים, ווייל

די לופט איז קלאָר, דורכזיכטיק און מיין צימער איז אויף אַ הויך אָרט און מען קען זען אין ווייטע ווייטקייטן.

איך בין אין ספק צי דער גרעסטער פּייזאַזשן־מאָלער קען אויסמאָלן אַזאַ װוּנדערבאַרע לאַנדשאַפט, ווי איך זע דורך מיין פענצטער. ווייטע שטחים פון פאַרשיידענע קאָלירן, וואָס ציען זיך פון ליכטיק־העלע ביז טיף־גרין. די העלע זענען פעלדער און די גרינע זענען בוימער און אַלץ איז באַגאָסן מיט זון. ווו נישט ווו הויבט זיך אַרויס פון גרינס אַ ווייס הייזל, עס לאָזט זיך קוים באַמערקן ווי אַ דין שנירעלע, אַן אויסגעטראָטן וועגל און אַזוי ציט זיך עס אַוועק העט ווייט ביזן האָריזאָנט אַריין, דאָרט, ווו ס׳קושט זיך דער הימל מיט דער ערד, נאָר נישט די ערד ווערט געקושט פון הימל נאָר דער ים, ווייל דער בלוי־גרינער פּאַס, צו וועלכן דער הימל לאָזט זיך אַראָפּ איז דער ים. ווייל טיף בלוי־גרין איז דער ים און מען קען אים אַפילו פון ווייטן אונטערשיידן פון דער העלער הימל־בלויקייט.

נו, קען מען אַזאַ פּאַנאָראַמע אויסמאָלן? קען מען אַזאַ פּייזאַזש אויפהענגען אין צימער? דעריבער איז דאָס איינציקע בילד, וואָס הענגט אין מיין חדר, דאָס פענצטער...

## אויף אָפּרו

זייענדיק געוווינט טאָג־טעגלעך — אין משך פון יאָרן — אויפ־צושטיין צו דער מי, טאָג־טעגלעך גיין אין שפּאַן פון דער אַרבעט און דיין צייט איז אויסגערעכנט; קומענדיק פון פעלד און נאָכן אַרומוואַשן זיך, האָסטו דיינע באַשטימטע שעהן, וואָס זענען הייליק פאַרן קינד. און נאָכן אָוונט־ברויט פאַרשיידענע ענינים צו דערליידיקן וועגן דער אַרבעט, אָפט אַ זיצונג, אָדער אַ פאַרזאַמלונג וועגן לויפנדיקע ענינים. דערנאָך שפּעט־נאַכט, אַז האָסט שוין אַלץ דערליידיקט און קומסט צו זיך אין צימער, ציט זיך דיין האַנט, פון זיך אַליין, צום בוך און דיין גוף — צום בעט און די מידע אויגן פאַרמאַכן זיך פון זיך אַליין; דער מוח איז שוין נישט

מסוגל אויפצונעמען אַפילו איין געדרוקטע שורה און ער איז פאַרוויקלט אין נעפּל און וויל שלאָפן, שלאָפן... ווייל דיין גוף איז זאַט מיט מידקייט, ווייל דיין טאָג איז געווען פול און אויסגעפילט און איבערגעפולט מיט יאָך פון אַרבעט, מיט ליבשאַפט צו קינד און היים, מיט לויפנדיקע ענינים פון קיבוץ וואָס מוזן אָפּגעטאָן ווערן.

דעריבער, אַז ס׳קומט אַ טאָג און מען גיט דיך אַ צי אַרויס פון דעם אַלעמען, פון אַרבעט, פון קיבוץ, פון דער משפּחה, פון אַלע גרויסע און קליינע זאַכן, וואָס האָבן אויסגעפילט דיין ערלעכן טאָג, — בלייבסטו פּלוצים שטיין, ווי אין אַ פּוסטן רוים, ווי דו וואָלסט אָנגעוואָרן דיין גלייכגעוויכט און עפּעס אין אַט דער לײדיקער צייט פאַרפעלט דיר אָטעם, פאַרפעלט דיר לופט. גייסט אַרום ווי אין הינערפּלעט, האָסט זיך נישט אין וואָס אָנצוכאַפּן. אַפילו דאָס בוך, וואָס פלעגסט עס אַזוי גערן לייענען אין דער ווייניקער צייט נאָך דער אַרבעט, און זיך קוויקן מיט דעם, איז איצט אין די סך־צייט, וואָס דו פאַרמאָגסט, פילסטו אין אים קיין טעם נישט.

אַזאַ געפיל האָב איך איצט, ווען נאָך יאָרן אַרבעט האָט מען מיך געשיקט אויף אָפּרו קיין צפת.

מיטאַמאָל בין איך אַריינגעפאַלן אין אַזאַ אָרט, ווו דער קולט איז נישט די אַרבעט — נאָר דאָס עסן. נישט די מידקייט, נאָר די רו, דאָס ליידיק־גיין, דאָס אָפּגעבן זיך מיט גוף־זאַכן און די טייערע צייט צערינט אַדורך די פינגער...

## פון אַ בריוו

...גלייך ווי דו ביסט אַרויס פון שטוב און פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר, האָב איך דערפילט ווי עפּעס וואָלט זיך אָפּגעריסן אין מיר. אַליין נישט געגלויבט, אַז אַזוי שטאַרק וועט מיר וויי טאָן דיין אַוועקגיין פון קיבוץ.

איצט שפעט אין דער נאַכט לעב איך איבער נאָך אַמאָל דאָס וואָס איז פאָרגעקומען מיט עטלעכע שעה צוריק. מיר קלינגט נאָך אין די אויערן דיין: „שלום" וואָס דו האָסט געזאָגט שטייענדיק שוין אין דער אָפענער טיר, און אין דרויסן האָט געוואַרט דער לאַסטאויטאָ מיט דיין בינטל זאַכן גרייט אָפּצופירן דיך אין שטאָט. איך בין געשטאַנען פאַר דיר עטוואָס געבויגן ווי אַ גרויסער פראַגע־צייכן:

— פאַרוואָס פאַרלאָזטו אונדז?

דיינע ברוינע אויגן, וואָס שטענדיק קוקט פון זיי אַרויס אַ ביסל פאַר־שייטע חוצפה און האַרטקייט — אפשר געמאַכטע — זענען איצט געווען ווייך און ווי פאַרצויגן מיט אַ דינעם טרערן־שיכט, ווי מיט אַ היטל:

„מיר איז שווער געווען צו באַשליסן: האָב איך אָבער באַשלאָסן גיי איך", — און דו ביסט אַוועק; מיט דיר אָבער איז אַוועק מיין רויקייט און מיין זיכערקייט אין דעם וועג וואָס איך האָב זיך אויסגעקליבן מיט צענדליקער יאָרן צוריק.

איצט צום ערשטן מאָל (נישט רעכענענדיק די יאָרן פון מיליטער־דינסט) שלאָפסטו אין דיין צימער ערגעץ אין אַ הויז, וואָס שטייט אויף איינער פון די גאַסן אין דער גרויסער שטאָט. און אפשר שלאָפסטו אויך נישט, נאָר דרייסט זיך פון זייט אויף זייט, אויף דיין בייעם געלעגער, אין גרויסע ספיקות אַנטקעגן דיין וועג וואָס דו האָסט זיך אויסדערוויילט.

און איך, דיין טאַטע, זיץ און גריבל זיך און זוך די סיבה, פאַרוואָס דיר איז ענג געוואָרן אונדזער גרויסע קיבוצישע היים, פאַרוואָס האָסטו עס פאַרלאָזט? וואָס האָט דערפירט צום לעצטן וואַקל, וואָס האָט אומגע־וואָרפן דיין גלויבן אין אונדזער וועג?

איך קאָן דיך גוט און ווייס, אַז נישט די שטאָט מיט אירע פאַר־געניגנס האָבן דיך געצויגן; נישט דיך האָט אַוועקגעשלעפּט דער ביליקער, אויבנאויפיקער, שרייאיקער שוים פון די קאַפייען און שפּילהייזער פון שטאָט. ביסט שטענדיק געווען דער ערשטער ביי דער אַרבעט און דער לעצטער פון דער אַרבעט; אין ברען פון זומערדיקן טאָג אויפן אַנגעגליטן טראַקטאָר; און נאָך דער אַרבעט האָב איך ליב געהאַט דיך טרעפן אין

דיין קליין צימערל אַרומגערינגלט מיט ביכער און איבערגעבויגן איבער דיין פּשוטן שרייב־טישל, וואָס דו האָסט אים אַליין צונויפגעקלאַפּט פון עטלעכע ברעטער. כ׳האָב ליב געהאַט — כלומרשט זיצנדיק פאַרטיפט אין אַ ביכל — קוקן אויף דיין דינעם יינגלשן פּראָפיל, אין וועלכן ס׳איז פאַראַן אַזוי פיל ערנסטקייט און אויסדרוק.

איצט ביסטו אַוועק פון דעם אַלעם, פון אונדז, פון קיבוץ ווו דו ביסט געבוירן און דערצויגן געוואָרן און די ערשטע צוויי צענדליק יאָר פון דיין לעבן דאָ איינגעזאַפּט און געשטאַלטיקט געוואָרן. איך ווייס, אַז דו האָסט ליב געהאַט אונדזער ערלעך־האַרעפּאַשנעם לעבן און געוואָלט שטאָלץ מיט דעם און דאָך האָט עס נישט אָפּגעהאַלטן דיך עס צו פאַרלאָזן.

איך ווייס, אַז נישט סתם אַזוי האָסטו עס געטאָן, נאָר ווי דיין שטייגער איז, גוט דורכטראַכטן יעדע זאַך, — בפרט דיין איצטיקן אַוועקגיין, — נאָר פאַר מיר איז פאַרהוילן דער לעצטער שטויס, וואָס האָט אומגעוואָרפן דיין גלויבן אין אונדזער וועג.

אוודאי איז אויך אונדזער קיבוצישער גוף נישט פריי פון פעלערן און טעותן. ס׳זענען דאָ עוולות, קליינע עוולות, אַ סך קלענערע, ווי די וואָס ווערן אָפּגעטאָן אויסערן קיבוץ, אָבער אויך אָט די קליינינקע, פּיצעמאָנצינקע פעלערן זענען ווי די מיקראָבן וואָס קאָנען צעפרעסן דעם געזונטסטן אָרגאַניזם, אויב ער איז נישט גענוג געשיצט און פאַרהאַרטע־וועט קעגן זיי. איז אפשר אויך מיין שולד פאַראַן אין דעם, וואָס איך האָב נישט געשטאַרקט דיין גלויבן אין אונדזער קאָמונע־לעבן, ווו דער עיקר ווערט אָפּגעהיט. נישטאָ ביי אונדז קיין פּראָבלעם פון רייכע און אָרעמע, פון שטאַרקע און שוואַכע, פון זאַטע קינדער און הונגעריקע קינדער; ביי אונדז זענען אַלע קינדער זאַט, אַלע לערנען. דאָס איז דאָך אין אונדזער לעבן אַזאַ געוויינלעכע און פאַרשטענדלעכע זאַך, אַז אַנדערש קאָן מען גאָרנישט באַנעמען.

איך ווייס, אַז נישט מיט קיין גרינגן געמיט ביסטו אַוועק, דאָס האָב איך דערקענט אין דעם אומעט, וואָס איז געווען אויסגעגאָסן אויף דיין

עטוואָס מאָגער געזיכט, אין דער נערוועזער אײַליקייט — וואָס איז דיר אַלעמאָל געווען פרעמד — ביים פאַרלאָזן אונדז.

איך ווייס, אַז עס האָבן דיר טיף ווײ געטאָן די לעצטע אינערלעכע רײסערייען און די שפּאַלטונג, וואָס האָט דיך אָפּגעריסן פון דײַנע שול־חברים מיט וועלכע דו האָסט זיך אויפגעהאָדעוועט פון קינדערהײט ביזן אַוועקגײן אין מיליטער. האָסט מיט אַ מאָל דערזען, אַז דער קיבוץ איז נישט פאַר אַלעמען אַן אָרט פון ערלעכער פעלדאַרבעט, נאָר פאַר אַ טייל איז עס אַ פעלד פאַר פּאָליטיק. אָבער אויב אַפילו עס האָט זיך דיר אַזוי אויסגעדוכט, ווי דו האָסט עס מיר אַמאָל דערקלערט, איז אויך אַ שאָד, וואָס דאָס האָט פון דיר פאַרשטעלט דאָס גרויסע ליכט, וואָס שפּאַרט פון די קיבוצים. אוודאי זענען דאָ אומגעוווּנטשענע זאַכן אין אונדזער געזעלשאַפט. אָבער כ׳האָב געטראָגן אין זיך אַ גרויסן חלום, אַז דאָס וואָס מיר האָבן נישט פאַרפולקאָמט אין אונדזער לעבן, אַז דאָ ווו מיר האָבן געגרײזט אין אונדזער גאַנג, וועט דער יונגער דור פאַרריכטן; אַז ער וועט אויסרייניקן, וואָס עס דאַרף אויסגערייניקט ווערן און וועט לערנען פון אונדזערע פעלערן...

ביסטו אַוועק, און מיט דיר איז אַוועק אָט די האָפענונג. אָן דיר בין איך געבליבן שטיין, ווי אַ בוים אין ווינט, וואָס מען האָט דעם גרעסטן וואָרצל זײַנעם פון דער ערד אַרויסגעריסן. נאָך דײַן אַוועקגײן איז מײַן גאַנג, דאָ אויף דעם באָדן — געוואָרן וואַקלדיק, נישט זיכער, כאָטש העכער צוויי־און־צוואַנציק יאָר האָב איך דאָ געאַרבעט. דאָ ביסטו געבוירן געוואָרן מיט דײַנע צוויי קלענערע ברידער, אין אַלץ וואָס דאָ איז האָב איך אַ חלק, מיטגעהאָלפן בויען, און אומעטום זענען דאָ שפּורן פון מײַן שווייס; מיטגעלעבט און מיטגעפרייט זיך מיט די גרויסע אויפטוונגען און מיטגעטרויערט די פאַרלוסטן פון נאָענטע חברים, וועלכע זענען געפאַלן אין גאַנג און ליגן אונטער די אָנגעהויפטע בערגלעך באָדן, וואָס חברישע הענט האָבן מיט ליבשאַפט אויסגעגלעט.

איך בין דאָ געקומען אין זעלבן עלטער, וואָס דו ביסט איצט ביים

אַוועקגיין פון אונדז — מיט אַ סך גלויבן אין אונדזער חלוצישן גאַנג, מונטער און יונג, נאָר איצט ווען דיר איז געוואָרן ענג אונדזער גרויסע היים פיל איך ווי די עלטער קריכט אויף מיר אַרויף.

* * *

האַלבע נאַכט. נידעריקע וואָלקנס הענגען אין דרויסן און קוקן אַריין דורכן פענצטער, פון צייט צו צייט שפּריצט אונטער אַ דין רעגנדל. ריינע שנירעלעך טרערן־טראָפּנס אויף מיין שויב.

דיין מאַמע, מיין זון, איז היינט איינגעשלאָפן דורך טרערן. זי האָט אוודאי געגלויבט, אַז איך האָב נישט געהערט, ווי זי האָט אירע שווערע שלוכצן געפּרוווט דערשטיקן אין קישן.

ווי מאָדנע זענען דעם מענטשנס וועגן.

מיט עטלעכע און צוואַנציק יאָר צוריק האָב איך אויך געמאַכט מיין מאַמען וויינען, ווי דו היינט. ווען איך האָב פאַרלאָזט איר היים און די שטאָט; אַזוי פלוצלינג זיך אויפגעהויבן ווי דו און אַוועקגעפאָרן אויף הכשרה אין קלעסאָוו, ווערן אַ חלוץ מיט חלוצים גלייך און זיך גרייטן צום קיבוץ־לעבן אין ארץ־ישראל.

איך בין אַוועק פון שטאָט אין קיבוץ, און דו פון קיבוץ אין שטאָט, אָבער יעדער איינער האָט אויף זיין שטייגער צעבראָכן דער מאַמעס האַרץ, צעשטערט אילוזיעס פון די עלטערן.

דיין פאַרלאָזן אונדזער גרויסע קיבוצישע היים, צי קלינגט עס נישט ווי אַ באַצאָלונג, ווי אַ מין: „על דאטפט אטפוך!״...

איצט מיין זון, איז מיר נאָר געבליבן צו וואַרטן אויף דער שעה ווען דו וועסט עפענען מיין טיר און אַרויפלייגן דיין ברייטע וואַרעמע האַנט אויף מיין אַקסל און זאָגן מיט דיין ליבן שמייכל:

— „טאַטע, איך בין דאָ, דורכן שטאָט האָב איך צוריק געפונען מיין וועג אין קיבוץ״.

# אין קינדערהויז

אין האַלבער נאַכט האָט אין קינדערהויז זיך צעוויינט אַ קינד. איך בין אַרויס זען, פאַר וואָס עס וויינט און עס באַרו:קן.

דער דרויסנדיקער ווינט האָט מיך ווי אויפגעכאַפּט און אונטערגעהויבן אויף זיינע אומזעבאַרע אָרעמס. ער וואַרפט זיך אויף די הייזער, פאַר־טשעפּעט זיך אויף די עלעקטרישע דראָטן און וויינט, און וויינט.

אין קינדערהויז האָט געברענט ליכט. דאָס קינד, וואָס האָט פריער געוויינט, איז שוין איצט געלעגן שטיל. פאַרבייגייענדיק די קליינע ווייסע בעטלעך, האָב איך אין די קינדערשע שלאָפנדיקע פּנימלעך נישט געקענט דערקענען, וועלכעס קינד האָט פריער אַ ווײַלע געוויינט.

ווייל איך בין שוין געווען אינעווייניק, האָב איך גענומען איינדעקן די פּיצלעך קינדער, וואָס די קליינינקע וואַטאָווע קאָלדרעס האָבן זיך פון זיי אַראָפּגעשאַרט און אָפּגעדעקט דאָ־דאָרטן אַ ראָזעווע פּיסל, אַ געביילט פויסטל.

גוט און ליב איז געווען אַרומצוגיין אַרום די קלייניקע, ווייסינקע בעטלעך. אין פאַרשידענע פּאָזעס זענען די קינדערלעך געלעגן צעוואָרפן. טייל מיט פויסטעלעך פאַרדריקטע איבערן קאָפּ, טייל מיטן פּנימל פאַר־גראָבן אין קישן און נאָר די שיטערע האָר פון קעפּעלע האָבן זיך אַרויס־געזען. ליכטיק־ווייסע, שיטערע הערעלעך, אויף אַ ראָזן אונטערשלאַק.

די טיר האָט זיך אַ פּראַל אויפגעטאָן און חדווה איז אַריין, אַריין גיך, ווי דער ווינט וואָלט זיך אַריינגעשטופּט. מיט אַ ליכטיק פריש געזיכט, ווי ביי דאָס רוב יונגינקע מאַמעס, וואָס כאַפּן זיך אויף האַסטיק פון שלאָף און די ערשטע מחשבה איז דאָס קינד. זי איז צו צום בעטעלע פון איר דריי־חדשימדיק קינד, עס געכאַפּט אויף די הענט און קושנדיק געזאָגט צו מיר:

— „האָט זיך מיר געחלומט אַזאַ אויסטערלישער, מאָדנער, וויסטער חלום, זאָל ער אין ים אַריינפאַלן”.

טוליענדיק דאָס קינד צו זיך, קנעפּלענדיק דאָס בלוזקעלע ביי דער

אָנגעפּילטער ברוסט, האָט זי געזוכט אַ קליין בענקעלע זיך אַנידערצוזעצן.

איך האָב דערפילט, אַז איך בין איבעריק און בין אַרויס צוריק צום ווינטיקן דרויסן.

## דאָס קינד

איך האָב ליב צו קוקן אויף די קליינע עופעלעך, וואָס ליגן אין די הילצערנע שטייגן, וועלכע שטייען אַרויסגעשטעלט אַרום בית־התינוקות. טייל פּרווון זיך שוין אויפהויבן, אַוועקזעצן און טייל זענען נאָך הילפסלאָז, ליגן „געבעך" אויף די בייכעלעך און די, וואָס פּויזען שוין, קלעטערן אויף זיי.

שעהן לאַנג קען איך אָפּשטיין אַזוי נעבן קינדערהויז אין די שבת־דיקע טעג און באַטראַכטן זייערע שיטערע בלאָנד־האָריקע און שוואַרץ געקרייזלטע קעפּלעך. איך האָב ליב אַריינצוקוקן אין זייערע ברוינע, בלויע און שוואַרצע אויגעלעך, וואָס קוקן אַזוי קלוג און פאַרשטענדלעך, ווען זיי זעען דורכגיין אַ חבר, און צו יעדערן שטאַמלען זיי שוין „באַ, באַ", דאָס זאָל מיינען: אבא!...

די מטפּלת האָט זיי היינט אין פרילינגדיקן טאָג אַרויסגעשטעלט אין דרויסן. דורך די שטאַכעטלעך די דינע און הילצערנע און דורך די צווייגן פון אַ גראַוועלייע רינט אַריין צו זיי אין „לול" זון און שאָטן; אָט שטרעקט אויס אַ קינד אַ קליין פּוכיק און ראָזעווו הענטל, עס שפּילט זיך מיט אַ זונען־שטראַל, וואָס זייט זיך אַדורך צווייג און בלעטער, ווי אַ קליינע זילבערנע מטבע, אָט קריכט עס אים אויפן פּנים, ווי אַ ווייסער שמעטער־לינג, און באַלד דערקלעטערט עס אים ביזן אויג. דאָס קינד זשמורעט די ברעמען, דערשרעקט זיך, און ווען דער שטראַל וויל אָבער פאַרט נישט אַוועק, צעוויינט זיך דאָס קינד מיטן געוויין — דער איינציקער כלי זין, וואָס עס פאַרמאָגט.

די מטפּלת גייט אַרויס אין אַ ווייס פאַרטוך און טיכל, רוקט איבער דעם הילצערנעם שטייג מער אין שאָטן, באַרויִקט דאָס קינד און גייט צוריק אַריין אין הויז צו איר אַרבעט.

דאָס קינד זוכט ווייטער דעם זוניקן שטראַל, און אַזוי מיט די אויגע־לעך נאָכגייענדיק דעם שטראַל האָט עס מיך באַמערקט. עס לאָזט שוין נישט אַראָפּ די אויגן פון מיר און זיין קליין מיילכל, וואָס איז ציינלאָז ווי דאָס מויל פון אַ זקן, קרימט זיך אין אַ שמייכל און ברעכט אויס אין אַ נייעם געוויין.

די חברטע גייט ווידער אַרויס:

— נו, — זאָגט זי צו מיר — וואָס שטייסטו? ער וויל אַוודאי דו זאָלסט אים נעמען אויף די הענט, דער טאַטע זיינער איז שוין לאַנג נישט געווען אין דער היים, ליגט ערגעץ אין אַ מישלט, וואַרט אויפן אורלויב. דאָס קינד דאָ בענקט נאָך טאַטע־הענט.

אַזוי רעדנדיק האָט זי מיר דערלאַנגט דאָס קינד איינגעוויקלט אין אַ ווייס ליילעך, און זיין ראָז פּנימל האָט זיך צו מיר צעשמייכלט מיטן שענסטן שמייכל, וואָס אַ קינד פאַרמאָגט.

## געסט

נישט איין מאָל בלייב איך שטיין ווי געפּלעפּט, און ווייס נישט וואָס צו ענטפערן, ווען עס קומען טוריסטן צו אונדז און באַפאַלן מיט פראַגן וועגן אונדזער יוגנט, וואָס וואַקסט דאָ, וואָס איז געבוירן אין קיבוץ, און קען נאָר אונדזער קאָמונע־לעבן. ווי איז זייער באַציונג צום אָרום, צו דער שטאָט, שפּעטער, ווען זיי וואַקסן אויס?

זיי גריבלען זיך אין אונדזער פאַמיליען־צוזאַמענלעבן, ווו ווייב און קינד זענען נישט אָפּהענגיק מאַטעריעל פון שפּייזער און יעדער מיטגליד אין משפּחה איז אומאָפּהענגיק פון די עקאָנאָמישע זאָרגן. ווילן זיי וויסן, צי רופט זיך עס נישט אָפּ אויפן טאָג־טעגלעכן לעבן אין דער פאַמיליע און צי ווערט נישט שוואַכער דער בונד, וואָס בינדט מאַן און ווייב, טאַטע און קינד?

אונדזער אַרבעט באַנעמען זיי נישט. ווער פירט אויס די שווערע מי, ווער די גרינגערע? ווער טוט די פּראָסטערע אַרבעט, ווער די איידע־לערע?

די פּראַגעס און צענדליקער אַנדערע, וואָס זענען אַזוי נאַטירלעך און אַזוי געוויינלעך פֿאַרענטפֿערט געוואָרן אין לויף פֿון אונדזער טאָג־טעגלעך לעבן, קען עס אַ פּרעמדער נישט באַנעמען תיכף, און וויפֿל דו זאָלסט אים נישט דערקלערן, דערפֿילסטו, אַז ער באַציט זיך מיט אומ־צוטרוי צו דיינע ענטפֿערס און נישט איין מאָל וויל איך פֿאַרשווייגן, כאָטש דאָס קען אויסגעטייטשט ווערן ווי אַן אומאיידלקייט פֿון מיין זייט צום גאַסט.

אָט האָב איך היינט אין דער פֿרי אַרומגעפֿירט עטלעכע אַמעריקאַנער פֿרויען — וואָס טוען אין זייער מדינה פֿאַרן ציוניסטישן געדאַנק — אין אונדזער משק, באַקענט זיי מיט פֿאַרשידענע צווייגן פֿון אַרבעט, וואָס ווערט דאָ געטאָן. פֿאַרבייגייענדיק, פֿאַרביי דעם הויז, וווּ עס ליגן די זויגלינגען, די פּיצלעך קינדער, האָבן זיי מיר געבעטן, איך זאָל זיי דאָ אַריינפֿירן זען, ווי אַזוי עס האָדעווען זיך דאָ די עופֿעלעך אָן דער מאַמעס השגחה...

וויסנדיק, אַז דאָס קינדערהויז האָט נישט גערן קיין באַזוכער — האָב איך אָבער דאָך נישט געוואָלט אָפּזאָגן — און די אַרויסגערופֿענע פּלע־גערין האָט מיר אַרויסגעטראָגן פֿאַר די געסט בלאַנק־ווייסע כאַלאַטן און נאָכן וואַשן די הענט, זענען מיר אַריין אין די זויבערע און גערוימע צימערן, וווּ ביי די ווענט זענען געשטאַנען קליינע אייזערנע בעטלעך מיט שטאַכעטן און אינעווייניק אין קלאָר־ווייסער איבערציעכץ זענען געלעגן די קליינע זויגקינדער מיט ליכטיקע פּנימלעך און געשלאָפֿן.

— און וווּ זענען די מאַמעס? — פֿרעגט מיך אַ דיקע פֿרוי מיט גאָלדענע פּענסנע אויף דער נאָז.

איך: ביי דער אַרבעט.

פֿרוי: און ווער זויגט די עופֿהלעך, האַלט איר פֿאַר זיי ספּעציעלע אַמען?

איך: חלילה, די מאַמעס קומען צו די באַשטימטע שעהן און קאָרמען זיי אָן און גייען צוריק אַוועק צו דער אַרבעט.

פֿרוי: און שפּעטער, ווען דאָס קינד ווערט אַנטווינט?

איך: דאָן איז דאָס קינד נאָר אין רשות פון די פלעגערינס און די עלטערן זעען עס נאָר אין די אָוונט־שעהן, נאָך דער אַרבעט.

פרוי: דערקענט דאָס קינד זיינע עלטערן, וויבאַלד זיי זעען זיך אַזוי זעלטן?

אויפן ברייטן, עטוואָס רויטלעכן געזיכט פון דער פרוי האָט זיך צעלייגט אַ צער־בעלי־חיים׳דיקע גרימאַסע, ווי זי וואָלט שוין געזען, ווי אַזוי מען רייסט אָפּ די עופעלעך פון זייער טאַטע־מאַמע.

ס׳איז מיר שווער געווען צו דערקלערן די טוריסטינס, אַז נישט נאָר דאָס קינד דערקענט, נאָר וואַרט מיט אומגעדולד און בענקשאַפט אויף דער שעה, ווען טאַטע־מאַמע קומט פון דער אַרבעט און נעמט עס מיט ליבשאַפט אויף די הענט, ווייל די בעסטע פלעגערין וועט נישט פאַרבייטן אַ מאַמעס ליבשאַפט, אַ טאַטנס אַ שמייכל.

אָבער אויפן געזיכט פון דער אַמעריקאַנער פרוי האָב איך דערקענט, אַז זי באַציט זיך מיט אומצוטרוי צו מיינע רייד און צו איר באַגלייטערין האָט זי געזאָגט אין ענגליש:

— די קינדערלעך, וואָס האָדעווען זיך דאָ אָן מאַמעס, מאַכן דעם איינדרוק פון אויסגעבריטע הינדעלעך אין אַן אינקובאַטאָר?...

איך בין געבליבן שטיין פאַרלוירן, נישט געוווּסט ווי זי איבערצייגן. געבענטשט זאָל זיין די טייערע פלעגערין, וואָס האָט אונדז איידל משלח געווען פון דאָרטן, כדי נישט צו שטערן די רו פון די קליינע קינדערלעך.

## אַ שפּאַציר

כאָטש די שעה איז אַ שפּעטע, טאַנצט נאָך יונגוואַרג אויפן פלאַכן דאַך פון אונדזער גרויסן חדר־האוכל. זיי טאַנצן אונטער לבנה־שיין, וואָס באַגיסט זילבערדיק דעם שוואַרצן אַספאַלט אונטן, און דעם געקאַלכטן בעטאָן פון די פאַרענטשעס.

די וויזערס פון זייגער האָבן זיך שוין גערוקט אַ סך נאָך עלף. אין די בעטאָנענע און הילצערנע שטיבלעך שלאָפן שוין די חברים, מיד פון

שווערן און הייסן אַרבעטס־טאָג. טיר און פענצטער זענען אָפן, פריי פאַרן קילן ווינט, וואָס קומט פון ים: און דורך די עפענונגען שפּאַרט זיך אַדורך דער יונגער געזאַנג, וואָס רייסט זיך פון דאַך אַראָפּ און צעשפּרייט זיך איבערן שלאָפנדיקן קיבוץ.

איך גיי אַרויס אין דרויסן. די באָרוועסע פיס אין סאַנדאַלן, אויפן לייב אַ לייכט העמדל. נאָכן פלאַמיקן טאָג איז גוט צו פילן די געבענטשטע קילקייט פון דער נאַכט. איך גיי טריט ביי טריט, ווי אַ מענטש, וואָס האָט שוין אַלע זיינע געשעפטן דערליידיקט.

גיי איך באַגאָסן אין גאַנצן מיט לבנה־שיין און האָב הנאה פון אויסגע־שטערנטן הימל.

אונדזער שוואַרצער הונט, דאָג, קומט אָן צו לויפן פון ערגעץ, באַשמעקט מיינע באָרוועסע פיס, דרייט מיט וויידל, באַגלייט מיך פון כבוד וועגן אַ פּאָר טריט און פאַרשווינדט אין דער נאַכט אַריין. אַ קאַץ, וואָס האָט געשמאַק געדרעמלט ביי דעם שלאָסער־וואַרשטאַט, האָט זיך איבער־געשראָקן, אויפגעשפּרונגען הויך אויסבייגנדיק דעם רוקן.

איך גיי ווי אַלע מאָל, אין דער שפּעטער שעה, פירן מיר די פיס אַליין צום קינדערהויז, ווו עס שלאָפט מיין קליינער זון. עס ציט מיר צו פילן די וואַרעמקייט פון זיין לייב, זיך איינהערן צו זיין אָטעמען, גלעטן אים איבער זיין אָפּגעשאָרן קעפּל, און דאַן אַ באַרויִקטער נאָך אַ טאָג פון מידקייט און רעש גיין שלאָפן.

מיין וועג פירט פאַרביי די קושטאָל. אַ קו שרייט, ווי זי וואָלט אין אָט דער נאַכט דערפילט אין זיך דעם גאַנצן וועלטשמערץ... עס הערט זיך אַ מעלה־גרהן פון אַ סך מיילער, קייטן קלינגען און פאַרטושן דעם ווייכן געררויש פון די דינע שטראָמעלעך מילך, וואָס ווערן געמאָלקן אין די מילכעמערס.

נאָענט פון מאַראַנצן־סאָד הערט זיך דער שאַקאַלן־געיאָמער. נאַכט ביי נאַכט פּראַווען זיי דאָרטן זייערע ווילדע אָרגיעס און יאָמערן ווי טויזנט שדים.

מיט געמאָסטענע טריט שפּאַן איך פאַרביי די הייזעלעך פון מיינע

חברים. מידע, פאַרהאָרעוועטע מענטשן, נאָך אַ ברענענדיקן טאָג פון געבענטשטער אַרבעט, שלאָפן זיי מיטן רויִקן, פעסטן שלאָף פון ערלעכן מאַן.

איך פאַרהאַלט זיך ביים קינדערהויז. אַרום איז שטיל, די טיר סקריפּעט ביי מיין אַריינגיין. אין צימער, ווו מיין זון שלאָפט, שטייען פיר ווייסע בעטן, און אָט ליגן זיי די קליינע „מזיקים", וואָס קערן איבער וואַכערהייט דעם צימער. איצט ליגן זיי שטיל ווי די שעפעלעך און די שכינה אַליין שיינט אַראָפּ פון זייערע פּנימלעך.

מיין זונס בעטל שטייט גלייך ביים אַריינגאַנג. די עלעקטרע, וואָס ברענט אין וואַנע־צימער, לייכט אויך אַריין דורך דער אָפענער טיר און פאַלט אויף זיין בעטעלע. פון ווייסן לייללעך בלאָסט אַרויס זיין זיס געזיכט. איך נעם אים אויף די הענט, כדי צורעכט מאַכן דאָס ליילעך, אין וועלכן ער האָט זיך פאַרפּלאָנטערט. עפנט ער אויף אַ פּאָר גרויסע ברוינע אויגן, און שעפּטשעט אַרויס איין איינציק טייער וואָרט: „אבא!" און שליסט אַ באַרויִקטער באַלד זיי צו פעסטער זיך טוליענדיק אין מיינע אָרעמס.

און ווען ער ליגט שוין צוריק אין זיין קליין בעטל, איינגעדעקט מיט פּאָטערלעכן זאָרג, רינט אַראָפּ אַן אַלטע תפילה, אַלט ווי די וועלט, פון מיין ליפּ: גאָט, פּאַר די קליינע קינדער וועגן שיק דיין ברכה פון רו און זאַטקייט.

פון דאַך פון חדר־האוכל הערט זיך נאָך דער געזאַנג פון יונגוואַרג, וואָס לעשט זיך, ווערט שוואַכער און צערינט אין דער נאַכט אַריין.

## אַ געשלעג

פון גאַס, פון גרויסן קינדערהויף דערטראָגט זיך צו מיר דער געשריי פון אונדזערע קינדערלעך. פּיצלעך פון אַ יאָר דריי־פיר. זיי שפּילן זיך איינע מיט די אַנדערע, ווי קעצעלעך קלעטערן זיי איינס אויפן צווייטן און דער שטאַרקערער רייט אויפן שוואַכערן, אַזוי ווי אין לעבן טרעפט ביי די גרויסע. (הלואי זאָל עס זיך נישט טרעפן).

אַנטקעגן מיין צימער שטייט דאָס קינדערהויז. די מטפּלת פון די קינדער איז ערגעץ ווו אַוועק, און די קינדער שפּילנדיק זיך האָבן — ווייזט אויס — דערוויל איינעם גוט אָנגעשלאָגן. דאָס געוויין פון קינד האָט מיך אַרויסגעטריבן פון צימער; אין הויף האָבן מיך אַרומגערינגלט אַ פינף קעפּלעך פון פאַרשידענע פאַרבן מיט געקרייזלטע האָר, און אַלע האָבן מיר גענומען דערציילן גיך און נישט קלאָר, וועגן דעם וואָס איז דאָ פאָרגעקומען. נאָר איינער איז צו מיר נישט געקומען: דאָס קינד וואָס איז געלעגן אויפן זאַמד און געוויינט.

ווען איך האָב דאָס וויינענדיקע קינד באַרויִקט, אויסגעווישט די טרערן פון זיינע ברוינע אויגן, אַרומגעוואַשן דאָס פּנים, האָט ער זיך צו מיר צעשמייכלט, ווי די זון, וואָס גייט אַרויס פון די וואָלקנס, און געוואָלט פון מיר, איך זאָל באַשטעטיקן, אַז זיין טאַטע איז שטאַרקער פון די אַלע קינדערלעך, און איך האָב עס געמוזט פאַרזיכערן, ווייל אַז נישט האָבן די טרערן נישט געוואָלט אויפהערן צו רינען...

די מטפּלת איז אָנגעקומען, צוגענומען ביי מיר פון די הענט דאָס קינד, וואָס האָט זיך דערוויל שוין באַרויִקט און אַוועק זיך ווידער שפּילן מיט אַלע. נאָר פון וויטן האָט ער נאָך געשמייכלט, צו מיר, וואָס כ'האָב אים פאַרזיכערט, אַז זיין טאַטע איז שטאַרקער פון אַלעמען.

## פּרייטיק

דער הימל — פאַרנאַכטיק־קיל, באַפאַרבן מיט לייכטע וואָלענע וואָל־קנדלעך. זילבערנע שטרייפן וואָס שווימען אום אין די בלויע הויכקייטן, שוועבן שטיל קוים באַמערקבאַרע, קוים דערהערבאַרע. אַ שטילקייט אין דער לופט. קיין בלעטל באַוועגט זיך נישט. די בוימער שטייען אויס־געצויגן שטילע, בכבודיקע, באַדעקטע מיט גרינס און רויטער בליונג.

פרייטיק פאַרנאַכט. די לופט איז ערב־שבתדיק אָנגעפילט מיט מאָרגנ־דיקער רו, און זאַטקייט פון אַ גאַנצער וואָך מי און שווייסיקער האָרעוואַניע.

איך בין שוין שבתדיק אָנגעטאָן און פיל שוין די זיסקייט פון מאָרגנ־דיקן רוטאָג.

איך זיץ אין קליינעם גערטל ביי מיין שטוב. אַ גערטעלע, אַרומגע־רינגלט מיט גרינע קוסטעס, וואָס שאַפן אַ נאַטירלעכן גרינעם צוים. מיין קליינער זון קומט פון קינדער־גאָרטן, אָנגעטאָן אין ווייסן, מיט רויטע סאַנדאַלן אויף די באָרוועסע פיס. דער שבת שטראַלט אים אַראָפּ פון געזיכט, ער ווייסט, אַז ער האָט מיך מאָרגן אויף אַ גאַנצן טאָג און דאָס ברענגט אים אַריין אין אַ הייטערער שטימונג. היינט האָט מיין זון מיט־געבראַכט מיט זיך זיינע חברימלעך, אַלע אין זעלבן לבוש. זיי רינגלען מיך פריילעכע אַרום און רוקן אַריין זייערע נעזעלעך אין ווייסן פּאַפּיר, וואָס ליגט אויפן אָנלען פון מיין שטול. זיי פּרוון טרעפן וואָס איך שרייב. מיין זון איז שוין אַ ווייסער און ער דערקלערט זיי, אַז: „אבא שלי כותב שירים לחוץ־לארץ!" (מיין טאַטע שרייבט לידער קיין חוץ־לארץ). און דרור, אַ ווייס קינד מיט אַ קאָפּ פלאַקסענע האָר, ווי אַ שגצל, גיט צו: „אני רוצה שירים" (איך וויל לידער) און מיין זון דערקלערט: אַז זיין טאַטע שרייבט נישט פאַר זיי נאָר פאַר די יידישע קינדערלעך דאָרטן ווייט־ווייט איבער יענער זייט ים.

די קינדערלעך האָבן מיט ערנסטע פּנימלעך אַריינגעקוקט אין פאַר־שריבענעם פּאַפּיר, וואָס גייט אַוועק אין חוץ־לארץ צו די יידישע קינדער־לעך. אַן ערנסט איז געבליבן ליגן אויף זייערע פּנימלעך, אַ בענקשאַפט נאָך יענע קינדערלעך די יידישע, וואָס געפינען זיך ווייט פון יענער זייט ים.

ווען דאָס קליינוואַרג איז אַוועק און איך בין געבליבן מיט מיין זון, האָט ער זיך צוגעבויגן צו מיר און איינגערוימט אַ סוד אויפן אויער: שיק זיי דאָרט איבער אַ גרוס פון אונדז, אַז מיר וואַרטן אויף זיי...

דער שבת האָט שוין אַראָפּגענידערט, ווען איך האָב אין מיין גרויסער האַנט איינגעשלאָסן זיין קליין הענטעלע מיט די ראָזע פינגערלעך.

אבֿרהם לעוו

# דער מאַנדלבוים

דער מאַנדלבוים האָט זיך שוין באַדעקט מיט זיין ווונדערבאַרער ווייסער און ראָזער בליונג; די קליינע בלימעלעך באַהאַלטן שוין אין זיך דעם זיסן ריח פון די קומענדיקע מאַנדלען.

דער מאַנדלבוים איז דער ערשטער שוואַלב וואָס זאָגט אָן דעם פרילינגס־אָנקום, און דעם סוף פון די קאַלטע רעגנדיקע טעג.

איך האָב היינט, אין כמורנעם שבתדיקן טאָג — נאָך אַ וואָך פון אומאויפהערלעכע שלאַקסרעגנס, שטורעמס און קאַלטע ווינטן — גענומען מיין קליינעם זון און אַוועק צום כרם, ווו עס וואַקסן די מאַנדלען. מיר זענען אַרויס פון אונדזער ישוב וואָס ליגט דאָ צעשפּרייט מיט זיינע בנינים, צריפים און געצעלטן, פאַרשידענע ווערקשטאַטן און קושטאַלן, פאַרבייגעגאַנגען אונדזער גרויסן מאַראַנצן־סאַד, וואָס ליגט אַ גרינער, אַ טונקעלער אַנטקעגן אונדזער הויף. דער סאַד שטייט איצט נאָכן שטורעם שטיל און שווייגנדיק, קיין בלעטעלע גיט זיך נישט קיין באַוועג. די מאַראַנצן האָט מען שוין פון די בוימער אַראָפּגענומען, נאָר ווו נישט ווו וואַרפט זיך נאָך דורך אַ פאַררויטלטער אַפּעלסין אויפן שפּיץ פון אַ בוים. דער סאַד אָטעמט איצט מיט פייכטקייט און קעלט, אַן אַרומגערינגלטער מיט הויכע ציפּריסן. ווי געטרייע וועכטער היטן זיי די פּרוכטבוימער, אַז דער ווינט זאָל זיי נישט ברעכן, דער שטורעם זאָל די גאָלדענע עפּל נישט אַראָפּפּליקן. די ציפּרעסן פאַרהאַלטן דעם שטורעם מיט זייערע גראָבע שטאַמען און געדיכטע סכך־צווייגן.

ווייטער פון מאַראַנצן־סאַד ציט זיך שוין דער צעבליטער און ווי מ׳ט שניי באַשאָטענער מאַנדלגאָרטן. ער שטייט עטוואָס אין דער הויך. די בוימער איינגעהילט אין ראָז־ווייס, זעען אויס אין כמורנעם טאָג, ווי איינגעהילט אין אַ הערלעכן שלייער, וואָס עמיצער האָט מיט ליבשאַפט אויף זיי אַרויפגעוואָרפן, די פויגלען פאַרפולן די לופט מיט זייערע צוויטשע־רייען.

מיין קליינער זון איז געלאָפן פון בוים צו בוים, געוואָלט דערגרייכן

און אָפּרייסן אַ צעבליט צווייגל, נאָר נישט דערגרייכנדיק, האָט ער מיך געשלעפּט צו אַ בוים, און ווען איך האָב פאַר אים אָפּגעבראָכן עטלעכע צעבליטע צווייגלעך, האָט ער אין זייערע ראָז־וויסע בליטן איינגענורעט זיין זיס־קליין פּנימל, און איך האָב דורך מיין קינד באַנומען די טריט פון פרילינג, וואָס קומט אָן.

## מיין זון

מיין קליינער זון שלאָפט היינט אין צימער. זיין קאָפּ אויפן קליינעם קישעלע, די לינקע האַנט אונטערן באַק. די ליכט פון העלן אַבאַזשור פאַלט אויף אים, ווי דורך אַ שלייער און מאַכט טונקעלער זיין ליכטיק פּנימל אויף וועלכן עס שאָטנען די אַראָפּגעלאָזענע ברעמען.

גלייך פון זיין געבורט וווינט ער ביי זיך אין קינדערהויז, אין די אַלגעמיינע צימערן פון די קינדער. קיין מאָל האָב איך אים נישט געקענט זען שלאָפנדיק, בלויז נאָר מינוטן, שפּעט אין דער נאַכט, ווען איך כאַפּ זיך אַריין אין די קינדערשע שלאָפצימערן אים צודעקן.

היינט, ווייל זיין בעטל האָט מען צוגענומען פאַר קינדער־געסט, איז ער מיין גאַסט. היינט שלאָפט ער מיט די עלטערן אין זייער צימער. זיין פרייד איז געווען גרויס און אַזוי אַ פריילעכער איז ער איינגעשלאָפן; די קאָלדרע האָט זיך פון אים אַביסל אַראָפּגעשאַרט און די ברעגעס אירע רירן אָן די שטיינערנע פּאָדלאָגע.

דאָס קינד שלאָפט. איך זיץ, קוק דורך די פּרעסע פון טאָג און הער זיך איין צו זיין טיפן שלאָף. מיין צימער איז ווי פולער געוואָרן, באַקומען היינט מער אינהאַלט, אויסגעפילט די ליידיקייט וואָס — צייטנווייז, ווען איך בלייב אַליין — רינגלט מיך אַרום.

אַז איך קוק זיך איין אויפן קליינעם שלאָפנדיקן גופל פון מיין זון, פאַרשטיי איך ערשט און הויב אָן באַנעמען, וויפיל פריידיקע מאָמענטן איך האָב פאַרלוירן אין משך פון זיין קינדערשן וואַקסן און אַנטוויקלען זיך. שטענדיק אים נאָר געזען אין די עטלעכע אָוונט־שעהן פון נאָך דער

אַרבעט און גלייך צוריק אים אַוועקגעפירט אין קינדערהויז ביז אויף מאָרגן פאַרנאַכט אויף צוויי שעה.

היינט איז ער אין גאַנצן מיינער. היינט האָב איך אויך געזען ווי ער איז איינגעשלאָפן. איצט הער איך זיך איין צו זיין שטילן אָטעמען, מיר דוכט זיך, ער שמייכלט פון שלאָף, זיין אויבערשטע ליפּ הויבט זיך עט־וואָס אויף און קרימט זיך אין אַ שמייכעלע, אפשר ווייל ער איז איינ־געשלאָפן אַ פריילעכער אונטער די וואַרעמע בליקן פון טאַטע־מאַמע? זיך נישט געדאַרפט מיט זיי שיידן פאַרן שלאָף און אויסזוכן פאַרשידענע תירוצים, כדי זיי צו פאַרהאַלטן אויף נאָך עטלעכע מינוט. ניין, היינט האָט ער נישט געדאַרפט און אויך מיר האָבן פאַרשפּאָרט איבערלעבן די צער־מאָמענטן פון קינדס וויינען און דאָס נישט וועלן אונדז אַוועקלאָזן פון בעטל, איידער ער ווערט אַנטשלאָפן.

## ווי אָרעם איז די וועלט פון די גרויסע

ווען איך בלייב איבער אַליין מיט מיין צוויי־יאָריקן זון, נאָך דעם, ווי די מאַמע זיינע פאָרט ערגעץ אַוועק אויף אַ קורס פון דערציונג — (זי אַרבעט אין אונדזער שול מיט די קינדער) אָדער זי גייט אַרויס אויף אַ שפּאַציר איבערן לאַנד מיט איר קלאַס אויף אַ לענגערער צייט — הייב איך ערשט אָן דערפילן דעם ליבן יאָך, וואָס פאַלט אויף מיר, דעם ליבן אָבער שווערן יאָך פון ווערן מיט אַמאָל אַ דערציער פון מיין בלאָנדן געקרייזלטן בחור, וואָס בלייבט איבער אויף מיין אחריות אין יענע אָוונט־שעהן פון נאָך דער אַרבעט.

דאַן, ווען די קינדערלעך אין די פּעוטונים און גנים וואַרטן שוין אין זייערע קינדערהויפן ביי די הילצערנע פּלויטן, שטעקן דורך די שטאַכעטן אַרויס די ריינע, אַרומגעוואַשענע פּנימלעך און קוקן אַרויס אויף דער גרויסער מחנה, אפשר גייען שוין די טאַטעס אָדער די מאַמעס צו נעמען זיי אויפן טעגלעכן שפּאַציר, נעמען זיי צו זיך אין די עלטערן־צימערן — פּונקט אין יענע שעהן לויפן די עלטערן אין דער בשותפותדיקער

גרויסער מקלחת, אָראָפּצושווענקען פון זיך דעם שוויס און מידקייט פון זומערדיק־הייסן טאָג, בייטן די אַרבעט־קליידער און איילן זיך גיכער צום קליינוואַרג, וואָס וואַרט אויסגעבענקטע אויף טאַטע־מאַמעס אַ קוש, אויף טאַטע־מאַמעס וואַרעמקייט, וואָס קיין שום דערציער וועט עס נישט קענען פאַרבייטן.

אין די אָוונטן, ווען איך קום אַרויסנעמען מיין קליינעם זון פון דעם קינדערהויף, אין וועלכן ער געפינט זיך, טרעף איך אים שוין אין דער פולער שפּאַנונג פון דערוואַרטונג. און ווייל קיין סך געדולד איז נישטאָ ביי אַ צוויי־יעריק קינד, קומט די אויסלאָדונג דורך טרערעלעך, וואָס ווי צוויי זילבערנע שנירעלעך, שטראָמען זיי אַראָפּ איבער זיין עטוואָס בלייכן געזיכט. דערזעט ער מיך, לייכט אויף זיין ליכטיק, רונד פּנימל און די טרערעלעך פאַרשווינדן, די ברוינע אויגן זיינע, זענען קלאָר אויסגעוואַשן און אַזוי פיל פרייד שטראַלט אַרויס פון זיי, אַז פון מיר טוט זיך אָפּ די מידקייט פון טאָג־האָרעוואַניע און גרינג און ליב ווערט מיר דער גאַנג מיט אים. כאָטש אַ ווילע פריער האָט מיך אַזוי געצויגן זיך צו לייגן אָפּרוען נאָך דער אַרבעט.

אַזוי לאָזן מיר זיך אַוועק אונדזער גאַנג: ער, מיט זיין קליין הענטל נעמט אַרום מיין ווייזפינגער און פירט מיך, דאָס רוב צו אונדזערע גרויסע הינער און געגנדז־שטייגן, וואָס פאַרמאָגן אַ גאַנץ באַזונדערן חצר אין מזרח־זייט פון משק. אין דעם חצר איז דאָ געפליגל פון כל המינים, אַפילו אַ קעניגלעכע פּאָר פּאַוועס פעלט דאָ אויך נישט. דער „ער" פּאַראַדירט דאָ מיט זיין גרויסן שיין קאָליריקן עק, וואָס ער גיט זיך אַ בלאָז אָן און שטעלט אים אויף ווי אַ ריזיק־גרויסן וואונדערבאַרן פעכער, וואָס פאַר־מאָגט אַלע פאַרבן פון רעגנבויגן.

ווען מיין זון קוקט זיך צו צו דעם אַלעם, בין איך דערווייל פאַרטאָן אין דער צייטונג, וואָס איך האָב היינט נאָך נישט באַוויזן אַריינצוקוקן. און די נייעס איז נישט קיין פריילעכע: די אַרבעטלאָזיקייט אין לאַנד פאַרשטאַרקט זיך. די מעברות ליידן אין מאַנגל פון וואַסער. אַ פאַרפאָלק איז געהרגעט געוואָרן דורך אַן אויטאָ־קאַטאַסטראָפע. די אַרבעטער ליידן

שטאַרק פון די געהעכערטע פרייזן. אויך די נייעס פון דער ברייטער וועלט איז ווייט פון דערפרייען דאָס האַרץ. געזונט זאָל זיין מיין זון, וואָס לאָזט מיך נישט אַריינפאַלן אין אַ געדריקטער שטימונג און פירט מיך אַריין אין אָט דעם קליינעם וועלטל, וואָס רינגלט אים אַרום און אין יעדער קאַטשקע און אינדיק דערזעט ער וווּנדער און ער הערט נישט אויף אויפצוהויבן זיינע ברוינע אויגן צו מיר: „אבא, מה זה?" דאָס מאָל האָט ער זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט אַ מוראַשקעלע פון גרעסערן מין, וואָס שלעפט אַ שטיקל זאַנג און אין וועג איז איר באַפאַלן אַ צווייטע, וואָס וויל איר העלפן דערשלעפן צום מוראַשניק, אָדער עס אַרויסרייסן פון איר.

האָב איך זיך פאַרשעמט פאַר מיין קינד, און די ציטונג פאַררוקט טיף אין קעשענע, און אָנגעהויבן זען דעם אַרום, וואָס פאַראינטערעסירט מיין צוויי־יאָריקן זון, די געלע, פוכיקע גענדזלעך, וואָס שפּאַצירן דאָ אַרום מיט זייער מאַמען, די גרויסע גאַנדז.

ווי אָרעם איז די וועלט פון די גרויסע און ווי רייך איז די וועלט, וואָס אַנטפּלעקט זיך פאַר מיין בלאָנד־געלאָקטן זון.

## אַ יתום

### א

די יונגע נאַר וואָס פאַרפלאַנצטע עפּלבוימלעך האָבן זיך געוואַסערט אין פרי־פרילינגדיקן טאָג. די ערד, אַ נאָך נישט גענוג אויסגעטרוקנטע פון די ווינטער־רעגנס, איז גיך געוואָרן צעווייקט און שוואַרץ־ליימיק. האָסטו אַריינגעשטעלט אַ פוס אין דעם באַוואַסערטן שטח, איז שוין ניט גרינג געווען אים צוריק אַרויסצוציען, און אַרויסשלעפנדיק קוים דעם טראָט, האָבן אויפן שוך זיך געקלעפּט גאַנצע קלעמבעס פעטע ערד ווי שוואַרצער שמאַנט.

די יונגע בוימעלעך, מיט דינע ריטעלעך, מיט עטליכע קוים געציילטע בלעטלעך אויף זיי, האָבן זיך פאַרלאָרן אויף דעם גרינעם שטח, וואָס האָט זיך געשפרייט איבער העכער דריי צענדליק דונאַם.

ווען מיר האָבן געענדיקט פלאַנצן די לעצטע שורה און שוין געהאַלטן

אין צונויפנעמען די כלים, די טוריעס, דעם שטח־מעסטער און די שנייד־שערן — איז דער אָוונט צוגעפאַלן האַסטיק. דער גערויש פון די טרוקענע גרויסע בלעטער אין נאָענטן באַנאַנע־וועלדל האָט זיך נאָך מער פאַר־שטאַרקט דורכן פאַרנאַכטיקן ווינטל, וואָס האָט קיל געבלאָזן בלאָזן פון מערב זייט. מיר זענען געגאַנגען אויף דער טרוקענער שמאָלער סטעזשקע אין אַ געבדזן־שורה, איינער אונטערן צווייטן. איך בין געווען דער לעצטער און געזען, דורך דער אָוונט־טונקלקייט, די פאַרברויינטע קערק פון מיינע חברים, זייערע אויסגעהאַרעוועטע אַראָפּהענגענדיקע מידע הענט און אַקסל נאָך אַ גאַנצן טאָג זיך בויגן ביים פלאַנצן. צו זייערע דלאָניעס און פינגער האָט נאָך געקלעפּט אָפּגעטריקנטער שוואַרצער באָדן, וואָס איז אַריינ־געוואַקסן אין דער פאַרברוינטער האַרטער הויט אַריין. קאַלט וואַסער איז עס נישט בכוח אַזוי גרינג אַראָפּצושווענקען. זייערע פינגער זענען געווען ניט אויסגעגלייכט, נאָר פאַרבויגן אויף אינעווייניק, צו דער דלאָניע צו, ווי זיי וואָלטן נאָך געהאַלטן דאָס הענטל פון דער טוריע.

און אַזוי שפּאַנענדיק נאָך זיי אין דער שאַרפער קילקייט פון זיך לעשנדיקן טאָג, האָט מיך אַרומגענומען אַזאַ וואַרעם ליבשאַפט־געפיל צו מיינע חברים. יעדער איינער פון זיי האָט זיך אָנגעהאַרעוועט פאַר דריי, ביים עפּענען די גריבלעך אין דעם שווערן באָדן. זיי זענען אויסגעשמירט אין דער בלאָטע פון דער פעטער ערד, וואָס קלעפּט צו זייערע שיך און בגדים. זיי זענען שוין נישט קיין יונגע מיינע חברים. ביי וועמען עס לייכט אַ גרויסער און רונדער פליך און ביי וועמען עס לייכטן שוין די האָר ביי די שלייפן, און אַ סך זילבערנע פעדים אין די שוואַרצע טשופּרינעס. איך ווייס ניט צי זיי אַליין פילן די גרויסקייט פון זייער טאָג־טעגלעכן שפּאַנען אין דער וואָכיקער גרויער וואָר פון דער שווערער מי. פון בויען אַ היים נישט נאָר פאַר זיך, נאָר מיט ליבשאַפט און אין זאָרג פאַרן צווייטן.

מיר זענען געגאַנגען אין אַ שורה איינער אונטערן צווייטן, די מידקייט איז געווען אַזוי גרויס — אַז מען האָט געשוויגן, קיין וואָרט נישט אויס־גערעדט און געשלעפּט די מידע פיס. נאָר זע אָ ווונדער:

ביים טויער פון קיבוץ זענען געשטאַנען די קינדערלעך פון משק און

געוואַרט אויף זייערע טאַטעס, וואָס האָבן זיך היינט פאַרשפּעטיקט קומען פון פעלד. און ווי די מידקייט וואָלט ערגעץ פאַרשוווּנדן ביי דער דאָזיקער באַגעגעניש, און יעדער איינער האָט פריילעך מיט אַ צעלויכטן פּנים אַ כאַפּ געטאָן זיין קינד אויפן אַקסל און מיט אים אַוועקגעשפּאַנט צו זיך אין צימער.

אַלע זענען אַוועק צו זיך אין די חדרים. ביים טויער איז געבליבן שטיל און ליידיק. נאָר איך און מיין קליינער זון לעבן מיר. זיינע קליינע צאַרטע פינגערלעך האָבן פעסט געהאַלטן מיינע צוויי מיטלסטע פינגער, ווי ער וואָלט מורא געהאַט איך זאָל אים נישט נעלם ווערן ווידער. מיט זיין גאַנצער בענקשאַפט האָט ער זיך איצט געקלאַמערט אין מיר. לעבן אים איז געשטאַנען זיין חבר׳ל, עלי, ווי עטוואָס פאַרשעמט און אַרויפגע־קוקט צו מיר.

דער קליינער עלי איז אַ יתום, זיין טאַטע וועט שוין נישט קומען פון פעלד, ווייל זיין טאַטע ליגט דאָרטן ביי אַ ברעג אונטער אַ קליין שמאָל בערגל ערד און שלאָפט מיט יענעם שלאָף פון וועלכן מען כאַפּט זיך שוין קיין מאָל נישט אויף. קען זיין אַז עלי באַנעמט עס נאָך נישט, דעריבער וואַרט ער מיט אַלע קליינע קינדערלעך פון זיין עלטער אַלע פאַרנאַכט ביים טויער, אַז זיין טאַטע זאָל אָנקומען פון פעלד צוגלייך מיט אַלע טאַטעס פון זיינע חברים.

ווען איך בין היינט אָנגעקומען, האָט זיך עלי געשפּילט מיט מיין נחומ׳ען. ווען ער איז צו מיר צוגעלאָפן, איז עלי געבליבן שטיין אַליין, דערזען אַז ער האָט נישט צו וועמען צו לויפן. און איך האָב מיטאַמאָל ביז ווייטיק דערפילט וואָס פאַר אַן עוולה ס׳איז אָפּגעטאָן געוואָרן דעם קליינעם קינד, וואָס איז געבליבן שטיין פאַרשעמט אָן אַ טאַטן.

אוודאי האָט דאָס קינד נאָך נישט באַנומען וואָס עס איז געשען מיט זיין טאַטן, אָבער טיף, טיף אין זיין קליין הערצעלע האָט גענאָגט אַ ווייטיק, פאַרוואָס זיין גרויסער „חבר״, אין גאַנצן, אין גאַנצן זיינער, קומט שוין נישט צו אים, נעמט אים נישט אַרויף צו זיך אויף די צוויי געזונטע

שטאַרקע הענט. ער פילט שוין נישט מער דעם טאַטנס שטעכיקע באָרד אויף זיין צאַרטער הויט.

איך האָב דעם נישט אַרויסגעפרעגטן צער געלייענט פון קינדס ליכטיק־ברוינע אויגן.

און מיט אַ מאָל דערפילט: אַז אויך דער קיבוץ קען נישט לינדערן דעם צער פון אַ יתום.

איך האָב די טוריע אַראָפּגעוואָרפן פון אַקסל און מיט דער צווייטער פרייער האַנט אים אַרומגענומען און אַזוי זאַלבעדריט אַוועקגעשפּאַנט צו מיר אין צימער.

ב

אַלע האַלבע־נאַכט, ווען איך גיי אַריין אין קינדערהויז, טרעף איך אים, דעם קליינעם עלי, ליגן וואַך. דערהערט מיינע טריט, גיט ער אַן עפן אויף זיינע גרינע אויגן און דערנאָך ווי אַנטוישט דרייט ער זיך אויס צו דער וואַנט און בלייבט ליגן שטיל.

ער איז אַנטוישט, נישט אויף מיר האָט ער געוואַרט איך זאָל אים קומען צודעקן, נישט אויף מיין קוש, ער וואַרט נאָך אַלץ אויף זיין טאַטן, וואָס איז שוין באַלד דריי וואָכן טויט. זיין קבר איז נאָך פריש מיט אָנגעהויפטער ערד, מען זעט נאָך אַפילו די סימנים פון די לאַפּעטעס, וואָס האָבן דעם באָדן איינגעקלאַפּט און צוגעפעסטיקט, ער זאָל זיך האַלטן און נישט צעשיטן.

פלוצים איז זיין טאַטע אַוועק. מיט אַ נאַכט פריער האָט ער זיך נאָך געשפּילט מיט אים, ער געדענקט נאָך דאָס מעשהלע, וואָס ער האָט אים דערציילט פאַרן שלאָפן, ער פילט נאָך דעם ריח פון איבערגעברענטן טאַבאַק, וואָס דעם טאַטנס קוש האָט איבערגעלאָזן און אויף מאָרגן האָט מען אים געזאָגט: דיין טאַטע וועט שוין מער צו דיר נישט קומען...

דאָס זעקס־יעריקע קינד האָט נישט געקענט באַגרייפן: וואָס הייסט עס זיין טאַטע, וואָס האָט אים אַזוי ליב, וועט שוין מער צו אים נישט קומען? ער וועט שוין מער נישט פילן זיין באַהענטקייט, אים נישט קענען מער אָנטאַפּן, אים פילן, אַז ער איז דאָ? דעם קינדס מוח׳ל האָט נישט

געקענט תופס זיין דעם שרעקלעכן געדאַנק, ער באַנעמט נאָך נישט דעם כוח פון טויט און זיין בייז געזעץ: אַז וואָס ער, דער טויט, נעמט צו איז נישטאָ, ווי ס׳וואָלט גאָר קיין מאָל נישט געווען. עלי געדענקט, אַז מיט אַ צייט צוריק איז זיין טאַטע אויך נישט געווען, אַוועקגעפאָרן און דערנאָך געקומען אַן אויסגעבענקטער און אים מיט אַזויפיל ליבשאַפט איינגעשלאָסן אין די אָרעמס און באַדעקט מיט קושן. ער גלויבט אויך איצט, אַז ער וועט קומען.

נאָר פון טאָג צו טאָג ווערט ער ערנסטער, טראַפּנוויז, ווי גיפט, באַנעמט ער די אמתדיקייט פון דעם גרויל, ער איז ערנסטער געוואָרן, אָפּגעזונדערט, וויל נישט אָנטיילנעמען אין די שפּילערייען און אין די שטיפערייען און אויב בייטאָג פאַרגעסט ער נאָך אַביסל, באַפאַלט אים די פּיין מיט איר גאַנצער שאַרפקייט אין די אָוונטן, ווען די חברים קומען פון דער אַרבעט, נאָר זיין טאַטע קומט נישט.

דורך די אויפגעפּראַלטע פענצטער פון קינדערהויז שטעקן אַריין די חברים זייערע פאַרשטויבטע און פאַרשוויצטע פּנימער, און טרעפן זיך אָן מיט די ליכטיק־צעשטראַלטע אויגן פון זייערע קינדער. נאָר עלי׳ס אויגן שטראַלן נישט, זיין טאַטע איז נישטאָ.

דאָס קינד האָט זיך אָנגעשטויסן אָן דער ערשטער עוולה, וואָס איז לגבי אים באַגאַנגען געוואָרן, אין זיין פריסטער יוגנט.

## אַ טאָכטער פון קיבוץ

זי איז אַ טאָכטער פון קיבוץ. דאָ געבוירן געוואָרן, געלערנט אין אונדזער שול. און ווען זי איז אויפגעוואַקסן, האָט זי, ווי אַ פייגעלע, פאַרלאָזן איר נעסט, — אַוועק אין שטאָט און פרוּווט זיך דאָרט איינוואָרצ־לען. איינוואָרצלען אין דעם שטאָטישן באָדן, וואָס איז איר געווען אַזוי פרעמד ביז איצט.

זי איז נישט די ערשטע פון אונדזערע קינדער, וואָס האָבן פאַרלאָזט זייער היים. די היים אין וועלכע מיר זעען אָ וועג פאַר צענער טויזנטער;

די היים, וועלכע מיר בויען מיט אונדזער שווייס און מי. מיט ליבשאַפט ווערט דאָ געלייגט אַ ציגל צו אַ ציגל, ווערט דאָ געפלאַנצט אַ בוים צו אַ בוים, ווערן אויפגעריסן די בייטן און צוגעגרייט די פעלדער. די היים פון קיבוץ פאַר וועלכע מיר האָבן אין אונדזערע יונגע יאָרן פאַרלאָזן די איינגעזעסענע און בירגערלעכע היימען פון טאַטע־מאַמע, אַוועק פון די שטעט, דורכגעשניטן ימען. די טאָכטער האָט געטאָן דאָס פאַרקערטע — פאַרלאָזן דעם קיבוץ און אַוועק אין שטאָט.

זי איז נישט די ערשטע. פאַר איר זענען שוין געווען עטלעכע פאַלן פון זין און טעכטער, וואָס האָבן אונדז פאַרלאָזן און זענען אַוועק. אָבער אויף איר האָבן מיר זיך אַמווייניקסטן געריכט. זי איז געווען פון די קינדער, וואָס האָבן ליב אונדזער וועג, און דאָס לעבן פון מי און אַרבעט, וואָס מיר האָבן זיך אויסגעוויילט אין אונדזער ערלעכן גאַנג. אַזוי האָבן מיר בכל אופן געטראַכט. נאָר ווען זי איז אַרויס פון די קינדער־יאָרן, געזאָלט ווערן אַ חבר גלייך מיט אַלע, גלייך צו די זכיות און גלייך צו די חובות, האָט זי זיך אויפגעהויבן און אונדז פאַרלאָזן. מיר האָבן עס געפילט, ווי אַ פאַטש אין פנים, ווי אַ באַליידיקונג.

לכתחילה האָבן מיר געשראָקן זיך: עס קאָן ווירקן אויף די אַנדערע דערוואַקסענע קינדער. ווייל זי איז געווען אָנגעזען צווישן זיי, אָנגעפירט מיט קרייזן, געהאַט אַ גרויסע און אַ ברייטע געזעלשאַפט, וואָס פלעגן זי תמיד אַרומרינגלען מיט ליבשאַפט און פאַרערונג. אָבער זי איז אַוועק אַליין, קיינעם מיט זיך נישט מיטגעשלעפט, קיינע פון אירע חברטעס האָט נישט נאָכגעטאָן איר ביישפיל. זי האָט זיך, ווי אָפגעשיידט און ווי שעמעוודיק דערווייטערט. און אַז זי קומט אַמאָל אויף אַ שבת אָדער יום־טוב־טאָג, דרייט זי זיך אַרום, ווי אַ פרעמדע דאָ, ווי אַ גאַסט, וואָס קומט אַראָפּ אויף אַ טאָג אין קיבוץ.

מיר האָט איר פאַרלאָזן וויי געטאָן: איך האָב זי געקענט אויסגעבונדן, זי האָט זיך געהאָדעוועט צוזאַמען מיט מיין בכור פון דער פריסטער יוגנט זייערער, געלערנט צוזאַמען. געווען אַן אָפטע אַריינגייערין אין אונדזער צימער.

איז טאַקע ביי די זעלטענע באַגעגענישן, נאָך איר פּאַרלאָזן, פלעגן מיר זיך ביידע פילן מאָדנע און איך פלעג נישט געפינען דאָס פּאַסיקע וואָרט, כדי אָנצוקניפּן אַ שמועס ווי דאָס איז געווען אין די פריערדיקע גוטע צייטן.

איז אַ רעגנדיקן פרייטיק־צו־נאַכטס איז עס געווען. איך הער אַ שטיל קלאַפּן אין מיין טיר. ווען איך האָב אויפגעהויבן דעם קאָפּ איז זי געשטאַנען אויף מיין שוועל. די שוואַכע ליכט פון מיין טישלעמפּל איז געפאַלן אויף איר פּריש־פּאַררויטלט געזיכט. די קורץ־געשוירענע האָר האָבן אָפּגעדעקט אירע קליינע ראָזע אויערן.

זי האָט אויף מיר געקוקט און געשוויגן, ווי געוואָלט זען, ווי איך וועל אויפנעמען איר אַריינקומען צו מיר.

נאָך דעם, ווי איך האָב איר אָנגעוויזן ליבלעך אויפן איינציקן געבעטן שטול, האָט זי זיך אַוועקגעזעצט און געבעטן אַ פּאַפּיראָס.

עס איז געווען אַ רגע פון פיינלעכן שטילשווייגן. נישט געוווּסט פון וואָס אָנצוהויבן און אויך נישט פאַרשטאַנען איר פּלוצלונגדיקן אַריינקומען צו מיר אין דער שטורעמדיקער נאַכט.

אויך זי האָט זיך נישט געפילט גאָר באַקוועם, אַ ביסל פאַרלוירן, נאָר פאַרציענדיק דעם פּאַפּיראָס האָט זי ווי צוריק איר גלייכגעוויכט געפונען און אָנגעהויבן רעדן:

— איך ווייס — זאָגט זי — אַז דו פאַראורטיילסט מיין אַוועקגיין פון קיבוץ. דערפאַר האָב איך באַשלאָסן אַריינגיין צו דיר. אויפקלערן די סיבה פון מיין אַוועקגיין, כאָטש אויך מיר איז עס אין גאַנצן נישט קלאָר.

זי איז אַ ווילדע אַנטשוויגן געוואָרן, אַ וויש געטאָן דעם ווייסן שטערן, ווי זי וואָלט געוואָלט אַראָפּווישן אַ רעגן־טראָפּן, וואָס האָט זיך אַרונטערגע־גליטשט פון אירע געדיכטע האָר. און ממשיך געווען:

— איך געדענק זיך נאָך מיט אַ צוועלף־דרייצן יאָר צוריק, ווען זייענדיק אַ קליין מיידעלע, פלעג איך אַרויפקלעטערן אויף דיינע קני, און דו פלעגסט מיך וויגן צוזאַמען מיט יגאלן. איך געדענק זיך נאָך אין געמיינזאַמען שלאָפצימער אין קינדערהויז. די עלטערן פלעגן אונדז

איבערלאָזן אַליין אויף גאַנצע נעכט. קליינע פינף־זעקס־יאָריקע קינדער. אונדזערע שלאָפצימערן זענען געשטאַנען דאַן ביים ברעג פון מחנה, עטוואָס אָפגערוקט פון די וווינונגען פאַר די חברים. איך פלעג דורך די לאַנגע ווינטערנעכט ליגן איינגעקאָרטשעט פון שרעק, נישט איין מאָל פאַרציטערט ווערן פון די דונערן און בליצן, וואָס פלעגן קראַכן איבערן פלאַכן דאַך און זיך אַריינשפּאַרן דורך די דינע פאַרהענגלעך. די נאַכט־וועכטערין פלעגט אַריינגיין פון צייט צו צייט אויף אַ מינוט, אָבער שעהן־לאַנג פלעג איך ליגן וואַך אין שרעק. און דאַן נאָך האָב איך אין מיין קינדערש הערצעלע זיך פאַרשווווירן צו פאַרמיידן פון מיינע קינדער די דאָזיקע שרעק. זאָל זיין דאָס איז די סיבה פון מיין פאַרלאָזן?

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן, ווי זיך צוגעהערט צו די וויטע דונערן, וואָס האָבן פון צייט צו צייט זיך געקייקלט אין דעם פינצטערן דרויסן, אירע ברוינע אויגן האָבן זיך ווי איינגעגעסן אין מיין טישלעמפּל, גע־בלאָנדזשעט אויף מיר:

— געדענקסטו אַ ווינטערדיקן פרימאָרגן, ווען מען האָט געפונען דעם גרויסן און שלאַנקן גראַוויליע־בוים אַ צעבראָכענעם ביזן שטאַם? שטיקער גרינע צווייגן און האַלץ זענען צעפלויגן צענדליקער מעטערס אַרום אים. דער בוים איז געוואַקסן נישט וויט פון אונדזערע שלאָפ־צימערן. איצט איז דער שטאַם פאַרוואַקסן מיט גראָז, אַז מען קען נישט דערקענען, אַז דאָ איז אַמאָל אַ שלאַנקער בוים געוואַקסן.

דער בוים איז איינגעבראָכן געוואָרן אין אַ נאַכט פון שטורעם. אַ דונער האָט אים געטראָפן און צעריסן אויף שטיקער. איך האָב געהערט דאַן דעם בראַך. איך האָב געהערט דעם דונער. ליגנדיק אַליין אין מיין בעטעלע, צווישן נאָך פינף קליינע קינדער, ווי איך, און בין געבליבן פאַרגליווערט פון שרעק. און אַזוי האָט מען מיך דאַן געפונען. אויף מאָרגן ביינאַכט בין איך ווידער געשלאָפן אַליין.

מעגלעך, אַז דאָס איז אַן ענין פאַר פּסיכאָלאָגן, פאַר דאָקטוירים, וואָס האָבן צו טאָן מיטן נפש נישט מיטן גוף? אָבער אין מיר איז עפּעס געבליבן

פון יענער ווייטער שרעק און דאָס האָט גורם געווען און צוגעהאָלפן מיר אייך פאַרלאָזן.

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן. אין דרויסן האָט אויפגעהערט צו רעגענען. דורך די דינע ברעטער פון מיין צריף האָט דער קאַלטער ווינט זיך געשפאַרט.

זי איז געבליבן זיצן אין שטול, ווי אויסגעלאָשן, ווי זי וואָלט איינגעדרעמלט. און מיט אַ מאָל איז אויפגעשווומען פאַר מיר אין מיין זכרון איר ליב קליין פנימל פון יענע יאָרן; ווען איך פלעג ביינאַכט אַריינגיין איינדעקן מיין זון, אין קינדערהויז, פלעגט זי אויפהויבן דאַן איר שוואַרץ קעפעלע פון בעטל און זיך קלאַמערן אין מיר, און זוכן פאַרשידענע תירוצים, כדי מיך צו פאַרהאַלטן.

# תשרי

די אָווגטן זענען שוין דאָ קיל. די קאַלטע פאַרנאַכטיקע ווינטן, וואָס מאַכן צאַפּלען די בוימער און צווייגן, דערמאָנען שטאַרק די תשרי־טעג דאָרטן אין פוילן־לאַנד, פון וועלכע איך בין שוין יאָרן לאַנג ווייט. דאָך אינעווייניק גיט אַמאָל אַ צופּ, און ס׳גיט אַ פּלאַטער מיט שאַרפן ווייטיק און בענקשאַפט נאָך יענע דעמאָלטיקע פריע קינדער־יאָרן; אין קרייז פון טאַטע־מאַמע, שוועסטער, ברידער, פריינד; נאָך יענער היימישער סביבה, וואָס קיין שום אַנדער היימישקייט וועט עס שוין קיין מאָל נישט קענען פאַרבייטן. אָט די סביבה, מיט די נאָענטע מענטשן, איז מיט איין מאָל אָפּגעווישט געוואָרן פון דער פלאַך פון דער ערד. דאָס לאַנד פוילן איז געבליבן, אָבער וואָס איז מיר דאָס לאַנד אָן די קוואַלנדיקע, זאַפטיקע, טיף־וואָרצלדיקע יידישע יידן? אָן מיין משפחה, וואָס האָט זייט דורות זיך אויף דער ערד אַ היים געבויט, און זיך צעשפּרייט אין צענדליקער פאַמיליע־אָפּצווייגונגען?

אין די נעכט, ווען דער האַרבסטיקער שטורעם־ווינט שפּאַרט צו מיר דורך די אָפענע פענצטער, ווען דער גערויש פון די בוימער איז שאַרף און שוידערט אַריין צו מיר אין קליינעם ווייסן צימער — ליג איך וואָך, און געשטאַלט נאָך געשטאַלט שווימט אַרויס פאַר די אויגן, וואָס זעען אין דער פינצטער גאָרנישט און זעען אַלץ.

אָט זע איך מיין קליינע איינגעשרומפּענע מאַמע, מיטן שטאַרק צעקנייטשטן געזיכט פון יאָך, וואָס דאָס אלמנה־לעבן האָט אויף אירע איידעלע פּלייצעס אַרויפגעלייגט. פון יאָך, צום אויסהאָדעווען זין און טעכטער, זיין זייער באַשפייזער און זייער באַקליידער. צום סוף ווען מיין מאַמע האָט שוין מיך אויסגעהאָדעוועט, דעם מיזיניק, דאָס לעצטע קינד פון משפּחה, און געוואָרט אויף אַביסל נחת, האָט ער זיך אויפגעהויבן און די מאַמע איבערגעלאָזן אין איר עלנטקייט, און אַליין אַוועק אין זוניקן לאַנד. איך זע נאָך איצט אירע בעטנדיקע אויגן. ניין, זי האָט נישט געוויינט, נישט גערעדט פאַר מיין אָפּפאָרן, אָבער דאָס שווייגעניש און דער טרויער

אין אירע מידע האַלב־פאַרלאָשענע אויגן, האָט מיר דאָס האַרץ צעשניטן און יאָרן לאַנג באַגלייט דאָ אין לאַנד, ביז ס'איז געקומען די ידיעה: „אומגעקומען אין פּאָנאַר". און איך האָב געוווּסט, אַז אויך איך האָב אַ חלק אין איר טראַגישן סוף. עס מאַטערט מיך דאָס געוויסן: פאַר וואָס האָב איך זיי נישט אַרויסגענומען באַצייטנס פון „דאָרטן"? פאַר וואָס?...

איך זע מיין שוועסטער חיה־שרה, וואָס האָט לאַנג נישט גענאָסן פון איר פאַמיליען־לעבן, און איז פאַרשניטן געוואָרן צוזאַמען מיט איר מאַן דורך די דייטשע מערדער. קורץ איז געווען איר גליק, וועלכעס זי האָט מיר באַשריבן אין אירע האַרציקע בריוו, גלייך נאָך דער חתונה.

איך זע מיין ברודער מיט פרוי און קינד און יעדער איינער פון זיי איז געפאַלן באַזונדער. מיין ברודער, ערב דער באַפרייונג איז פאַרברענט געוואָרן לעבעדיקערהייט אויף די שייטערן פון קלאָגע. דאָס קינד האָט מען אַרויסגעגזלט פון דער מאַמעס הענט און פאַרשלעפּט צו פּייניקונג און צו דער עקידה, קיין שפּס איז אויף זיין אָרט נישט געקומען, נאָר ער אַליין איז געווען דער קרבן, דאָס אומשולדיקע עופעלע. די יונגע מאַמע איז צוזאַמען מיט מיין מאַמען אַוועק געאָרעמטערהייט, צום שוידערלעכן אָרט, צום גרויליקן מזבח פון ווילנער יידן, אויף פּאָנאַר.

איך ליג מיט אָפענע אויגן און דאָס דערציילטע וועגן זיי שווימט אויף אין גרוילבילדער. איך ליג אויסגעווייקט אין אַנגסטן און פאַרזוך עטוואָס, אפשר נאָר אַ טויזנטסטל חלק פון דעם, וואָס זיי זענען דורכגעגאַנגען אויף זייער גולגתא־וועג.

אין לויף פון די יאָרן, אין רעש פון די טעג, פאַרגעסט מען. קומען די האַרבסטיקע, ווינטיקע נעכט און דערמאָנען. גוט וואָס זיי דערמאָנען. זאָל זייער פּיינפולער סוף פון אונדזער געדעכעניש קיין מאָל נישט פאַרשווינדן, נישט פאַרגעסן ווערן.

# דערמאָנונגען

דערמאָנונגען פון מיין היים, וואָס איך האָב פאַרלאָזן מיט אַכצן יאָר צוריק, איז מיר דאָ אין קיבוץ גאָרנישט געבליבן. די זאַכן, וואָס איך האָב מיטגענומען, זענען שוין לאַנג צעריסן געוואָרן, די ספרים — צעשאָטן, און ווער ווייסט ווו דער ווינט האָט פאַרטראָגן זייערע בלעטער.

אָבער ביז היינט האָט זיך נאָך אויפגעהיט אַ העפט מיט מיינע פריע יוגנט־לידער, וואָס איך האָב נאָך באַוויזן אָנשרייבן אין ווילנע, און אַ דריי פערטלדיקע קורטקע פון גוט אויסגעאַרבעטן פערדישן לעדער, וואָס מען האָט מיר אויפגענייט פאַר מיין אָפּפאָרן אין לאַנד, ווי דער שטייגער איז געווען אין יענע יאָרן.

דאָס זענען די איינציקע צוויי זאַכן, וואָס זענען פאַרבונדן מיט אַזויפיל זכרונות און דערמאָנונגען פון יענע ווילנער יאָרן, און ווען איך ריר זיך צו זיי צו, גיט מיר אַ פאַרפלייץ זכרונות פון אָט די ווייטע טעג אין דער גרויסער יידישער שטאָט, אין דער עיר ואם בישראל, וואָס איז אָפּגעמעקט געוואָרן, וואָס איר נאָמען קלינגט שוין איצט ווי אַ לעגענדע און קענסט דעם נאָמען טרעפן נאָך אויף די ווילנער, אין לעדער געבונדענע שס״ן פון ראָמ׳ס דרוקעריי. ווייל איצט איז שוין דאָרט גאָרנישט געבליבן פון דעם, וואָס איז געווען. נישטאָ שוין קיין יידישע שטאָט ווילנע.

היינט, אין רעגנדיקן טאָג, ווען די אַרבעט אין פעלד איז אָפּגעשטעלט, האָב איך זיך ריענדיק צווישן מיינע ביכער אָנגעטראָפן אויף מיין אַלט העפט לידער, געבונדן אין שוואַרצן לייוונט און גראָבע טאָוולען. און לעבעדיק האָט אויפגעטויכט פאַר מיר דער אַלטער איינבינדער מיט דער קאָלטענעוואָטער באָרד, וואָס האָט געוווינט אין אַ קעלער אויף גיטקע טויבעס געסל. זיין אַרבעט האָט אים, ווייזט אויס, ווייניק מפרנס געווען, ווייל די פרנסה־געבערין איז גאָר געווען זיין ווייב, וואָס האָט ווינטער געהאַנדלט מיט געפרוירענע עפּל, און זומער מיט הייסע באָבעלעך...

אָבער זיין אַרבעט האָט ער געטאָן ערלעך, געבונדן שטאַרק, אויף

צענדליקער יאָרן, און אַ ספר וואָס איז אַרויס פון אונטער זיין האַנט, האָט זיך שוין נישט גיך צעשאָטן.

אים האָב איך עס דאַן פאַרטרויט, די צעשאָטענע העפטן מיט מיינע לידער, ער זאָל זיי אַריינגעמען אין זיין פּרעס, מיט קליי און זיי געבן אַ תיקון און ער האָט עס טאַקע געטאָן, ווייל איצט נאָך באַלד צוויי צענדליק יאָר, איז דאָס בוך ווי ניי.

מיש איך די בלעטער פון בוך און עס אָטעמט אויף מיר מיטן אָטעם פון פאַרגאַנגענע טעג, מיט ביז גאָר באַקאַנטע גאַסן. אָט איז אַ ליד, וואָס איך האָב אָנגעשריבן נאָך אין מיינע ישיבה־יאָרן, אין ראַמײלעסעס ישיבה. פאַר די צייטן פון די דייטשן, איז אָט די באַרימטע ישיבה פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ רעזערוואַר פון תבואה. איך זע נאָך איצט דעם גרויסן צוויי־עטאַזשנעם מויער, וואָס איז געשטאַנען אויף ראָג נאָוואָגראָדער און קאַווקאַזער גאַס, פונקט אַנטקעגן דעם פוילישן אוניווערסיטעט אויפן נאָמען פון סטעפאַן באַטאָרי. אין דעם ערשטן עטאַזש האָבן געוווינט די ישיבה־בחורים, און אין דער הויך איז געווען דער בית מדרש און די כיתה׳ס, ווו די רביים פלעגן זאָגן די שעורים פאַר די בחורים. איבערן צווייטן עטאַזש האָט זיך געצויגן אַ גרויסער בוידעם, פול מיט שטויב און מיט שימות און מיט אַלטוואַרג, וואָס האָט זיך געזאַמלט זייט יאָרן. גאָר אונטן אין קעלער, איז געווען די קיך פאַר אונדז, און אַ צימער פאַר דער שמשטע באַדאַנע מיט אירע צוויי איבערגעוואַקסענע און איבערגעצייטיקטע טעכטער. איינע אַ דאַרע, אַ בלייכע, אַ פאַרוועלקטע ווי אַ צוגעלעגענער אתרוג, און די צווייטע, די יונגערע — אַ פולע, אַ ברייטע, ווי אַ צעיוירן טייג.

איך מיש ווייטער אין בוך און ס׳קומען מיר אַנטקעגן לידער, וואָס איך האָב געשריבן אויף זאַוואַלנע גאַס, אין דער אָרעמער וווינונג פון מיין מאַמען, די אלמנה. אין דער קליינער אָרימער הייזקע, וועמענס איינציק קליין פענצטער האָט אַרויסגעקוקט אין אַ שטיינערנעם הויף, אַ פאַרמאַכטן, ווי אַ קאַסטן און דעריבער איז אַלע מאָל געווען טונקל ביי אונדז. איך זע

נאָך איצט דעם איין־איינציקן בוים, וואָס איז געשטאַנען אין מיטן הויף און אַלע פרילינג געגרינט אָבער נישט געוואַקסן, צוליב ווייניק זון, וואָס דער שטיינערנער קאַסטן האָט פאַרמאַגט...

איך מיש מיין העפט, דעם איינציקן אָנדענק, וואָס איז מיר געבליבן פון מיין חרובער היים. דער איינציקער פאָדים, וואָס פאַרבינדט מיך נאָך מיט יענע ווייטע, ראָמאַנטישע טעג, ווי עס קען זיין אַ יינגל פון זיבעצן־אַכצן יאָר.

זאָרגפעלטיק וויש איך אַרום דעם שטויב פון מיין בוך, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט אויף אים דורך די יאָרן, וואָס איך האָב זיך צו אים נישט צוגערירט, און שטעל אים מיט ליבשאַפט אַוועק אויף זיין אָרט. איינגע־וויקלט אין די דערמאָנונגען פון יענע יאָרן שטרעק איך אויס מיין האַנט צום אַראָפּנעמען פון וואַנט עפּעס אַ בגד, כדי איך זאָל קענען אַרויסגיין אין רעגנדיקן דרויסן, — און, צופעליק צי נישט צופעליק, טרעפן אָן מיינע פינגער די לעדערנע קורטקע, וואָס האָט זיך נאָך אויפגעהיט ביז היינט, און אַריינשטעקנדיק מיינע הענט אין אירע אַרבל האָט אויפגע־טויכט פאַר מיר יענער שניידער פון קליין סטעפּן־גאַס, ערגעץ אויף אַ צווייטן עטאַזש. ווי היינט האָט דאַן אויך געגאָסן אַ האַרבסטיקער רעגן. איך בין געשטאַנען פאַר אים אין דער קורטקע אַ האַלב אויפגענייטע, אַ האַלב פאַרסטריגעטע און ער האָט מיט קרייד געצייכנט אויף איר אַרום די אַקסל און אונטער די פאַכוועס.

איך זע אים דעם שניידער, אַ הויכער יונג, און צוליב מיין נידערי־קייט, האָט ער זיך געמוזט אַראָפּבויגן צו מיר, איך הער נאָך איצט זיינע רייד וועגן ארץ־ישראל און די פרייד זיינע, וואָס זיין אַרבעט, די קורטקע, וועט האָבן אַ זכיה צו זיין דאָרטן. און ווי מאָדנע און אַכזריותדיק איז דער גורל — זיין אַרבעט לעבט נאָך, שיצט מיך דאָ פון ווינט און רעגן און ער אַליין אוודאי, ליגט ערגעץ אין די פּאָנאַרער גריבער, אָדער זיין אַש האָט דער ווינט שוין לאַנג צעשטויבט.

מיין האַרץ וויינט, און אין דרויסן גייט דווקא אַ פריילעכער רעגן,

אַ רעגן אויף וועלכן מען האָט לאַנג געוואַרט. דאָס פעלד האָט געוואַרט, און דער מאַראַנצן־סאָד, און געוואַרט האָט דער ווייַנגאָרטן און דער עפּל־סאָד.

אויפגעהייטערט פון רעגן כאַפּ איך די קורטקע און לויף צום קינדער־גאָרטן אייַנוויקלען אין איר מייַן קליינעם זון, וואָס וואַרט שוין אויף מיר, ווייל ס'איז שוין געקומען די צייט ווען ער דאַרף גיין צו די עלטערן.

## אַ חבר פון די קינדער־יאָרן

די נעכטיקע באַגעגעניש איז געווען אַ האַרציקע און אַ פּשוטע, דאָך עטוואָס אַן אייַנגעהאַלטענע, צוליב אַ סך צייט, וואָס האָט אונדז אָפּגעשיידט פון יענע ווייטע קינדער־יאָרן אין ווילנע, ווו מיר האָבן זיך אַזוי חבריש צוזאַמענגעלעבט. די באַגעגעניש האָט אויף מיר אָנגעוויייעט בענקשאַפט נאָך דעם ווילנער „אַמאָל", וואָס איז שוין אָפּגעווישט און אָפּגעמעקט געוואָרן פון פּלאַך פון דער ערד.

ער האָט מיך געטראָפן שטיין ביי דער אַרבעט. ווען ער איז אַריין אין משק, און געפרעגט אויף מיר, האָט אים אַ חבר געוויזן ווו איך געפין זיך.

אַנטקעגן מיר איז געשטאַנען אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר אַכט־און־דרייסיק. אַ לייכטער ווייסער הוט אויף אַ הויכן רבנישן שטערן, מיט טיפע ווינקלען, שטאַרק גרינע אויגן, וועלכע ווען דו זעסט זיי איין מאָל, געדענקסטו זיי שוין אויף לאַנג. עפּעס קענטלעכס און באַקאַנטס איז געווען פאַר מיר אין דעם דאָזיקן פּנים און דאָך האָב איך זיך נישט געקענט דערמאָנען, ווו און ווען איך האָב זיך מיט אים געטראָפן; נאָר זיין קול האָב איך דערקענט. ווי מאָדנע, דווקא זיין שטימע האָט זיך נישט געענדערט, די זעלבע טענער, ווי אין יענע ישיבה־יאָרן, נאָר מענערישער, באַסאָווער און טיפער.

— חיים'קע!...

אין מיין אויסגעשריי איז געווען סיי אויסרוף און סיי וווּנדער.

און ער, אַ ברייטער שמייכל האָט זיך צעלייגט אויף זיין בלאַס

געזיכט און אַנטפּלעקט פאַר מיר יענץ גוט באַקאַנט חן־גריבעלע זיין, נאָענט ביי דער מאָרדע פון דער לינקער באַק. זיין קליין, שיטער בערדעלע האָט עס עטוואָס פאַרדעקט, און דאָך האָב איך עס אויסגעפונען און דער־קענט אין אים מיין חיים׳קען פון אַמאָל, מיין חבר פון די קינדער־יאָרן אין ראַמיילעס ישיבה אויף ראָג נאָוואָראַדער און קאַווקאַזער גאַס אין ווילנע, אויף איין באַנק זענען מיר געזעסן און צוזאַמען געלערנט גמרא מיט רש״י, שפּעטער זיך פאַרטיפט אין פאַרשידענע מפרשים, וואָס האָבן אין משך פון לאַנגע דורות צוגעטראָגן זייערע אויסטייטשונגען צום ים־התלמוד. אַ גוטן קאָפּ האָט ער געהאַט מיין חבר, אַ בור־סוד, וואָס לאָזט נישט פאַרלוירן גיין קיין טראָפּן פון דעם, וואָס ער האָט געלערנט. די רביים און די רבנים וואָס האָבן פאַר אונדז געזאָגט דעם „שיעור״ זענען געווען גרויסע למדנים; זיי האָבן אין די טיפקייטן פון „תלמוד״ זיך געפילט פריי און אַריינפירנדיק אונדז אין די־אַ פאַרפלאָנטערטע לאַבירינטן, האָבן זיי אויך אַרויסגעפירט בשלום און די אַלע סתירות זענען קלאָר געוואָרן און גלאַטיק, ווי אַ חלף, אָן אַ סירכהלע און אָן פּגם.

און חיים׳קע האָט אָט די אַלע „שיעורים״ זייערע געדענקט און איבער־געזאָגט פאַר די תלמידים און טייל מאָל נאָך צוגעגעבן אַ נופך משלו און קלאָר געמאַכט אומקלאָרקייטן און נישט פאַרשטענדלעכע ערטער, וואָס מיטן ערשטן מאָל הערן איז געווען שווער צו תופס זיין די אָדער יענע סוגיה.

ס׳האָט מיך אַלע מאָל געצויגן צו אים, צוליב זיין אָפן געזיכט און האַרציקן שמייכל, וואָס ער האָט פאַרמאָגט, פאַר זיין חן־גריבעלע אין דער לינקער באַק, וואָס האָט דערציילט פון אַ מזג־טוב, און אויך ביים עסן, אין עסצימער, וואָס האָט זיך געפונען אין קעלער פון ישיבה — האָב איך מיין אָרט נעבן אים געהאַט.

ווי דער געשמאַקער ריח פון אַ פריש ברויט ברענגט מיט זיך דעם געבענטשטן הונגער, אַזוי האָט ער מיט זיך געבראַכט די בענקשאַפט נאָך יענע ווייטע ווילנער יאָרן, וואָס האָבן זיך אין מיר אַ וועק געטאָן אין האַרץ ביז פיזישן ווייטיק.

און טאַקע ביי דער אַרבעט אין שאָטן פון אַ ציטרין־בוים, האָבן מיר זיך אַוועקגעזעצט און אַוועקגעשוווּמען אין יענער תקופה, אין זכרונות פון די רביים און תלמידים, וואָס דער גרעסטער טייל פון זיי איז שוין נישטאָ, ווייל דער צורר האָט אַלץ און אַלע אָפּגעמעקט.

די באַרימטע ישיבה האָבן זיי פאַרוואַנדלט — די וואַנדאַלן — אין אַ תבואה־דעפּאָזיט. אונדזער רבין ר׳ אלי׳ האַלפערין, וואָס האָט געזאָגט דעם דריטן „שיעור״, האָבן זיי פאַרפייניקט. דעם רבין פון פינפטן „שיעור״, דעם גאון, ר׳ מאיר שניפּישקער — אויפגעהאָנגען.

די רשימה איז געווען לאַנג, אויסגעפילט מיט נעמען באַקאַנט, יידן למדנים, וואָס זענען נישט אַרויסגעטראָטן פון די פיר איילן פון בית־מדרש, יידן, וואָס האָבן קיין פליג אויף דער וואַנט נישט אַנגערירט און אין הילכות פון טאָג־טעגלעכן לעבן זענען זיי געווען בטלנים, דערפאַר, קלאָר אין אַלע הילכותן פון ים־התלמוד.

אין ווילנע, וואָס איז געווען די שטאָט פון שולן, סעמינאַרן, אוניווער־סיטעט און ישיבות האָבן זיי פאַרנומען אַ בכבודיקן אָרט און אַרויסגעגעבן רבנים פאַרן גאַנצן ווילנער געגנט און נאָך ווייטער. און דאָס אַלץ איז אומגעפאַלן, ווי אַן אונטערגעגראָבענער בנין.

וועגן זיך האָט ער דערציילט ווייניק, איינגעהאַלטן, כמעט איינציקע ווערטער, וועגן אַ לעבן אין קאַנאַליזאַציע־רערן, אונטער די גאַסן, ווו דאָס שמוץ, רינט אָפּ און ציט זיך אַוועק ביז צו דער ווילייע. ס׳איז געווען אַ לעבן אָן ליכט און אָן האָפענונג און דאָך איז געווען אַ שטאַרקער דראַנג צו ווערן איבערלעבן די מערדער, וועלכע האָבן אַרומגעשפּאַצירט אויבן אין דער יידנלאָזער שטאָט און דער גרויסער רצון האָט געגעבן כוח און נישט געלאָזן זינקען און דערהאַלטן ביים לעבן.

שטיל איז געווען אין סאָד. דער ציטרין־בוים האָט אויך ווי איינגע־האַלטן זיך געשאָקלט און זיך צוגעהערט צו דעם, וואָס מיין יוגנט־חבר האָט דערציילט וועגן יענעם טויטן־לאַנד, וואָס אַ רגע לעבן איז געווען אַ נס און דער טויט — אַ נאַטירלעכע דערשיינונג.

דער אָוונט איז צוגעפאַלן, איך האָב פאַרוואָרפן מיין ברייטע טוריע

אויפן אַקסל און מיר האָבן זיך געלאָזן גיין צום משק און אַזוי גייענדיק מיט מיין חבר, האָט זיך מיר דערמאָנט אונדזערע בשותפותדיקע שפּאַצירן מיט העכער צוואנציק יאָר צוריק — אויף דער שטילער קאַווקאַזער גאַס, נאָענט נעבן אונדזער ישיבה, פאַרטיפט אין אַ סוגיה פון דער גמרא אָדער אין אַ פּרק „חובת הלבבות" און לעבהאַפט דיסקוטירט.

איצט זענען מיר געגאַנגען שטיל און דערשלאָגן, פאַרטיפט אין גרויסן ווייטיק. ביי אים האָט זיך צוריק געעפנט די וווּנד, וואָס האָט זיך אין משך פון יאָרן געהאַט שוין פאַרהיילט אויף זיין וואָגל־וועג אין די פאַרשידענע לענדער.

ס'איז שוין געווען טונקל, ווען מיר זענען אָנגעקומען צום בערגל, וואָס איז געלעגן אַ באַגרינטער און אַ ליכטיקער. פון אַלע הייזער האָט אַרויס־געשפּאַרט ליכט און קינדערישער טומל. יונגוואַרג איז געלעגן צעלייגט אויפן גראָז און געמיטלעך געשמועסט און האַרציק געלאַכט, יונגע מאַמעס האָבן געטראָגן זייערע קינדער צום קינדערהויז אויף צו לייגן שלאָפן, קליינע ייִנגלעך האָבן געריטן אויף טאַטעס אַקסלען און בשום אופן נישט געוואָלט אַריינגיין אין זייערע שלאָפצימערן, וואָס האָבן זיך נאָך נישט באַוויזן אויסצוקילן פון דער בייטאָגיקער חמימה. דערוואַקסענע טעכטער פון משק האָבן שפּאַצירט אין אָוונט און פאַרטרויט איינע די אַנדערע זייערע מיידלשע חלומות. ס'האָט אויפן בערגל פּולסירט מיטן געזונטן אַרבעטער־לעבן און מיטן געשמאַקן ריח פון אייגענער יידישער ערד אונטער די פיס.

ביים שיין פון עלעקטריע האָב איך דערקענט, אַז מיין חברס פּנים האָט זיך אויסגעלייטערט, האָט אָנגעהויבן שטראַלן. בגניבה פון מיר, האָט ער מיטן אָרבל אַ וויש געטאָן גרויסע טרערן, וואָס האָבן זיך אָבער באַוויזן אַראָפּקייקלען איבער די בלאַסע באַקן זיינע.

איך האָב געוווּסט, אַז ס'זענען טרערן פון צער און טרערן פון פרייד — — —

אברהם לעוו

# די חתונה

## א

לעם דעם לאַנגן הילצערנעם עסזאַל, אויפן רונדן גרויסן גראָז־שטח, שטייען אויף דער גיך צונויפגעקלאַפּטע טישן און לאַנגע בענק. די נישט־אַרומגעהובלטע ברעטער זענען איבערגעדעקט מיט גרויסע ווייסע לייוונטענע טישטעכער. זיי גיבן צו יום־טובדיקייט די וואַכעדיקע לאַנגע טישן, וואָס זענען אַרויפגעשטעלט אויף בעטאָנענע בלאָקן.

אויף די טישטעכער שטייען צעשטעלט גלעזער און קעלישקעס צו פאַרשידענע געטראַנקען. אין די פלעשער מיט וויין, ביר און מאַראַנצן־זאַפט שפּיגלען זיך די לעצטע זון־שטראַלן, שוין אָפּגעשוואַכטע פון אַ גאַנצן טאָג ברענען. זענען זיי מילד און צוזאַמען מיטן קילן ים־ווינטל גלעטן זיי איצט די פאַרשוויצטע פנימער פון די חברים, וואָס פאָרען זיך און גרייטן צו די שמחה.

אויף אייזערנע סלופּעס זענען אָנגעצויגן צענדליקער שורות פון עלעקטרישע דראָטן און אין זיי זענען אַריינגעשרויפט הונדערטער לעמפּלעך. אויבנאָן, ביים סאַמע אָנהויב פון וואַנען עס הויבן זיך אָן ציען די טישן ווי ווייסע שטראָמען, איז אויפגעבויט אַ סוכה פון גרינס, געפלאָכטן פון פאַרשידענע ביימער־צווייגן; דאָ וועט דאָס פּאָרל זיצן, ווען מען וועט פייערן זייער חתונה.

די פייערלעכע צערעמאָניע וועט פאָרקומען אין אָוונט, אָבער איצט גייען אָן די צוגרייטונגען אין גאַנצן ברען: עס אַרבעט די עלעקטרישע ברויטמאַשין, וועלכע שניידט אָן דינע פּעניצעס; מען גרייט סענדוויטשן און אַנדערע געשמאַקע צובייסן פאַר די געסט, וואָס וועלן קומען פון אַנדערע קיבוצים און פון שטאָט זיך צו פרייען מיט אונדזער פרייד.

אין גרויסן קולטורזאַל קומען פאָר די לעצטע רעפּעטיציעס פון אַן איינאַקטער; אין אַ צווייטן ווינקל חזרט מען איבער די לידער, וואָס מען וועט זינגען; מען פּרוווט נאָך אַ מאָל אַדורכטאַנצן די טענץ וואָס וועלן געוויזן ווערן היינטיקן אָוונט; אין אַ דריטן ווינקל פירט מען אויס ספּאָרט־נומערן — אַלץ זאָל קלאַפּן אין דער באַשטימטער שעה.

אַ סך חברים האָבן זיך אומגעקערט פון דער אַרבעט גלייך נאָך מיטאָג, ווייל ס'איז דאָ אַ סך וואָס צו טאָן, גרייטן די טישן, צולייגן אַ האַנט דאָ־דאָרטן. מען פירט קאַסטנס מיט ביר פון קילהויז; בוטלען מיט ווייַן אין געפלאָכטענע קוישן. די טאָרטן און די פאַרשידענע געבעקסן פאַרשמעקן נישט נאָר די קיך, וו דער באַק־אויוון שטייט, נאָר ווייט און ברייט שפרייטן זיך די געשמאַקע ריחות פון געמאָלענע מאַנדלען, צע־שטויסענע ניס, מאָן, קימל, אייער־טאָרטן מיט פאַרשידענע געפּילעכטסן.

די יוגנט רודערט אויך דאָ אַרום. שטערן מער ווי זיי העלפן. פאַר זיי איז עס אַ פאַרשטענדלעכע זאַך, אַזוי דאַרף מען גרייטן אַ חתונה אין קיבוץ. עס געהערט צום קיבוצישן שטייגער־לעבן. אפשר האָבן די עלטערן יאָ דערציילט זייערע קינדער וועגן די אַמאָליקע יאָרן, ווי אַזוי עס האָבן זיך פאַרבונדן פאָרלעך, אָבער קיין קלאָרע פאָרשטעלונג וועגן דעם האָט די יונגוואַרג סיי ווי נישט, ווי זיי האָבן נישט קיין אַנונג, ווי פוסט און וויסט עס איז געווען אָט דאָס אָרט אויף וועלכן עס שפרייט זיך איצט אַ גרויסער קיבוצישער ישוב, אַן אַרומגערינגלטער מיט צעבליטע סעדער, פאַרזייטע פעלדער און מיט פרוכט־באַלאָדענע פרדסים.

* * *

ווען ס'האָט שוין גוט געטונקלט, בין איך פריי געוואָרן פון דער אַרבעט. די הונדערטער לעמפּלעך האָבן געגאָסן ווייסן עלעקטרישן ליכט אויף די שיין־געדעקטע טישן, די פלעשער ווייַן האָבן געפינקלט מיט אַלערליי קאָלירן. אַרום איז נאָך געווען ליידיק, נאָר עטלעכע חברים־סאַרווערס אין לאַנגע אויסגעפּרעסטע פאַרטעכער האָבן זיך געפּאָרעט, געענדיקט צעשטעלן די בלומען, די הויכע גלאַדיאָלעס אין טיפע בעכערס פון פּלאַסטיק לויט דער לעצטער מאָדע, די פלאַכע וואַזעס אין וועלכע עס האָבן זיך געוויקעט נעגעלעך, קליינע מעטאַלענע בעכערס מיט נאָך נישט אין גאַנצן צעעפנטע רויזן.

אַרום איז נאָך געווען ליידיק, די חברים האָבן זיך געגרייט אין די צימערן, אויפגענומען געסט, זיך אָפּגערוט, — נאָר ביי אַ טישל אין אַ זייט האָב איך געזען זיצן אַ בינטל ותיקים — פאַרטיפט אין אַ שמועס.

דווקא זיי, די אמתע מחותנים, זענען דאָ געזעסן ווי זייטיקע מיט וואָכעדיקע, אָפּגעבערענטע און צעשמיסענע פּנימער פון זון און ווינט. מיט אויפגעלאָפענע רויטע הענט, פון רעגנס און שווערער אַרבעט. זייער הויט ביים האַלדז און קאַרק האָט זיך געקנייטשט און געלייגט אין טיפע פאַלבן, ווי ביי שילדקרעטן.

איך קען זיי גוט, אַלע צוזאַמען און יעדן איינעם באַזונדער. נאָך דרייי־צענדליק יאָר זיך טרעפן אין פעלד ביי דער אַרבעט און אין עסזאַל ביים אַלגעמיינעם טיש, ווערן די מענטשן, פאַר דיין קוק, דורכזיכטיק ווי גלאָז. דו זעסט זיי דורך און דורך, ווי זיי וואָלטן געווען דורכגעלויכטן מיט רענטגען־שטראַלן. יעדער איינער מיט זיינע קאַפּריזן, גוטע אָדער שלעכ־טע מידות. יאָ, אויך אין קיבוץ וווינען נישט קיין מלאכים, ס׳איז ווי אומעטום אין יעדער געזעלשאַפט.

די פיר אַלטע חברים, וואָס זענען געזעסן אָן אַ זייט פון די געדעקטע טישן, האָבן שוין לאַנג חתונה געמאַכט קינדער און האָבן שוין גרויסע אייניקלעך. זיי געדענקען נאָך יענע יאָרן, ווען דאָ אַרום איז נאָך געווען וויסט און לער. די ייִנגסטע און די בעסטע יאָרן האָבן זיי אַריינגעטאָן אין אָט דעם שוואַרצן באָדן; זיי האָבן עס אויפגעריסן דעם ערשטן בייט אין דער בתולה־ערד, זיי האָבן עס פאַרלייגט די ערשטע פונדאַמענטן צו די בנינים. אויך איצט שוין מיט האַלב־געזילבערטע קעפּ, שטייען זיי נאָך אויף יעדן פרימאָרגן צו דער אַרבעט אין פעלד.

ווען איך האָב זיך צוגעזעצט צו זיי האָב איך נאָר געהערט די לעצטע רייד פון ראובנ׳ען. ביטערקייט האָט אַרויסגעשפריצט פון זיינע קליינע גרינע אויגן און עקשנות פון זיין פירקאַנטיקער גאָמבע:

— מאָדנע, — האָט ראובן פאַרענדיקט — דאָס, פון וואָס מיר זענען אַנטלאָפן, האָט אונדז צוריק אָנגעיאָגט, מיט נאָך מער שטאַרקייט. מיר ווילן זיך גלייכן צו די שטאָטישע מיט רייכע חתונות, מיט גרויסאַרטיקע מתנות, מיט האַניק־חדשים און דער שד ווייס מיט וואָס נאָך...

שמעון, וואָס איז געזעסן די גאַנצע צייט ווי אָן אַ זייט פאַרטיפט

אין זיך, ווי ער וואָלט זיך גאָרנישט צוגעהערט צום חברס רייד, האָט זיך דערמאָנט:

— ווען איך מיט מיין גאָלדען זענען מיט דרייסיק יאָר צוריק „אַריין אין אַ צימער" (לויטן קיבוצישן פאָלקלאָר — האָט עס באַדייט: חתונה געהאַט), האָט קיינער פון דעם אַפילו נישט געוווסט. נאָר דער חבר פון מזכירות, דער ממונה איבער וווינונגען, האָט זיך שטאַרק געבראָכן דעם קאָפּ: ווו נעמט מען אַ צימער פאַר אָט דעם נייעם פּאָרל? נישט געווען דאַן געבוג באַראַקן, ס'רוב האָט מען געוווינט אין געצעלטן, צו פיר מאַן אין אַן אהל. איז ווי נעמט מען אַזאַ וווינונגל ווו עס שלאָפן פיר מאַן און אָפּגעבן עס פאַר צוויי? ס'איז דאָך פּשוט אַ פאַרברעכן! האָט מען לאַנג אַריינגעטראַכט, ביז מען איז געקומען צו אַ פּשרה, מען האָט אונדז גע־געבן טאַקע אַ צימערל אין אַ צריף מיט אַ צולאָג... אַ דריטן איינוווינער, געהייסן האָט עס דאַן אויף אונדזער קיבוצישן לשון „אַ פּרימוס".

אויף די אָפּגעברענטע פּנימער האָט זיך אַפילו נישט באַוויזן קיין שמייכל. זיי האָבן אויסגעדרייט די קעפּ צו די רייך־געדעקטע טישן, וועל־כע זענען געווען באַגאָסן מיט אַ סך עלעקטרישע ליכט און די טיפע קנייטשן ביי די שלייפן זייערע זענען נאָך טיפער געוואָרן, ווי זיי וואָלטן געזשמורעט די ברעמען אַנטקעגן די סנאָפּעס ליכט, וואָס די גרויסע פינפהונדערט־וואַטיקע לאָמפּן האָבן אַרויסגעשאָסן.

נאָר לוי, וואָס איז ווי דערוואַרעמט געוואָרן פון שמעונ'ס זכרונות האָט געהאַט זיין דערציילונג:

— איך וועל קיין מאָל נישט פאַרגעסן — האָט לוי זיך געגלעט זיינע שיינע וואָנסן, ווי פון אַ סערזשאַנט־מיידזשער, (דער איינציקער פון די פיר, וואָס האָט געטראָגן וואָנסן) — יענעם הייסן יוני־פאַרנאַכט, ווען נאָך אַ שווערן שווייסיקן אַרבעטס־טאָג אין פעלד, האָב איך אויף גיך זיך אַרומגעוואַשן, אָנגעטאָן אַ ווייס העמדל און צוזאַמען מיט רייזלען זיך אַוועקגעלאָזט צופוס קיין כפר־גנים, צום רב, דאָרט שטעלן אַ חופּה.

דער חמסין, וואָס האָט אַ גאַנצן טאָג געבלאָזן מיט הייסע ווינטן, האָט נישט נאָכגעלאָזן אויך אין אָוונט. דער וועג איז דאַן געווען אַ זאַמדיקער.

מיר האָבן זיך קוים דערשלעפּט די דריי קילאָמעטער. אַלץ איז אויף אונדז געווען נאַס. דאָס לעצטע שטיקל וועג צום רב האָב איך שוין רייזלען ממש געטראָגן אויף די הענט. זי האָט יענעם טאָג ווי שטענדיק געאַרבעט צוועלף שעה אין דער קיך, ביי די הייסע טעפּ, וואָס האָבן גע־קאָכט אויף די גרויסע אויוונס.

צום רב זענען מיר אַריינגעפאַלן אַפילו אָן אַן אייגן פלעשל וויין. נאָר זאָל דערמאָנט ווערן צו גוטן די אַלטע רבצין: זי האָט שוין געקענט די חלוצים פון בערגל און אַלעמאָל איז ביי איר געווען גרייט אַביסל וויין. אַן אַלט שטיקל לעקעך און אַפילו אַ קדושין־רינגעלע האָט זי פאַרמאָגט אויסצולייען דעם חתן. דער רב זאָל נאָר פון דעם נישט וויסן.

לוי איז אַנטשוויגן געוואָרן און אַלע פיר האָבן פאַרריכערט. יעדער האָט אַרויסגעצויגן זיינע „דגל"־פּאַפּיראָסן, געפּאַקט אין אַ געוויינלעכער פּאַקונג מיט אַ בלויען באַנדעראָל. יעדער באַזונדער האָט אָנגעצונדן אַ שוועבעלע און דערנאָך געבלאָזן זיילן רויך. צי עס איז געווען אַ סגולה צו פאַרטרייבן די דערמאָנונגען פון אַמאָליקע יאָרן, אָדער צו פאַרטרייבן די קאָמאַרן, וואָס האָבן גאָרנישט אָנגענעם זיך געדרייט אַרום אונדז און פון צייט צו צייט נישט געזשאַלעוועט קיין שטאָך?

איצט איז געקומען די ריי — יהודה זאָל עפּעס זאָגן. יהודה מיטן גלאַטן קאָפּ און די בינטלעך געדיכטע האָר ביי די שלייפן, וועלכע האָבן שוין היבש געגרויט, האָט שטיל פאַרענדיקט דעם לעצטן ציי פון זיין פּאַפּיראָס, דאָס רויט־גליענדיקע קעפּל צעריבן אָן זויל פון זיין שוך, אויפגעהויבן זיינע דיקע ברעמען אויף די חברים און געזאָגט:

— זעט איר, אַ נאַרישקייט געדענקט זיך. ווען איך האָב געמאָלדן דעם מחסנאי (מאַגאַזינער פון די פּראָדוקטן), אַז איך בין „אַריין אין אַ צימער" האָב איך באַקומען אַ ביליק פלעשל וויין מיט אַ ביסל האַרטע קיכלעך. אויף צו מאָרגנס, ווען איך בין געקומען פון דער אַרבעט, האָט מיין ווייבל אויפגעעפנט ברייט די טיר פון אונדזער צריף, אַרויסגעשטעלט לעם שוועל אַ בענקל, — אין ברעטלדיקן צימערל איז געווען אוממעגלעך אַריינצוגיין צוליב דער היץ — אַרויפגעשטעלט דאָס פלעשל וויין, דאָס

טעלערל מיט די זיסע קיכלעך צוגעדעקט מיט אַ ריינעם האַנטעך און גע־וואַרט אַז חברים זאָלן קומען זיך פרייען מיט אונדזער גליק...

אָבער די פאַרבייגייענדיקע, קענענדיק גוט דאָס פלעשל און די טע־לער, וואָס וואַנדערן פון איין יונג פּאָרל צו דעם צווייטן, — האָבן זיך אַפילו נישט אָפּגעשטעלט, אַ מורמל געטאָן: מזל טוב! און אַוועקגע־איילט ווייטער.

די איינציקע געסט, וואָס זענען יאָ געקומען צו אונדז זענען געווען... די פליגן און די קאָמאַרן...

דעם פינפטן, וואָס איז געשטאַנען און זיך איינגעהערט האָב איך נישט באַמערקט ער איז געשטאַנען אין שאָטן. נאָר ווען ער האָט אָנגעהויבן צו רעדן, האָב איך אים דערקענט לויטן קול.

דאָס איז געווען אליקים, שוין אויך אַ ייד אַריבער די פופציק, אָבער אַרבעט נאָך גאַנץ שווער אין די בוימוואָל־פּלאַנטאַציעס אונדזערע. ער אַרבעט צוזאַמען מיט אַ סך יונגע, שוין פון נייעם דור. איז נישט נאָר וואָס ער מוז באַווייזן גלייך מיט זיי, נאָר ער איז נאָך פון די וואָס דאַרפן אָרי־בעריאָגן, זיין אַ מוסטער פון אַן אַרבעטער, אויב ער וויל נישט אָנווערן זיין פּרעסטיזש ביי זיי.

און אָט וואָס אליקים האָט געזאָגט און זיין שטים האָט געקלונגען בייז און צערייצט:

— מיר זענען געווען אַ דור פון טיפּשים, שטענדיק פאַריאָגט אין דער אַרבעט, אַפילו די שבתים און יום־טובים. נישט געהאַט אַפילו קיין צייט חתונה צו האָבן ווי געהעריק. אין די שענסטע יאָרן פון אַ יונגער פּאָר, האָט מען אַריינגעגעבן אַ „פּרימוס" און צעשטערט פאַמיליען־לעבנס. מיר האָבן זיך אין גאַנצן מפקיר געווען כדי צו בויען דאָס לאַנד, דעם קיבוץ, וואָס שענער, וואָס בעסער, וואָס געזונטער עס זאָל דאָ אויסוואַקסן אַ יונגער דור. געדענקט מען דאָס אונדז? שאַצט מען עס אָפּ? קריגן מיר כבוד? להיפוך, מען לאַכט אונדז אויס. די יונגוואַרג האָבן עס לאַנג פאַרגעסן און כאָטש מיר זענען נאָך אין דער אַרבעט, קוקט מען שוין אויף אונדז מיט

ביטול. איז וואָס וועט זיין שפּעטער, ווען מען וועט שוין נישט קאָנען ציען דעם וואָגן ?

ער האָט מיט אַ מאָל אָפּגעהאַקט. ס׳איז שטיל געוואָרן, מאָדנע האָבן געקלונגען די וואָכעדיקע רייד פון אליקים אין דעם יום־טובדיקן אַרום. ביי די געדעקטע טישן האָבן זיך שוין באַוויזן איינציקע אויסגעפּוצטע חברים.

איך בין געווען זיכער אַז ראובן דער קנאי, דער הייסער קיבוצניק, וועט נישט פאַרשווייגן אָט די אַפּיקורסישע ווערטער, וואָס זענען געפאַלן פון אליקים׳ס מויל.

אָבער פּלוצלונג האָבן זיך אַ לאָז געטאָן פון אַלע זייטן געסט. עס זענען אָנגעפאָרן לוקסוסאָווע אויטאָמאָבילן. פון אַלע צימערן האָבן זיך אַרויסגעשאָטן עולם פון אַלערליי עלטער. מען האָט געזשמורעט די אויגן אַנטקעגן דער שטאַרקער ליכט. דער הילכער האָט געבעטן פאַרנעמען די ערטער, ווייל באַלד וועט מען אָנהייבן. מען האָט זיך צעזעצט, געשמועסט, געלאַכט, עס האָט געהודזשעט ווי אין אַ בינשטאָק.

דער הילכער האָט געבעטן זיין שטיל און פון אַ זייטיקן אַריינגאַנג, ספּעציעל צו דעם צוועק צוגעגרייט, האָט זיך באַוויזן אַ צוג פון זעקס שלאַנקע בחורים, אויף די אַקסלען האָבן זיי געטראָגן אַ קליינע עסטראַדע און אויף דער עסטראַדע זענען געזעסן די חתן־כלה, מען האָט זיי גע־טראָגן צו דער גרינער סוכה און די פייערונג האָט זיך אָנגעהויבן.

ווען דער מזכיר פון קיבוץ האָט אַריינגערעדט אין הילכער, באַגריסט דאָס יונגע פּאָרל, האָב איך זיך אַרומגעקוקט אַרום מיר, געזוכט מיינע חברים די ותיקים, אָבער זיי זענען שוין דאָ ביים זייטיקן טיש נישט געווען. קענטיק, אַז יעדער איינער פון זיי האָט זיך אַוועקגעשאַרט אַהין צו די געדעקטע טישן, ווו די אייגענע משפחה איז געזעסן.

נאָר אין שאָטן איז נאָך געבליבן שטיין אליקים אין זיינע וואָכעדיקע קליידער פון דער אַרבעט און אויסגעזען האָט ער ווי דער פאַרצייטיקער נביא, וואָס האָט געלייענט די פייערדיקע שריפט אויפן וואַנט פון פּאַלאַץ:

„מנא, מנא תקל ופרסין...״

ב

דער יינגער דוד האָט חתונה. די קינדער וואָס זענען דאָ הי געבוירן געוואָרן; טאַקע דאָ אין די קיבוצישע געצעלטן האָבן זיי מיט אַן אַכצן־צוואָנציק יאָר צוריק געעפנט די אויגן און דערזען איבער זיך דעם לייווענטענעם דאַך, וואָס האָט ווי אַן איבערגעקערטע לייקע אַראָפּגעקוקט אויף דער ערדענער פּאָדלאָגע.

איצט ווערן זיי שוין אַליין חברים, גלייכע מיטגלידער אין אונדזער קאָמונע. שטעלן אויף אייגענע היימען און ברענגען אַ נייעם דור.

אָבער סאַראַ מהלך וועג פון דעמאָלט ביז היינט. נישט אין קיין געצעלטן וווינען זיי און נישט אין קיין צריפים — נייערט אין בנינים. אין מויערן, מיט אַ פעסטן דאַך איבערן קאָפּ, מיט פיינע פאָרהאַנגען אויף די פענצטער און גוט אויסגעמעבלירט.

נישטאָ שוין דער אַמאָליקער „פח" וואָס האָט געדינט פאַר אַ בענקל, אָדער דאָס הינקענדיקע טישל, אַ צונויפגעקלאַפּטס פון פשוטע ברעטלעך און שטענדיק האָט אים געפעלט אַ פוס... אַ שאַפע? ווען איז עס גאָר איינגעפאַלן צו דערמאַנען? און חוץ דעם וואָלט נישט געווען טאַקע וואָס אין אים אַריינצוהענגען. היינט איז דאָ שיינע אויסגעבעטע שטולן; אַ פאָטעל ממש — פעלט אויך נישט. דער טיש איז געפּאָלירט, די שאַפע — פון דער לעצטער מאָדע.

וואָס פאַר אַ וויטער מהלך פון דאַן ביז היינט, וואָס פאַר אַ וויטער מהלך! איז עס נאָר אין עקאָנאָמישן זין?

* * *

מאָרגן פרייטיק־צו־נאַכטס קומט פאָר אַ חתונה פון איינעם פון אונדזערע זין פון משק, מיט אַ טאָכטער פון אַ צווייטן קיבוץ. באַקט מען טאָרטן, מען גרייט וויין און מען פּלאַנעוועט, ווי אַזוי עס זאָל אַרויסקומען שענער און בעסער.

דערמאָנט זיך די חתונות פון די חברים מיט אַ צוואָנציק, פינף און צוואָנציק יאָר צוריק:

מען האָט אָפּגעאַרבעט אַ געוויינלעכן שווערן אַרבעטסטאָג. זיך אַרומגעוואַשן, אָנגעטאָן אַ ווייס העמדל אויף די האַקי־הויזן, און צוזאַמען מיט דער אויסדערוויילטער איז מען אַוועק צום רב פון דער נאָענטסטער מושבה, און דאָרטן צווישן אַ מנין פרעמדע יידן האָט דער רב געגעבן חופּה און קדושין. צעבראָכן אַ גלעזל, אָפּגעגעבן מזל־טוב און אויף מאָרגן פרי, ווידער אַוועק צו דער אַרבעט ווי ס׳וואָלט גאָרנישט פאָרגעקומען. נאָר ביי דעם חבר, וואָס איז דער ממונה אויף די דירות, האָט מען געבעטן אַ „משפּחה־צימער" און מיט דעם האָט זיך פאַרענדיקט דער חשובסטער אַקט אין לעבן פון אַ מענטשן, אַן אַקט, וואָס איז דורך דורות יידן פאַרהייליקט געוואָרן.

מיר פירן אַ זון אונטער דער חופּה. טאַטע־מאַמע פון חתן־צד, די חלוצים וואָס זענען דאָ פאַר צוואָנציק־פינף־און־צוואָנציק יאָר אַרויפגעקומען אויף דעם דעמאָלסטיקן וויסטן באָדן, זענען דאַן געווען אין דעם זעלבן עלטער וואָס זייער זון איז איצטער. זיי האָבן קומענדיק אַהער איבערגעריסן מיט אַלע פריערדיקע טראַדיציעס און צערעמאָניעס, — אַזוי האָבן זיי געמיינט — זיי האָבן זיך געוואָלט אָפּטרייסלען פון עבר און מיט אַלץ וואָס בינדט זיי צו זייער פריערדיקער היים, צו דער היים פון די קינדער־יאָרן און צו דעם יידישן שטעטעלע אויף דער פרעמדער ערד. זייער חופּה איז דאָ געווען אַ שטילע, ביי אַ ווינקל־רב, נאָר פון יוצא וועגן. דאָס קדושין־רינגעלע איז געווען אַ געבאָרגטס און גלייך נאָך דער חופּה איז עס צוריק אומגעקערט געוואָרן. זיי האָבן געלאַכט ווען די עלטערן — פאַר זייער אָפּפאָרן קיין ארץ־ישראל — האָבן געוואָלט חתונה מאַכן די קינדער, און פראַוועון אַ חתונה־צערעמאָניע, ווי עס פּאַסט פאַר יידן. זיי זענען עולה געווען אין לאַנד און זייער חופּה געשטעלט ביי אַ רב אין פּירהויז.

איצט קוק איך זיך צו ווי די עלטערן־חלוצים זענען עס פאַרפּאַרעט און טוען אַלץ אַז ס׳זאָל אַרויסקומען וואָס שענער די חתונה פון זייער זון; עס זאָל זיין וואָס מער גוטע זאַכן צום טיש און וואָס מער חברים פון

קיבוץ און געסט פון חוצן קיבוץ. זיי, די עלטערן וואָס זענען מיט יאָרן צוריק אַליין אַנטלאָפן פון די דאָזיקע צערעמאָניעס, קלייבן נחת ביי זייער זונס חתונה וואָס קומט פאָר מיט גרויס פייערלעכקייט.

איך קוק זיי אָן און וווּנדער זיך:

וואָס איז דאָ געשען? גייען מיר צוריק צו דעם פון וואָס מיר זענען אַנטלאָפן?

איז דאָס אין דער יוגנט נאָר געווען אַ צייטווייליקער, אַ נאַטירלעכער יוגנט־אויסברוך צו אַנטלויפן פון אַלטן און זוכן עפּעס נייעס?

האָבן מיר געפונען?

ווייזט אויס אַז נישט. מיר האָבן געפונען אַנהאַלט אין דער ערד פון וועלכער מיר ציען אַרויס ברויט און צום ברויט. מיר האָבן געוווּסט צו דערהויבן די אַרבעט אויף אַ הויכער מדרגה, וואָס ברענגט כבוד דעם אַרבעטער, קומענדיק אַליין פון קליינבירגערלעכע און קרעמערישע היימען, ווו אַ בעל־מלאכה, אַן אַרבעטער איז געווען פאַררעכנט פון אַ נידעריקער מדרגה. מיר האָבן דער אַרבעט געגעבן אַ תיקון און זי דערהויבן.

אָבער מיר האָבן נישט געפונען קיין שום זאַך וואָס זאָל פאַרבייטן און אָנפילן מיט אינהאַלט אונדזערע שבתים און ימים־טובים. מיר האָבן נישט געפונען קיין אויסדרוק צו געבן אונדזערע שמחות און אויך נישט צו אונדזערע טרויער־טעג. ליידיק און אינהאַלטסלאָז זענען געבליבן אונדזערע שבתים און מועדים. מיר האָבן געפּרווּוט און פּרווּון עפּעס שאַפן אָבער ביז איצט איז אונדז נאָך נישט געלונגען צו געפינען דעם פּאַסיקן אויסדרוק פאַר אונדזערע פרייד־טעג און פייערלעכקייטן.

מיר, וואָס האָבן געוואָלט פון דעם אַנטלויפן קערן זיך אום פאַרשעמט צוריק. ווייל פון דער אייגענער הויט קאָן מען נישט אַנטלויפן און ס׳איז נישטאָ ווו צו לויפן.

אברהם לעוו

# צוויי דיכטער

נעכטן האָב איך געהאַט אַ גאַסט. געקומען צו מיר אַ חבר פון קיבוץ „גבת". אַ יונגער יידישער דיכטער, וואָס איז אין לאַנד קנאַפּע אַכט חדשים און פילט זיך שוין דאָ איינגעוואָרצלט, ווי ער וואָלט דאָ געווען לאַנגע יאָרן.

דערציילט האָט ער לעבעדיק און אינטערעסאַנט. וועל איך דאָ אין מיין העפט פרווון פאַרצייכענען עטוואָס פון דעם דערציילטן:

געקומען פון אויסטראַליע, ווו ער איז געווען דרייצן יאָר. דורך אַלע יאָרן זיך דאָרט געפילט אין דער פרעמד, כאָטש ער האָט דאָרט אַ היים געבויט און אַ משפּחהלע אויפגעשטעלט. זיך גוט איינגעאָרדנט, אַ שיינע וווינונג, פיינע מעבל און דאָך האָט ער געפילט דורך אַלע יאָרן, ווי ער וואָלט זיין הויז אויפן ווינט געבויט, און הפקר פאַרן שטורעם. אין די גרויסע און געראַומיע צימערן זיינע האָט געבלאָזן אַן עלנטקייט און אַ קאַלטקייט און נישט געווען ביי וואָס צו דערוואַרעמען די יידישע נשמה. נאָכן גרויסן יידישן חורבן אין אייראָפּע, איז אים די ערד אין אויסטראַליע פרעמד געוואָרן, קיין מנוחה אים נישט געגעבן, געטריבן פון זיך, געפילט זיך פרעמד צווישן קליינעם הייפל רייכע יידן און אַן איבעריקער צווישן די גוים.

ביז אין איינעם אַ טאָג האָט ער באַשלאָסן און געטאָן. אויספאַרקויפט זיין ביסל האָב און גוטס, גענומען זיין יונגע פרוי מיט זייער דריי־יעריק טעכטערל און זיך אַוועקגעלאָזן קיין מדינת ישראל.

דער דאָזיקער וואַנדערער, וואָס איז מיט דרייצן יאָר צוריק געלאָפן פון פוילן קיין אויסטראַליע און קיין נשמהדיקן אָנהאַלט נישט געטראָפן, איז איצט געלאָפן קיין ישראל, אין דער יונגער יידישער מדינה. און דאָס, וואָס אין דער פרעמד האָט ער געזוכט דרייסיק יאָר פון זיין לעבן, — געזוכט אַ היים און נישט געפונען, האָט ער עס דאָ געטראָפן גלייך פון ערשטן טאָג, גלייך ווי ער האָט דערפילט די יידישע ערד פון חיפה׳ער פּאָרט אונטער די טריט און דעם לויטערן ישראלדיקן הימל איבערן קאָפּ.

און דער געזונטער אינסטינקט פון דעם טייערן פאָלקסקינד — האָט אים אונטערגעזאָגט צו פאַרבינדן זיין גורל מיטן קיבוץ, וואָס איז נישט פאַרטיילט אין שיכטן פון רייך און אָרעם, פון אַרבעטער און אַרבעטגעבער, פון דריקער און אונטערדריקטע, נאָר ווו מיט שטאָלץ און מיט ליבשאַפט ווערט אויסגעטראָגן דער יאָך פון דער אַרבעט דורך אַלעמען, אַלע זענען גלייכע מיטגלידער צו דעם, וואָס איז דאָ, דער נייער ווי דער אַלט־איינגע־זעסענער, דער שוואַכער ווי דער שטאַרקער, דער יונגער ווי דער אַלטער. דאָרט, ווו דער כבוד פון מענטש ווערט אָפּגעהיט אין איר גאַנצער ערלעכ־קייט.

אין קיבוץ איז ער געוואָרן אַ פאַסטוך איבער הונדערטער שעפּסן, וואָס ווערן געפּיטערט אויף די אייגענע פעלדער. געקראָגן אַ צימער פאַר זיך און זיין פרוי, דאָס קינד — אין קינדערהויז, איינגעגלידערט געוואָרן מיט ליבשאַפט אין דער גרויסער האַרעפּאַשנער עדה, פילט זיך איינער פון זיי און כאָטש די פיזישע אַרבעט פאַרמאַטערט אים, פון נישט געוווינטשאַפט, דאָך בענקט ער נישט נאָכן גרינגן לעבן, וואָס ער האָט געהאַט אין אויס־טראַליע, נאָר ער ווונדערט זיך: ווי אַזוי האָט ער געקענט לעבן אַזוי פיל יאָרן אין דער פרעמד און נישט געאַנט פון פשוטן און געזונטן גליק, וואָס געפינט זיך דאָ?

ער זיצט אַנטקעגן מיר אַ באַרעדעוודיקער, אַ פריילעכער. נאָך לאַנגע זוכענישן האָט ער סוף כל סוף געפונען זיין ריכטיק אָרט אין דער גע־זעלשאַפט און אין לעבן.

בייטאָג באַגלייט ער די סטאַדע אין פעלד, טרינקט דאָס בלוי פון הימל און ווערט אויסגעבראָטן אין דער זון און אויסגעשמיסן פון ווינט. זיין גוף איז דאָ געשטאַרקט געוואָרן און אויך זיין ליד איז לויטערער און פריילעכער געוואָרן, (נישט ווי יענע שווערע און אומעטיקע לידער, וואָס ער האָט געשריבן אויף דער פרעמדער אויסטראַלישער ערד).

ער זיצט אַנטקעגן מיר און לייענט מיר פאָר זיינע נייע שאַפונגען, וואָס אָטעמען מיט בלויקייט פון הימל און זאַטקייט פון פעלד און מיט

געזונטן ריח פון די שאָף, וואָס ער פיטערט אויף די ברייטע פליינען פון עמק יזרעאל.

דעם זעלבן אָוונט בין איך געווען אין תל־אביב און זיך צופעליק געטראָפן מיט אַ צווייטן יידישן דיכטער, אַ פליט, וואָס איז אַהער געקומען פון די לאַגערן, נאָך יאָרן וואַלגערן זיך הינטער שטעכלדראָט. ער איז שוין באַלד אַ יאָר אין לאַנד און זיצט נאָך אין אַ פליטים־מחנה, לעבט פון קצבה, וואָס די סוכנות טיילט אויס, גייט אום דערצאָרנט און פאַרביטערט, וואָס אויך דאָ אין לאַנד. ווו ער האָט געהאָפט צו טרעפן שוין אַ מקום מנוחה, דאַרף ער אַזוי אָפּקומען און זיין איבעריק, קיין פאַך האָט ער נישט און סתם גיין צו אַ פראָסטער אַרבעט איז אים שווער, ער איז שוין אַ פערציקער, און בכלל נישט געווינט צו שוואַרץ־אַרבעט און ווי פאַסט עס פאַר אים. און זיין ליד ווערט דאָ איינגעשרומפּן און זיין טאַלאַנט אויס־גערונען און ער זעט אין יעדן איינעם דעם שולדיקן אין זיין מצב... און אַזוי ווייטער...

הער איך זיין קלאָגעדיקן פּזמון און קוק אים אָן. אַ בחור מיט פּלייצעס, וואָלט דאָ געקענט ווערן פּראָדוקטיוו. זאָל ער נאָר פון זיך אָראָפּוואַרפן די פאַרוויגטע מורא פאַר דער אַרבעט, וועט ער זיין אָרט געפינען און אַ תיקון פאַר זיך און זיין איינגעשרומפּן ליד.

פאַרזיכטיק לייג איך אים פאָר, ער זאָל אַריינגיין אין אַ קיבוץ, מען וועט שוין דאָרט פאַר אים צופּאַסן אַן אַרבעט. וועט ווערן מיט מענטשן גלייך, אַ ניי־געבוירענער, וועט קומען צו זיך און אָפּטשוכען, אַראָפּ־טרייסלען דעם שווערן קאָשמאַר.

מיט שנאה האָט מיר זיין בליק אַ ברי געטאָן:

— איך אין אַ קיבוץ? ווידער אין אַ לאַגער? מיר לייגט איר עס פאָר? — און אָן אַ שלום איז ער פון מיר אַוועקגעגאַנגען. איך האָב אים טרויעריק נאָכגעקוקט ביז ער איז אַריין אין אַ צווייטער גאַס.

איינס אַנטקעגן צווייטן, ווי הימל ווייט, זענען די באַנעמונגען וועגן

קיבוץ, פון אַט דעם וואָס איז פון אויסטראַליע געקומען קיין „גבת" און פון דעם פּליט, וואָס איך האָב באַגעגנט.

ווער איז שולדיק?

## אַ ביינאַכטיקער שמועס

די טעג איז געזעסן ביי מיר אַ יידישער שרייבער, געקומען פון אַ ווייט לאַנד — (איז דאָ היינט אַ ווייט לאַנד, ווען דער עראָפּלאַן שלינגט טויזנטער קילאָמעטער אין איין שעה?) — און מיך אויסגעפרעגט וועגן מיין לעבן אין קיבוץ. אים אינטערעסירט זייער — האָט ער געזאָגט — צו וויסן, ווי עס פילט זיך אַ יידישער דיכטער אין אַ קיבוץ? אַ פּאָעט, וואָס איז אוודאי געענויגט מער צו איינזאַמקייט, ווי געפינט ער זיין איך אין דעם קאָלעקטיוון לעבן, וואָס איז אַלעמאָל רוישיק. שלינגט ער נישט איין זיין שטימונג? דערשטיקט עס נישט זיין ליד נאָך איידער עס הויבט זיך אָן וועבן? בפרט ווען ער דאַרף זיך אַריינפּאַסן אין די ענגע ראַמען פון זיין צו דער צייט ביי די מאָלצייטן, ביי דער אַרבעט אין פעלד צי אין וואַרשטאַט.

— אינטערעסאַנט צו וויסן ווי אַזוי זעט איר דעם קיבוץ פון אינעווייניק? — האָט ער מוסיף געווען — איך וויל וויסן אייער קרעדאָ, אייער אני מאַמין, צו אָט דער באַוועגונג וואָס רופט אַרויס באַוווּנדערונג ביי פריינד און פיינט אין פאַרשיידענע וועלט־טיילן. איך לייען פון צייט צו צייט די פּרקים וואָס איר פאַרעפנטלעכט אין פאַרשיידענע זשורנאַלן — מיט גרויס אינטערעס. אָבער לייענענדיק, דוכט זיך, אָפט מאָל, אַז דאָס איז ליטעראַטור; כאָטש עס פילט זיך פון די שורות פון אייערע קיבוצישע פאַרצייכענונגען, — ערלעכע אינעווייניקסטע איבערלעבונגען, דאָך קען מען נישט פאַרגלייכן עס צו אַ פּערזענלעך־חברישן שמועס.

אַזוי האָט גערעדט מיין קאָלעגע, אַ באַקאַנטער יידישער שרייבער — זשורנאַליסט אין די צייטונגען פון וואַנען ער קומט. ער איז געזעסן נעבן מיר ביי מיין קליינעם שרייבטיש, זיינע ברוינע אויגן האָבן שאַרף געקוקט

אויף מיר און געגלאַנצט מיט אַ פלעמל פון נייגעריקייט און דערוואַר־טונג. ווי ער וואָלט געמיינט אַז איך בין ביכולת אין געציילטע מינוטן — טאַקע אויף איין פוס — אַוועקלייגן פאַר אים פינף און דרייסיק יאָר קיבוציש לעבן. פעלט מיר אָבער די חכמה פון הלל הזקן... בין איך אַ ווילע געבליבן זיצן שווייגנדיק.

דער שרייב־בלאָק אין דינעם לעדער געבונדן מיטן „פּאַרקער״ ביים זייט האָט מיך ווי געשטאָכן אין די אויגן. עס האָט מיך געשראָקן זיין וועלן פאַרצייכענען וועגן דעם, וואָס איך וועל אין אַ חברישן שמועס פּרווון איבערגעבן, שטיקלעך אָפּגעריסענע מחשבות, זכרונות, מעדיטאַציעס, דערמאָנונגען, באַטראַכטונגען, דאָס דאַרף זיין אַ מין טראַכטן אויפן קול, אָבער בשום אופן נישט פאַרן ציבור, נאָר דאַרף פאַרבלייבן צווישן אונדז, נישט מאַכן פון דעם קיין געקעכטס פאַרן טעם פון זיינע לייענער מעבר לים. איך האָב עס אים געזאָגט.

ער האָט זיינע שרייב־געצייג צוריק אַריינגעלייגט צו זיך אין בוזעם־קעשענע, אָבער זיין הויכער רבנישער שטערן האָט זיך געקנייטשט, ווי ער וואָלט נישט פאַרשטאַנען, פאַר וואָס?

דערנאָך זענען מיר געזעסן אַ גאַנצע נאַכט און אויסגעטרונקען אַ סך טעפּעלעך קאַפע. לעם אים — אַ שטאַרקער רויכערער — האָט זיך אין טעצעלע אָנגעקליבן אַ היבש בערגל אַש מיט פּאַפּיראָסן־ווײדלעך.

דער שמועס האָט זיך געצויגן אינטערעסאַנט און לאַנג. — איך וועל אים דאָ אָנרופן — אבנר האָט מיר דערציילט וועגן יענער מדינה אין וועלכער ער געפינט זיך שוין עטלעכע און צוואָנציק יאָר. אַנטלויפנדיק פון דער ברענענדיקער אייראָפּע האָט אים דער שטורעם דאָרטן פאַריאָגט. געצויגן האָט אים קיין ארץ־ישראל און דווקא געוואָלט פאַרבינדן זיין גורל מיט די חלוצים אין אַ קיבוץ. אָבער די פאַרשלאָסענע טויערן צום לאַנד דורך די ענגלענדער און דאָס פייער וואָס האָט זיך צעפלאַקערט איבער יבשות און ימען, האָט לאַנג נישט געלאָזן נאָכטראַכטן און מען האָט זיך געלאָזט פאַראַנקערן ווו נאָר מען האָט געקענט קריגן אַ שטיקל מקלט פאַר די מידעביינער.

איצט פאַרמאָגט ער אַ פרוי, דריי קינדער, אַ נאָמען. זיינע שאַפונגען ווערן פאַרעפנטלעכט אויך אין לשון פון דער מדינה אין וועלכער ער לעבט איצט. נישטאָ וואָס צו זינדיקן. און דאָך, און דאָך מאַטערט אים, אַז עפּעס האָט ער אַדורכגעלאָזן אין זיין לעבן, עפּעס האָט זיך אַרויסגע־גליטשט פון אים דער ציל צו וועלכן ער האָט געשטרעבט, וועגן וועלכן ער האָט געחלומט.

אבנר איז אַנטשוויגן געוואָרן. דאָס ליכט פון קליינעם טישלעמפּל איז געפאַלן אויף דעם זילבער פון זיינע שלייפן און זיי געמאַכט נאָך ווייסער. דורכן אָפענעם פענצטער האָט זיך אַריינגעטראָגן דאָס דרויסנדיקע שפּילן פון די גרילן.

איך האָב זיך געוווּנדערט: נאָך וואָס דערציילט ער מיר דאָס אַלץ? געקומען איז ער דאָך זיך דערוויסן פון קיבוץ־לעבן און מיט אַ מאָל גאָר אַזאַ השתפכות־הנפש. און אפשר דווקא דאָס, וואָס איך האָב אים דערציילט און וואָס ער האָט אויסגעהערט פון מיינע רייד האָט אים אַזוי טרויעריק געמאַכט. מיט אַ מאָל האָט ער דערפילט ווי וואָרצללאָז ער איז, מיט זיין גאַנצן שאַפן. פון זיין טרויעריקער ווידוי דערוויס איך זיך, אַז זיין פרוי איז אַ קריסטין, זיין עלטסטע טאָכטער האָט חתונה געהאַט מיט אַ נישט־ייד; די צוויי ייִנגערע זין זענען נישט גע׳מלה׳ט. לעבנדיק דאָרט צווישן גויים האָט ער עס נישט אַזוי שאַרף אַרויסגעפילט, ווי קומענדיק איצט דאָ אין לאַנד, טרעפנדיק די היגע שטאָלצע יוגנט, וואָס לעבט אונטער אַן אייגענעם הימל, פאַרזיכערן דעם קיום פון זייער פאָלק, אַ פאָלק וואָס לעבט שוין נישט אין חסד פון פרעמדע הערשער, נייערט פירט אָן אַליין מיט איר גורל.

שפּאַצירנדיק איבער די גאַסן פון תל־אביב, חיפה, באָדנדיק זיך אין דער ים־בוכטע פון אילת, פאָרנדיק איבער די פליינען פון נגב, פון סיני האָט ער ערשט דערפילט די אייגענע עלנטקייט, די אויסגעוואָרצלטקייט. דאָרט ווו ער וווינט אין יענעם לאַנד איז ער אַ פרעמדער אַפילו צווישן דער אייגענער משפחה, דאָ אין ישראל האָט ער נישט קיין חלק, נישט קיין נחלה.

אַ ייד, אַ סאָציאַליסט, האָט אים ביז גאָר פאַרכאַפּט די קיבוצישע

באַוועגונג, איר סטרוקטור די אינעווייניקסטע און איר אויסשטראַלונג אויפֿן לעבן פֿון לאַנד אין די פֿאַרשיידנסטע געביטן. דאָס האָט אים אויך געבראַכט צו מיר. געוואָלט וויסן וואָס מער פֿון די יידישע קאָמונעס, וואָס זייער גלייכן איז נישטאָ אין דער גאָרער וועלט.

מיד פֿון דער שלאָפֿלאָזער נאַכט, פֿאַרטשאַדעט פֿון אייגענעם פּאַפּי־ראָסן־רויך, האָט ער דאָך נישט אויפֿגעהערט צו ריידן מיט ליבע און וואָרעמקייט וועגן אַלץ וואָס ער האָט באַוויזן צו זען און צו הערן.

דער פֿרימאָרגן האָט שוין געגומען אַריינגרויען דורך די שויבן און פֿאַרטונקלט דאָס שוואַכע ליכט פֿון ברענענדיקן עלעקטרישן לעמפּל. די שוועלבעלעך און אַנדערע פֿייגל האָבן שוין אויפֿגעוואַכט און געהאָפּסלט און געטשוויטשערט צווישן די צווייגן פֿון ברייט־צעוואַקסענעם עסקאַדיניע־בוים וועמעס בלעטער עס שפּאַרן זיך אַריין אויף מיין קליינער צפֿונדיקער טעראַסע.

עס איז שוין געווען אַ שטיק אויף טאָג ווען אבנר האָט זיך אויפֿ־געהויבן פֿון שטול, אָפּגעטרייסלט די אַש־שטויבעלעך פֿון די לאַצן, אַ הויכער, אַ שלאַנקער, מיט אַן ענערגיש געזיכט פֿון אַליוון־קאָליר, שוין אפֿשר צו גרינלעך פֿון אַ נאַכט נישט דערשלאָפֿן. דריקנדיק מיר די האַנט ביים געזעגענעם האָט ער געבעטן אַנטשולדיקונג פֿאַר דער „גזילה" — צונעמענדיק ביי מיר אַ גאַנצע נאַכט. איך האָב אָפּגעוואַרט ביים שאָסיי ביז דער ערשטער אויטאָבוס איז אָנגעפֿאָרן פֿון ראש־העין און אים מיט־גענומען קיין תל־אביב.

* * *

ווען איך שרייב די שורות געפֿינט זיך שוין דער שרייבער צווישן הימל און ערד — אין עראָפּלאַן וואָס פֿירט אים צוריק צו זיין היים, וואָס איז אים קיין היים נישט. וועט זיין באַזוך דאָ באַווירקן זיין וויטערדיק לעבן? וועט עס אין אים, דעם אָפּגעפֿרעמדטן, דערוועקן צו וועלן ענדערן? וועט ער שוין קענען ענדערן? בפֿרט ווען ער איז שוין וויט אַריבער די חמישים.

פֿאַרן אָפּפֿליען האָט מיר אבנר צוגעשיקט אַ קורצע טעלעגראַמע פֿון

פליפעלד. אין דער טעלעגראַמע איז געווען אָנגעגעבן זיין אמתער נאָמען. זיין שרייבערישער נאָמען איז אַ פסעוודאָנים.

איבערלייענענדיק עטלעכע מאָל די פאַמיליע מיטן נאָמען האָט אויפֿגעטויכט פאַר מיר אַ געשטאַלט פון מיינס אַ יוגנט־חבר פון יענע ווייטע יאָרן אין ראַמיילעס ישיבה מיט העכער פערציק יאָר צוריק. ווילנע אין די צוואַנציקער יאָרן.

עס דערמאָנט זיך: מיט פיר צענדליק יאָר צוריק האָבן מיר צוזאַמען געלערנט אין ווילנער ישיבה אויף נאָווגאַראָדער גאַס.

אבנר האָט געלערנט מיט איין כיתה העכער פון מיר. זיין רבי איז געווען ר׳ אלי האַלפּערן, וואָס פלעגט זאָגן דעם שיעור פאַר די, וואָס קענען שוין אַליין לערנען אַ בלאַט גמרא מיט תוספות. איך — ביי דעם גרייז־גרויען ר׳ משה סאַדאָווסקי פון קיידאַנאָוו, וואָס איז שוין געווען היבש טויבלעך און די הענט האָבן אים געציטערט, אָבער אַ גרויסער מבין אויף יעדן תלמיד.

אבנר איז געווען פאַררעכנט צווישן די גוטע תלמידים. געווען אַ יתום און געדאַווונט פאַרן עמוד אין ישיבה; געהאַט אַ לויטער קול און זיין קדיש־יתום פלעגט זיך צעקלינגען אין די ליידיקע ווענט פון בית־מדרש. קרובים האָבן אים שפּעטער אַרויסגענומען פון ישיבה און אַריינגעגעבן אין „פּאָזשעכנע".

זאָל דאָס זיין, אַז דאָס איז טאַקע אבנר פון יענע ווייטע יאָרן. זיין נאָמען האָט זיך מיר געדענקט, אָבער נישט זיינע געזיכטס־שטריכן. אוודאי, צענדליקער יאָרן קענען ענדערן די געשטאַלט פון אַ מענטשן, בפרט אַז אויך זיין נאָמען איז אַן אַנדערער. ער האָט דאָך אָבער יאָ געוווסט צו וועמען ער פאָרט אַראָפּ, פאַרוואָס האָט ער זיך נישט געלאָזן דערקענען צו מיר?

איך פּרוּוו זיך איצט דערמאָנען אין זיין יעדער תנועה, אין אַלץ וואָס ער האָט מיר פאַרטרויט. אבנר, דער שרייבער וואָס זיין לעבן אין אַ פרעמדער מדינה, נאָכן אייראָפּעישן מבול, האָט אים אויך אָפּגעפרעמדט פון יידישקייט, פון יידן. ער האָט מיר דערציילט, אַז ביז די „זעקס מלחמה־

טעג״ איז פֿאַר אים ארץ־ישראל געווען אַ ווייטער קלאַנג, וואָס האָט אים דערמאָנט אָן די קינדער־יאָרן ביים חומש־מלמד. אָבער אָט די „זעקס טעג״ האָבן אים, דעם דערווייטערטן, דערנעענטערט ווי אַ סך יידן פֿון זיינס גלייכן.

## אין שאָטן פֿון אַלטן חדר־אוכל

דער נאָר־וואָס אויסגעבויטער גרויסער עסזאַל אין סאַמע צענטער פֿון קיבוץ, שיינט אַרויס מיט זיין גאַנצער פּראַכט פֿון דער לעצטער מאָדערנער בוי־טעכניק; מיט די בייסטע און באַקוועמסטע איינריכטונגען פֿון אינעווייניק, מיט נעאָן־ליכט אין די ווינקלען וועלכע מען זעט ניט אַרויס. דער סופֿיט איז געדעקט מיט אַזאַ מאַטעריאַל, וואָס זאַפּט איין דעם רעש, וואָס ווערט געמאַכט פֿון הונדערטער חברים ביי די מאָלצייטן. לענג אויס דעם גרויסן געוועלבטן זאַל — פֿאָרמייקע־טישן און באַקוועמע שטולן אַרום זיי. אויף די ווענט ליכטיקע בילדער, וועלכע גיבן צו קאָ־לאָריט און פֿילן אָן מיט דרך־ארץ צום זאַל, ווי נישט קיין פּשוטער חדר־האכל וואָלט עס געווען נייערט אַ מקום מיקדש. אַ סך פֿענצטער און הויכע טירן, וועלכע באַוועגן זיך איןביידע זייטן. אין געראַומען האָל ביים אַריינגאַנג איז דאָ רעליעף־צייכענונגען און מאָלערייען. געשליפֿענע שפּיגלען אַריינגעמויערט אין די ווענט, ניקלנע קראַנען מיט קאַלט און וואַרעם וואַסער; מאַרמאָרנע וואַש־שיסלען און פֿאַר יעדן איינעם באַ־זונדערע האַנטעכלעך צום איינמאָליקן געברויך און אַלע אַנדערע נוצלעכע באַדינונגען, וואָס אַ מענטש דאַרף האָבן פֿאַרן אַריינגיין אין עסזאַל.

פֿון דרויסן — ליגט דער חדר־אכל ברייט צעלייגט אויף אַ שטח פֿון עטלעכע הונדערט קוואַדראַט־מעטער, מיט געשפּריצטע ווענט. ביינאַכט שטראָמט עלעקטרע־ליכט פֿון די גרויסע שויבן אַרויס און באַלייכט דעם גאַנצן קיבוצישן אַרום, וועלכער איז אַרומגערינגלט מיט קליינע ווייסע וווינונגען פֿון די חברים, מיט ביימער און גראָז־טעפּיכער.

ווען אַ גאַסט קומט צו אונדז, קען ער מיינען אוודאי, אַז אַזוי שטייט דער בנין פֿון אָנהויב אָן, גלייך ווי מען האָט פֿאַרלייגט די פֿונדאַמענטן

צום קיבוצישן ישוב האָט מען אויך געבויט דעם גרויסן און באַקוועמען עסזאַל, אָבער דער אמת איז גאָר אַנדערש: ווען מיר זענען דאָ אַרויף אויף דעם וויסטן שטח מיט קנאַפּע צוואַנציק יאָר צוריק, האָבן מיר נאָך דאַן קיין מעגלעכקייטן נישט פאַרמאָגט צום קענען זיך פאַרנעמען בויען אַזאַ פאַרנעמיקן מויער.

הינטער דעם פראַכטפולן בנין שטייט נאָך דער לאַנגער, אַלטער שוועדישער צריף, וועלכער האָט אונדז אין משך פון די יאָרן אַזוי געטריי און ערלעך געדינט. ער שטייט און וואַרט אויף זיין סוף. בקרוב וועלן קומען מענטשן מיט האַק און האַמער, מיט צוואַנג און לאָם, צענעמען אים, צעגלידערן אויף ברעטער און אַוועקפירן ערגעץ ווו עס קאָנען נאָך נוצן ברענגען זיינע אויסגעדינטע טאָוולען.

ביז נישט לאַנג איז ער געשטאַנען אַ שטאָלצער, אויף גרין — געמאָלט פון דרויסן: מיט ווייסער איילפאַרב אויסגעפאַרבט פון אינעווייניק. ביי די לאַנגע טישן איז שטענדיק געווען טומלדיק, אַ פאַרע האָט געשלאָגן פון די הייסע זופּן און זיך אויסגעמישט מיטן רויך פון די ביליקע פּאַפּיראָסן, וואָס חברים האָבן פאַררויכערט נאָכן עסן און אין מיטן עסן. דאָ איז אַלע מאָל געווען לעבעדיק, אין די שפּעטע אָוונט־שעהן זענען דאָ אַלע אַרבעטס־ענינים און פאַרשידענע סידורים פאַרן מאָרגנדיקן טאָג דערליידיקט געוואָרן אין דעם באַראַק.

איצט שטייט ער פינצטער און פאַרגעסן. די ברייטע פּלייצעס פון נייעם און ליכטיקן חדר־האכל פאַרשטעלן אים. זיינע פענצטער זענען אַרויסגענומען, זעט ער אויס ווי מען וואָלט אים די אויגן אויסגעהאַקט. זיין גרינע פאַרב — איבערגעברענט פון זון און ווינט — שיילט זיך, ווי ביי אַן אַלט אויסגעהאָרעוועט פערד די פעל. טאַקע ווי אַן אַלט פערד שטייט ער איצט פאַרלאָזן און איבעריק. די וואָס פאַרנעמען זיך ביי אונדז מיט גערטנערייַ, מיט פלעגן די ביימער, פלאַנצן די גראָז־טעפּיכער, זיי וואַרטן שוין מיט אומגעדולד מען זאָל וואָס גיכער אים אַוועקנעמען פון דאַנען, כדי מען זאָל דעם שטח קאָנען פאַראַקערן און צוגרייטן פאַר בלומען און ביימער.

אין גרויסן געררימען און ליכטיקן זאָל גרייט מען זיך היינט אָוונט פייערן דעם חנוכת־הבית פון נייעם חדר־האכל. פייערן מיט וויין, מיט געזאַנג און מיט רעדעס, ווי עס פירט זיך ביי אַזעלעכע געלעגנהייטן. אוודאי וועלן די חברים אין זייערע רייד דערמאָנען צום גוטן דעם שווע־דישן צריף וועלכער האָט יאָרן־לאַנג געדינט אונדז סיי אַלס עסצימער און סיי אַלס קולטורהויז. אָבער סיי ווי שטייט ער שוין איצט אַ פאַרלאָזענער, אַן איינזאַמער, אַ פאַרשעמטער.

* * *

איך בין אַריין אין אַלטן חדר־האכל. די טונקעלע, דיקטענע ווענט האָבן אויסגעזען שוואַרץ און אָפּגעשיילט נאָך דעם ווי מען האָט פון זיי אַראָפּגענומען די בילדער, די גאַרדינען. לבנה־ליכט וואָס איז אַריינגע־רונען, דורך די פעלנדיקע קאָפּליעס אין דאַך — האָט דעם לאַנגן צריף אָנגעפולט מיט מיסטעריען, מיט סוד. דורך די פוסטע לעכער, וווּ עס איז פריער פענצטער געווען, האָט אַ בוים זיינע בלעטער אַריינגעשטופּט, ווי ברייטע, גרינע פינגער וואָס זוכן אָן וואָס זיך אָנכאַפּן אין דער ליידיקייט. אַ נאַכטפויגל האָט אַריינגעשריען אין דער שטילקייט פון דער נאַכט און צוריק פאַרשטומט געוואָרן.

עס האָט זיך געטראַכט: ווען אָט די הילצערנע ווענט וואָלטן פאַר־מאָגט דעם אויפנעם־כוח פון אַן עלעקטראָנישן באַנד („טעיפּ־רעקאָרדער"). דאַן וואָלטן זיי געקאָנט אונדז איבערדערציילן דאָס, וואָס זיי האָבן איינגע־זאַפּט אין משך פון יאָרן. פאַרשידענע לשונות פון מענטשן געקומען פון פרעמדע לענדער; טייל האָבן זיך דאָ איינגעבירגערט, טייל — פאַרלאָזן דעם קיבוץ. די ברעטער קאָנען דערציילן פון שטורמדיקע פאַרזאַמלונגען, וויכטיקע באַשלוסן, צאַנקערייען, קריגערייען וועגן דעם אָדער יענעם ענין; צום באַדויערן, נישט אַלע מאָל לשם־שמים, אָבער כמעט אַלע מאָל לטובת הכלל. זיי — די ברעטער — זענען געווען שטומע עדות, אין זייער האַלץ, ווי אין פּאַטעפאָן־פּלאַטן, איז געבליבן איינגעקריצט די רייד פון חברים אויף פריילעכע מסיבות וואָס זענען דאָ געפייערט געוואָרן, ווי אויך די טרויער־אָוונטן צו די שלושים נאָך אַ חבר וואָס איז נפטר געוואָרן.

אַ סך בשותפותדיקע פרייד האָבן די ווענט אויפגעהיט און אַ סך בשות־פותדיקן צער האָבן זיי אין זיך אויסבאַהאַלטן.

דער צריך געדענקט נאָך אוודאי די פלאַמיקע „הורא"־טענץ פון די וותיקים. וואָלטן די ברעטער פאַרמאָגט דעם כוח פון טעלעוויזיע, וואָלטן מיר איצט געקענט זען דורך זיי דעם רונדן קרייז פון די טאַנצנדיקע; טיפע קניטשן אין די שטערנס, גרויע שלייפן, גלאַנציקע פליכעס און די שווערע מידע, אויסגעהאָרעוועטע עטוואָס אויסגעבויגענע אַקסלען וויגן זיך מיט אַזאַ התלהבות, מיט אַזאַ דביקות, מיט אַזאַ פייער ווי מען וואָלט פאַרגעסן צייט און אָרט... פיס קלאַפּן מיט ברען צום טאַקט פון הייסן ניגון, הענט פאַרלייגט אויף אַקסלען, הענט אויף טאַליעס און דער ראָד דרייט זיך ביז אור הבוקר; ביז מען פאַלט אַוועק אויסגעווייקט אין זיבן שווייסן; דערפאַר איז אָבער אויפן געמיט גרינג, ווי באַפרייט פון אַלע נאָסטאַלגיעס, וואָס האָבן געדריקט אויף אים.

ווער וויס צי דער ניי־געבויטער חדר־האכל וועט זוכה זיין צו זען אַזעלכע טענץ? דער יונגער דור פאַרמאָגט נישט די התלהבות פון די עלטערן. זיי האָבן שוין נישט אונדזער פייער, פאַרמאָגן נישט אונדזער לעכצעניש און בענקשאַפט. זיי האָבן אַלץ געפונען גרייט. זיי בענקען נישט נאָך טאַטע־מאַמע וואָס מען האָט איבערגעלאָזט אין גלות — זייערע עלטערן זענען דאָך דאָ. זיי טרויערן נישט נאָך די יידישע שטעט און שטעטלעך אין מזרח־איראָפּע — זיי האָבן עס קיין מאָל נישט געזען און קאָנען נישט זייער מענטאַליטעט. אויב דער יונגער קיבוצישער דור טאַנצט, איז שוין די מאָדערנע טענץ וואָס די שטאָט קען. אונדזער יוגנט שטייט נישט אָפּ פון זיי.

אגב, אין דעם אַלטן צריף איז געווען גרינג צום טאַנצן: פאַררוקט די פּראָסטע טישן צו די ווענט, די לאַנגע בענק אַרויפגעוואָרפן אויף זיי און עס איז שוין דאָ געגנוג ליידיקער שטח. אין נייעם עסזאַל שטייען די פּאַרמייקע־טישן יעדער אויף זיין אָרט, אויסגעמאָסטן ממש לויטן סענטי־מעטער; אויך די הונדערטער שטולן קען מען נישט סתם אַזוי אַ וואָרף טאָן...

* * *

גיי איך אַרום צווישן די טונקעלע וועגט פון אויסגעדינטן עסצימער אונדזערן, ווי איך וואָלט געוואָלט זיך איינהערן: וואָס האָבן זיי מיר צו דערציילן איצט, ערב זייער פאַרשווינדן פון אונדזער סביבה.

שטיל איז דאָ. פון צייט צו צייט הערט זיך אין דער פינצטער אַ פלאַ־טער פון אַ פלעדערמויז. אָט דוכט זיך וועט זי באַלד באַרירן מיינע האָר. זיי האָבן שוין דאָ זייערע נעסטן געבויט אין די בעלקעס לעם סופיט, אין די עפּענונגען צווישן די טאָפּלטע דיקטן פון די ווענט. אַ קעצישע משפּחה האָט זיך דאָ פאַרקליבן אין אַ ווינקל — אַ מאַמע מיט קליינע קעצעלעך, די לבנה־נאַכט פאַלט אויף איר געלער פעל צו וועלכע עס ליגן צוגעקלעפּט ווי גרויסע פּיאַווקעס, אירע קינדערלעך.

געמיינט איך בין אַליין, נאָר פון וויטן ביי אַן אַרויסגעריסענעם פענצ־טער האָט אַ פינקל געטאָן דער רויטער גלי פון אַ פּאַפּיראָס. אין סילועט דערקען איך דעם רויכערער דעם אַלטן חבר, דעם וותיק אפרים. אויך אים ווייזט אויס האָט דאָ אַ צי געטאָן צו דעם הילצערנעם בנין זיך דערמאָנען די אָפּגעלאָפענע יאָרן.

אפרים איז פון די עלטערע חברים אין משק, פאַרמאָגט שוין זיין אייגנס טעכטער, איידעמס און אייניקלעך. מיט די יאָרן — אָפּגעשפּאָרט אַ הויכן בלוטדרוק, איז ער באַגרענעצט מיט דער אַרבעט. פון פעלד איז אָפּגערעדט. טוט ער פאַרשיידענע לייכטע אַרבעטן עטלעכע שעה אין טאָג. וויבאַלד אָבער דאָס איז נישט קיין פּראָדוקטיווע אַרבעט ליידט ער פון אַ מינדערווערטיקייטס־געפיל. כל ימיו געווען איינער פון די וויכטיקסטע און פלייסיקסטע טראַקטאָריסטן, אַ גרויסער מבין אין אַלע פעלד־ און זריעה־ענינים. מיט זיין מיינונג האָט מען זיך שטענדיק גערעכנט, ווו און וואָס צו זייען; וועלכעס פעלד צוגרייטן פאַר קוקורודזע און וועלכעס פאַר פּאַשע, ווו גערשטן און אויף וועלכן שטח פאַרזייען ווייץ. חוץ דעם אַ מומחה און אויסגעבונדן אין אַלע ענינים פון קיבוץ. פלוצלינג איז ער געבליבן שטיין אַן אַ זייט. די יאָרן האָבן געטאָן זייערס. די טאָג־טעגלעכע שווערע אַרבעט האָט געהאָלפן צו רויִנירן דעם געזונטן חברהמאַן. איצט, אין די פריִע זעכציקער פילט ער זיך שוין איבעריק, אַן אָפּגעשלאָגענע

הושענה. מיטאַמאָל זיך געכאַפּט: אַז אויך אין קיבוץ — און אפשר דווקא אין קיבוץ — איז נישט גוט, אַז אַ פּשוטער חבר אויף דער עלטער פאַלט אַרויס פון דער שורה. אין די פריערדיקע יאָרן האָט ער געקענט אַריינ־אַרבעטן צוועלף שעה און מערער אין די פלאַמיקע לאַנגע זומערטעג. גע־מיינט אַז תמיד וועט אַזוי זיין און אָט איז ער געבליבן שטיין ווי ביי אַ צעבראָכענער קאַריטע.

דער קיבוץ האָט זיך אין משך פון די יאָרן צעוואָקסן, רייכער געוואָרן; דאָס לעבן גרינגער, די אַרבעט, שוין נישט אין אַמאָליקן טעמפּאָ; די באַ־דינגונגען — נאָרמאַלע, מען קען זאָגן, גוטע. אָבער אים — וואָס האָט אויך אַ חלק אין צוברענגען דעם קיבוץ צום איצטיקן מצב — האָט מען פאַרגעסן.

נישט איינמאָל האָט ער זיך פאַר מיר באַקלאָגט:

„צענדליקער יאָרן שווערע אַרבעט אַריינגעלייגט דאָ. זעט זיך עס אָן? זעען זיך אָן שורות מיט קרייט פאַרשריבענע אויף אַ שולטאָוול נאָכדעם ווי מען ווישט זיי אַראָפּ מיט אַ נאַסער שמאַטע?"

אוודאי איז ער נישט גערעכט, זיין אַרבעט זעט זיך אָן. אָבער איך פאַרשטיי זיין פאַרביטערונג: ע ר זעט זיך נישט אָן. שווער צו לעבן אין אַ סביבה ווו אַלע אַרבעטן און אַליין אַרומגיין פוסט און פּאַס. און אַז עלטער געוואָרן איז וואָס? אין קיבוץ טאָר מען נישט עלטער ווערן... אַזוי האָבן מיר טאָקע געטראַכט אין יענע ווייטע, יונגע יאָרן, אַז מען וועט אַלע מאָל יונג זיין, געזונט זיין. די קומענדיקע יאָרן זינגען גאָר אַן אַנדער ליד...

איצט האָב איך אים דערזען אין זיין איינזאַמקייט. דאָס האַרץ האָט אַ צופּ געטאָן: — דער אַלטער אָפּגעדינטער חדר־האכל — און דער אַלטער חבר — איין גורל. אַוודאַי פעלט אים גאָרנישט. עקאָנאָמיש איז ער דאָ גוט פאַרזאָרגט ווי יעדער איינער. עס פעלט אים די חברישע וואַרעמקייט, דער גוטער געפיל, אַז דאָס איז זיינס, נישט קיין לחם־חסד עסט ער.

איך האָב זיך ווי געשעמט פאַר אים. מיט שטילע טריט זיך אַרויס־געשאַרט פון דער פאַרלאָזענער געביידע.

אברהם לעוו

# הירשקע

אין די הייסע זומערטעג זענען די אָונט־שעהן אויפן גרינעם גראָז דערפרישונג, אַ דערקוויקונג. ליגנדיק מיד אויפן גראָזטעפיך, נאָך אַ טאָג שווערער אַרבעט אויף די פעלדער און אין די פרדסים אונטערן פלאַם פון זון, — איז די אָוונט־קילקייט, ווי באַלזאַם.

אין די אַ שעהן האָב איך ליב צו זיין מיט זיך אַליין, זיך צוהערן צו דער שטילקייט פון אַרום — צום זעגן פון גריל אין נאָענטן קוסט און צום פלאַטער פון פויגל איבער מיר אין דעם שלאַנקן ציפּרוס. איך ליג און פיל ווי עס וועפּט זיך אויס די אָנגעהיצטקייט פון מיין גוף. אין די שעהן וויל איך אַפילו נישט לייענען, איך רוק אָפּ פון זיך די טאָג־צייטונג און אַפילו דאָס בוך. איך האָב ליב דאַן וועגן גאָרנישט צו טראַכטן, גיב זיך איבער דער פוילקייט, וואָס פּילט מיך אָן, ווי אַ בעכער איבער די ברעגן. עס איז גוט צו ליגן מיטן פּנים צום הימל, זיך פאַרקוקן אויף אַ לייכט וואָלקנדל, וואָס שוועבט אַרום אין דער הויך און בייט אַלע ווײַלע זיינע געשטאַלטן. עס איז גוט אויף אַ ווײַלע צו פאַרגעסן דעם אַרום און אין זיך אַליין, ווי אין אַ ברונעם, צו פאַרטיפן.

אין דעם אָוונט איז מיר אָבער נישט געווען באַשערט צו זיין אַליין אין דעם באַליבטן ווינקל מיינעם, וואָס געפינט זיךביים ברעג פון אונדזער גרויסער מחנה, ביים סאַמע אָנהויב פון די פעלדער אונדזערע, וואָס שטייען שוין לאַנג אָפּגעשניטענע, מיט די קורצע שטעכעדיקע שטרויעלעך, ווי באַקן נישט געגאָלטע.

פון מיין פאַרטראַכטקייט האָט מיך אויפגעוועקט אַ חבר וואָס האָט זיך אָוועקגעזעצט נעבן מיר און זיך אויך אויסגעצויגן אויפן רוקן און געקוקט אין הימל אַריין.

אויף זיין לינקער האַנט, עטוואָס נידעריקער פון עלנבויגן, האָט גע־טונקלט די רונדע ציפער, וואָס מען האָט אין זיין לייב אויסגעברענט אין איינעם פון די טרויעריק־באַרימטע טויט־לאַגערן. זיין אָנגעגאָסענעם גוף און זיין רויט פון זון פאַרברענט פּנים האָט ער אויסגעדרייט צו מיר.

איך קאָן אים גוט, ער איז שוין דאָ ביי אונדז אַ יאָר זעקס־זיבן. גע־קומען פון „דאָרטן", זיך איינגעגלידערט אין אונדזער גרויסער משפּחה, אַרבעט אויפן טראַקטאָר. מיר איז ווייניק אויסגעקומען צו רעדן מיט אים פּאָר דער צייט, וואָס ער געפינט זיך דאָ. עס טרעפט אָפט אין אונדזער געזעלשאַפט, פון הונדערטער משפּחות, אַז דו גייסט פאַרביי אַ חבר און באַמערקסט אים נישט, ער אַרבעט דאָ און דאָרטן. מען טרעפט זיך אַמאָל צופעליק ביים גרויסן עסטיש אין טומלדיקן חדר־אוכל, אָדער אין טוש־באָד. מען באַגריסט זיך מיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ און מער נישט...

אויך איצט אויפן גראָז אין טונקל פון פאַרנאַכט האָט זיין פּנים צו מיר אַרויסגעלויכטן ווי אַ שטיק קופּער, נאָר די אויגן זיינע האָבן גע־פינקלט שוואַרץ. אויך איצט האָב איך געפילט, אַז מיר האָבן זיך גאָרנישט וואָס צום זאָגן, געהאַט בדעה זיך אויפצוהויבן פון גראָז. נאָר דער ציפער אויף זיין האַנט, וואָס האָט אין דער טונקלקייט אויסגעזען ווי עטוואָס אָפּגעמעקט, האָט געמאָנט פון מיר, דערציילט פון איבערלעבונגען, וואָס דער חבר האָט אַדורכגעטראָגן אין יענע שוידערלעכע יאָרן ווען איך האָב רו׳יק דאָ אין קיבוץ געלעבט און פרידלעך טאָגטעגלעך באַאַרבעט די ערד, און רו׳יק אַדורכגעשלאָפן די נעכט.

ער איז דורך אַלע יאָרן דאָ מיט אונדז געבליבן איינזאַם, זיך מיט קיינעם נישט פאַרבונדן. אין זיין צימער קומט זעלטן ווער אַריין. איך ווייס, עס טרעפט אָפט אין אונדזער געזעלשאַפט, וואָס איז רוישיק און פול מיט לעבן ווי אין אַ בינשטאָק, קען אַרומגיין צווישן אונדז אַ חבר איינזאַם און עלנט ווי אין אַ מדבר. יאָ, נישט אַלץ האָט נאָך געלייזט אונדזער קאָ־מונע־לעבן.

איך האָב זיך אויפגעזעצט אויפן גראָז און זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו אים:

— שלום, הירשקע!

— שלום, שלום, געוועזן אַ פלאַמיקער טאָג היינט, גוט וואָס עס בלאָזט איצט אַ ווינט גלייך פון ים, מען קען אַפילו דערפילן דעם געזאַלצענעם טעם, וואָס ער טראָגט אָן.

— ווו האָסטו היינט געאַרבעט?

— אַרומגעאַקערט אַ ברייטן גאַרטלפּאַס אַרום אונדזערע פעלדער, וואָס גרענעצן זיך מיט די באַן־ליניעס, עס האָט דאָרט אין דער נאָענט אויס־געבראָכן אַ שריפה און מען האָט געדאַרפט פאַרזיכערן דאָס פייער זאָל זיך נישט אַריבערטראָגן ווייטער. דער רויך און די פלאַמען פון דער שריפה, די זון פון אויבן און דער טראַקטאָרישער מאָטאָר אונטער מיר, האָט גאָר נישקשהדיק מיך צעוואַרעמט.

אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט, און די טונקלקייט האָט אונדז דערנעענטערט. ער איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין שמועס און אָנגעהויבן דערציילן וועגן זיך. קענטיק, יאָרן־לאַנג איז אין אים געווען פאַרשלאָסן דער קוואַל פון רייד, וואָס האָט געדריקט אויף זיין געמיט און איצט, אין קילן אָוונט אויפן גרינעם גראָזטעפּיך, האָט ער עס אַראָפּגערעדט פאַר אַ חבר, אַ ותיק.

איך בין געלעגן און געהערט, זיך מיט קיין וואָרט נישט אָפּגערופן. עס איז געווען אַ מין ווידוי פון אַ צעבראָכן געמיט, וואָס זוכט אַ תיקון און נישט געפונען.

— דאָ רופט איר מיך הירשקע דער טראַקטאָריסט. שוין העכער פינף יאָר, ווי איך צעקעם דאָ אונדזערע פעלדער. ווי מאָדנע ביי מיר אין מויל דאָס וואָרט „אונדזערע”.

— דאָרטן בין איך געווען כל ימי, בייטאָג — אַ קרעמער; אין אָוונט האָב איך ליב געהאַט אַריינקוקן אין אַ ספר. פאַרמאָגט אַן אייגן שטיבל — אַ ירושה, אַ ווייב, אַ טאָכטער, און ווען זי וואָלט נישט אַוועק אין אויוון, וואָלט זי אַוודאַי איצט געווען אַ בילד־שיינקייט, אַ טאָכטער פון אַ יאָר זיבעצן.

ער איז שטיל געוואָרן. צוליבן האַסטיקן צופאַלן פון אָוונט האָב איך נישט געקענט זען זיין פנים. אפשר האָט זיך אַ טרער אַרויסגעגנבעט פון אונטער זיין ברעם?

פון לאַנגן הילצערנעם חדר־אוכל האָט זיך אַהער דערטראָגן דער גע־ווינלעכער אָוונטיקער גערויש פון די חברים און קינדער, וואָס קומען זיך

צונויף עסן. אַ געקלאַנג פון לעפל־גאָפל, שטיקלעך אָפּגעריסענע ווערטער, אַ געזשום ווי פון אַ בינשטאָק.

דער חבר האָט געשוויגן און אויך איך האָב געשוויגן, געוואַרט, נישט געוואָלט דערמאָנען, פרעגן, נישט געוואָלט אָנרירן אַ צעבלוטיקטע וווּנד. געוווּסט, אַז דאָס וואָס אין אים האָט זיך אָנגעזאַמלט דורך יאָרן, וועט איצט אויפגעדעקט ווערן.

מיטן פּנים צום הימל, האָט ער ווייטער גערעדט, לאַנגזאַם, איינציקע ווערטער, אַז מען האָט געקענט הערן יעדן זילב באַזונדער. שטיל, ווי ער וואָלט געטראַכט אויפן קול, אפשר האָט ער גאָר פאַרגעסן מיין אָנוועזנהייט נעבן אים.

— איך בין פון דעם גיהנום אַרויס גאַנץ מיטן גוף, אָבער גרויסע ריסן זענען געבליבן אין מיין נשמה, וואָס נישט די צייט און נישט עפּעס אַנדערש וועט זיי קענען פאַרהיילן. איך בין אַרויס גאַנץ, צופעליק, צוליב טויזנט מאָדנע צופאַלן און אַ מיליאָן נסים. אַרויס באַקעט און אַליין, ווי נאָך אַ געבורט... זיך געוואַלגערט נאָך דער מלחמה אין פּליטים־לאַגערן אויף דער טמא׳דיקער דייטשער ערד.

— אין ישראל בין איך אָנגעקומען אין די ערשטע טעג פון דער באַ־פרייונג. אָנגעקומען און זיך געפילט אומריין, טמא, ווי אַלע שוידערלעכ־קייטן, וואָס איך האָב זיך אָנגעזען און אַדורכגעגאַנגען וואָלטן זיך געקלעפּט צו מיר און נישט געוואָלט זיך שיידן. געפילט, אַז איך דאַרף לעבן אַנ־דערש, ווי ביז איצט — און אַוועק אין קיבוץ.

— איך האָב דערקענט אַ סך ערלעכקייטן אין לעבן פון קיבוץ, און דער עיקר אין לעבן פון פּשוטן חבר, וואָס שטייט־אויף טאָג־טעגלעך צו דער מי, צו דער שווערער האָרעוואַניע ווי אַ פרומער ייד צום דאַווענען, איז אַ גרויסער מסתפּק במועט. בויט אַ היים ווו יעדער ייד און סאָציאַליסט קען ווערן אַ מיטשותף. כ׳האָב אַ סך געלערנט פון קאָלעקטיוון לעבן, וואָס דערגרייכט צו דער העכסטער מדרגה און געלייזט אַלע סאָציאַלע פּראָב־לעמען, אָבער...

געבליבן אַ ווילע שטיל און פאַרגעזעצט:

— איך בין דאָ אַ נייער, אַ ווייטער פון דעם לעבן, וועלכן איר בויט דאָ אויף, אפשר טאָר איך נישט רעדן. אפשר איז זעקס יאָר אַ צו קורצע צייט, כדי צו דערקענען דאָס קיבוץ־לעבן מיט אַלע זיינע זון־און־שאָטן־זייטן?

— אָבער קומענדיק פון „דאָרטן" ווו דער גיהנום האָט פאַראייניקט אַלע יידן, בין איך שווער געטראָפן געוואָרן דאָ אין קיבוץ ווען איך האָב געטראָפן צעריסנקייט, פאַרטיי־שפּאַלטונג. די אַרבעט האָט נישט פאַראייניקט, דער כוח פון בויען אַ ניי לעבן איז געווען צו שוואַך אַנטקעגן דעם כוח פון שפּאַלטן און צערייסן.

— אמת, אין פאַרטיי־ענינים בין איך שוואַך. קלייב זיך נישט פאַנאַנדער אין די פאַרשידענע אידעאָלאָגיעס. אָבער וואָס איך האָב געפונען האָט מיר פון דאָס ניי פאַרוווּנדעט, נישט געהיילט.

— אפשר לעב איך נאָך אַלץ אין יענע פאַרשאָלטענע פיין־יאָרן אין די אָפּמעקונגס־לאַגערן, נעבן די שרעקלעכע אויוונס, וואָס האָבן פאַרשלונגען הונדערטער טויזנטער יידן נישט פרעגנדיק קיין שום אידעאָלאָגיעס און פאַרטיי־פאַרשידנקייטן. אפשר?

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן, פּלוצלינג. ווען איך האָב זיך צו אים אויסגעדרייט און אים אָנגעקוקט, איז ער געלעגן פאַרגליווערט אין דער טונקלקייט, ווי נישט ער וואָלט עס איצט גערעדט. זיין לינקע האַנט האָט גערוט אויפן גראָז, דעם אָשוויענטשים־נומער האָט די פינצטערניש אָפּגעמעקט. זיין גאַנץ געזיכט איז געווען אַ שוואַרצע שוויגנדיקע מאַסקע.

הירשקע איז געלעגן און געשוויגן, אויך איך האָב געשוויגן, ווייל וואָס האָב איך געהאַט צו ענטפערן אים.

אין נאָענטן פעלד האָט אַ שאַקאַל זיך אומהיימלעך צעוואָיעט, זיך פאַרגאַנגען אין אַ געוויין און ווייטע הינט האָבן אים אָפּגעענטפערט. הירשקע האָט זיך אויפגעהויבן און די טונקלקייט האָט אים פאַרשלונגען ווי אַ הייל.

# כרמלה

דער דינער שטראָם פון די לעצטע שטילע עליות וועלכע קומען צו אונדז אין ישראל פון פאַרשידענע מזרח־אייראָפּעישע לענדער און דער עיקר פון מדינת־פּוילן, פון זיי גייען ווייניק אין די קיבוצים. די, וואָס קומען יאָ אַריין אין קיבוץ, ברענגט יעדער מיט זיך אַ פאַרבאָר־גענעם סוד, זיינע איבערלעבונגען פון דער שוידערלעכער יידישער אָפּמע־קונג, ווען יידישע קינדער, ווי גערודפטע חיהלעך, האָבן זיך געדאַרפט אויסבאַהאַלטן אין פאַרשיידענע לעכער און באַהעלטענישן, כדי אויפצו־היטן דאָס שוואַכע פלעמעלע פון זייער לעבן, עס זאָל נישט אויסגעלאָשן ווערן דורך טמא־הענט. און נאָך דער מלחמה, ווען די אויסמישונג און צעמישונג איז געווען גאָר גרויס, אָפּגעריסן פון טאַטע־מאַמע, דערוויי־טערט פון אייגענעם שטאַם, האָט יעדער פון זיי באַזונדער, פאַר זיך געטאַפּט אין דער פינצטער, געזוכט אַן אָנלען, אַן אָנשפּאַר און נישט איין מאָל מיאוס דורכגעפאַלן. ווייל דער אָנשפּאַר איז געווען אַ פוילע ברעט, וואָס האָט זיך גיך איינגעבראָכן און דעם אָנגעשפּאַרטן נאָך אַריינגעשטאָכן אַ שפּאָן אין זייט. מיט דעם דאַרן אין לייב זענען אַ סך פון זיי געקומען אין לאַנד און אין קיבוץ.

איינע פון די איז די יונגע שיינע בלאָנדינקע מיט די פרישע ראָזעווע באַקן קריסטינע, וועלכע איז צו אונדז געקומען אין אַ הייסן זומער־פאַר־נאַכט מיט אַ גרויסער וואַליזע אין איין האַנט און מיט אַ קליין קינד אויפן אָרעם.

שפּעטער פלעג איך זי אָפּט באַמערקן אין אונדזער לאַנגן הילצערנעם שיין־געפּאַרבטן עסזאַל, ווו קריסטינע האָט געאַרבעט ביים דערלאַנגען און אַראָפּנעמען פון די טישן. איר עטוואָס לענגלעך שיין געזיכט פלעגט זעלטן אַ שמייכל טאָן, אַלע מאָל אַריינגעטאָן און פאַרשלאָסן אין זיך. דאָס איז געווען אַ ביסל צו פיל פאַר אַ יונגער חנעוודיקער פרוי פון קאַרגע פינף און צוואַנציק יאָר.

זי פלעגט אין עסזאַל אַרומפלאַטערן פון טיש צו טיש, דאָס לייכטע

און דין קלײדל האָט גוט געפּאַסט צו איר קלײנער גראַציעזער פיגור, איר ראָזער מיט בלומען־באַצײכנטער פאַרטעך האָט נאָך מער מוסיף געווען צו איר חן.

די בחורים בײם טיש האָבן אָנגעקוואָלן ווען קריסטינע האָט זײ צוגע־טראָגן דעם מאָלצײט, זײ האָבן אָבער געזוכט אַ שמײכל אויף איר פּנים און נישט געפונען. זי האָט געטאָן איר אַרבעט ערנסט און ערלעך, ווי זי וואָלט אַ תּפילה אָפּגעריכט צו אַ ווײטן גאָט.

איך האָב קוקנדיק אויף איר פאַרשטאַנען, אַז זי האָט אין איר יונג לעבן איבערגעלעבט עפּעס ווײטיקדיקס, וואָס זי באַהאַלט עס טיף אין זיך. ס'איז איר סוד וועלכן זי קען נישט און וויל נישט קײנעם פאַרטרויען, בפרט אַז אַרום איר זענען דורכויס אומבאַקאַנטע מענטשן, וועלכע זי האָט מיט אַ שטיקל צײט פריער בכלל נישט געקאָנט און נישט געוווּסט פון זײ.

זי האָט באַקומען אַ קלײנע, באַקוועמע וווינונג אין די נײע בנינים, וועלכע זענען אויסגעבויט געוואָרן ספּעציעל פאַר נײע עולים. איר קינד האָט געוווינט זיך מיט אַלע קינדער פון זײן עלטער אין די קינדערהײזער.

איר קינד, ווער איז זײן טאַטע? ער האָט אַ באַטעמט פאַרריסן נעזל מיט פלאַקסענע האָר, די אויגן גרינע ווי בײ דער מאַמען.

ווען איך גײ פון דער אַרבעט, פון פעלד, קומט מיר אויס דורכשנײדן דאָס קינדערהויפל, וווּ עס געפינען זיך די קינדערגערטנער. איך טרעף אים אָפט זיך דרײען מיט נאָך קינדערלעך אויף דער הילצערנער און גרין־געפאַרבטער קאַרוסעלע, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין זאַמ־דיקן קרײז. איך גלעט אים אָפט זײנע שטרויענע הערלעך, וואָס דער ווינט צעשויבערט און וואַרפט אַריבער איבער זײן ווײסן שטערן, איבער די גרינע אויגן זײנע. איך האָב פאַר אים שטענדיק עפּעס אין קעשענע, אַ פרישע זאַפטיקע פלוים, אַן ערשט אָפּגעריסענע באַרנע פון סאָד, וועלכן איך בין נישט לאַנג פאַרבײגעגאַנגען. איך האָב געוווּנען זײן צוטרוי. ער רעדט שוין עטלעכע ווערטער העברעיִש און ווערט מסתמא אין גיכן פאַר־

געסן זיין פוילישע שפּראַך. כאָטש ער איז נאָך נישט געמלט, טראָגט ער שוין אַ יידישן נאָמען יאַנקעלע, די מאַמע רופט אים נאָך יאַנעק.

די מאַמע לערנט אויך העברעיש, זי קען נאָך אָבער נישט רעדן, און אפשר קען זי שוין עטוואָס נאָר האָט מורא פאַר גרייזן, פאַר נישט קיין ריכטיקער דיקציע.

זי לערנט העברעיש, קריסטינע, ביי אַ חבר אונדזערן, וואָס איז געבליבן אַ קאַליקע פון אַ קינדער־ליימונג. ער שלעפּט אַ קורצן פיס און די לינקע האַנט איז ביי אים משונהדיק אויסגעדרייט. ער טוט דאָ פאַרשיידענע אַרבעטן, ברענגט פּאָטשט פאַרן קיבוץ, אַרבעט עטלעכע שעה אין קאַנצעלאַריע ביי די חשבונות און לערנט אויך עברית מיט די נייע עולים. אָט דער חבר האָט טאַקע איר געגעבן אַ העברעישן נאָמען און פון קריסטינע איז געוואָרן כרמלה.

* * *

אַוועק אַ יאָר און אפשר מער.

כרמלה האָט זיך שוין דאָ איינגעבירגערט, איר פריערדיקער נאָמען איז ווי פאַרגעסן געוואָרן. רעדט שוין כמעט פריי העברעיש. האָט שוין אויך איר קרייז פון חברטעס, פון חברים האָט זי זיך נאָך אַלץ געהאַלטן פון ווייטן. מען קאָן נישט זאָגן, אַז זי האָט אויסגעמיטן זייער געזעלשאַפט, אָבער מיט קיינעם זיך נישט גאָר נאָענט באַפריינדעט, בלויז שלום, שלום, אַ לייכטער שמועס און ווייטער פון דעם איז נישט געגאַנגען. אין די אָונטן — מיט איר קינד. זעלטן ווען פלעגט זי אַוועקפאָרן אין שטאָט און זיך לאַנג נישט זאַמען.

געאַרבעט שוין ביי פאַרשיידענע אַרבעטן און דער עיקר האָט איר געצויגן צו פעלדאַרבעט, אין גרינסגאָרטן, אין ווייגאָרטן וואָס ציט זיך אַוועק אויף אַ סך צענדליק דונאַמס, טרעפט ביי דער אַרבעט צעזינגט זי זיך, צעגיסט זיך אין אַ פוילישע ליד, איר שטים איז אַן אַנגענעמע, אַ ליכטיקע, אָבער פול מיט אומעט. עס דרינגט צו מיר איר געזאַנג, איך געפין זיך אין אַ צווייטער חלקה, בינד די יונגע גפנים, וואָס וואַקסן לענגאויס

ביים ברעג פון ירקון. איך זע זי נישט אָבער איר געזאַנג, דאָס טיף־פאַר־בענקטע, קלינגט אָפּ אין מיין האַרץ.

וואָס דריקט די יידישע טאָכטער וואָס איז אַהער געקומען פון פוילן? וואָס באַהאַלט זי אויס? זי איז דאָ צווישן אונדז אַן אייגענע און דאָך אַ זייטיקע, ווען ס׳איז שווער זיך אין גאַנצן אַריינפלעכטן אין אונדזער קיבוצישן לעבן. געקומען פון אַן אַנדער סביבה, געקומען פון דאָרט צופליען, ווי אַ פאַרוווּנדעטער פויגל. האָט זיך איר ווונד פאַרהיילט? וועט זי זיך פאַרהיילן? און אַ שטאַרקער דראַנג איז אין מיר אויפגעגאַנגען זיך צו דערוויסן וועגן אירע קינדער־יאָרן, וואָס איז אויף איר אַדורך אין יענע מוראדיקע טעג, אין די טעג פון מלחמה און נאָך דער מלחמה? ווי אַזוי האָט זי אויסבאַהאַלטן איר לעבן פון רוצחישע הענט? איך האָב נישט געוווּסט ווי אָנצוקניפּן דעם שמועס, זי זאָל מיר דערציילן פון אירע קינדער־יאָרן. און זי איז אַליין איצט אַ מאַמע פון אַ קינד, און ווו איז דער טאַטע? עפּעס געוועזן נישט אָנגענעם זיך צו גריבלען אין יענעמס ווייטיק. מיר פלעגן זיך טרעפן ביי דער אַרבעט, ביים פאַרמייקע־טיש אין עסזאַל און ווייטער פון אַ באַגריסונג איז נישט געגאַנגען.

* * *

אַוועק אַ פּאָר מאָנאַטן און מיין דאָרשט זיך צו דערוויסן פּרטים פון איר פריערדיקן לעבן איז פאַרווירקלעכט געוואָרן.

אַ בלויזער צופאַל האָט אונדז צונויפגעפירט. דער סידור־עבודה האָט אונדז אין שמירה איינגעאָרדנט. כרמלה איז געווען נאַכטוועכטערין ביי די זויגלינגען אין קינדערהויז און איך מיט אַ ביקס אויפן אַקסל פאַרוואָרפן, האָב לאַנגזאַם אַרומגעשפּאַנט רונד אַרום אונדזער קיבוץ, זיך צוגעהערט צו יעדן שאָרך. אָבער די יולי־נאַכט איז געווען אַ שטילע און קיין שום פאַרדעכטיקס האָט זיך אין געגנט נישט געהערט, אַ חוץ אַ שאַקאַלן־געיאָמער פון די נאָענטע פעלדער און אַ ווייטער הינטישער בילן ענטפערט אָפּ.

נאָך האַלבער נאַכט בין איך פאַרבייגעגאַנגען לעבן קינדערהויז און געטראָפן כרמלהן זיצן אויפן שטיינערנעם שוועל. דאָס געזיכט פאַרגראָבן

אין די דלאַניעס אירע, די עלנבויגנס אָנגעשפּאַרט אויף די קני און איר קאָפּ געדיכטע בלאָנדע האָר האָט אין לבנה־ליכט אויסגעזען טונקל־ברוין. לכתחילה האָב איך געמיינט אַז זי שלאָפט און לייכט זי אָנגערירט ביים אַקסל, אָבער ווען זי האָט אויפגעהויבן איר געזיכט האָב איך דערזען, טרערן ווי קליינע טויטראָפּנס רינען איבער אירע באַקן .

זי האָט געמאַכט אַ באַוועגונג מיט די הענט איבערן געזיכט ווי זי וואָלט אויסרייבן די אויגן פון שלאָף און אָפּגעווישט די טרערן גלייכציי־טיק און צו מיר געזאָגט :

— אפשר גייען מיר טרינקען אַ גלאָז שוואַרצע קאַפּע, מיך שלעפּערט אַזוי שטאַרק.

אין קינדערהויז זענען די קינדערלעך געשלאָפן רויִק, בלויז פון צייט צו צייט פלעגט אַ קינד אַרויסקרעכצן, זיך אַ צאַפּל טאָן אין זיין קליין בעטל, ווי פון אַ חלום געשטערט און ווידער שטיל.

ווען כרמלה האָט אין קיך געגרייט דעם טיש האָב איך אויפן גאַז־אייוועלע געקאָכט די קאַפּע.

דערנאָך האָבן מיר געזופּט פון שוואַרצן געטראַנק און געשמועסט סתם־רייד, נישט קיין וויכטיקע, נאָר כדי צו צעטרייבן די שטילקייט, וואָס האָט געלויערט אין אַלע ווינקעלעך פון גרויסן מטבח. די נעאָן־ליכט וועלכע איז אַראָפּגערונען פון סופיט, האָט געמאַכט בלאַסער די ליכטיקע פאַרב פון אירע באַקן און כאָטש קיין סימן פון קיין טרער איז אויף זיי שוין נישט געוועזן, דאָך האָט זיך נישט אָפּגעטאָן דער פריערדיקער אומעט פון איר פּנים. און אָט, אומגעריכט פאַר איר, ווי פאַר מיר האָב איך אַ זאָג געטאָן :

— דערצייל עפּעס, כרמלה, וועגן דיין פריערדיקן לעבן דאָרט אין פּוילן.

זי האָט קוים אַ באַמערקבאַרן צאַפּל געטאָן :

— דערציילן ? נישטאָ וואָס, מן הסתם האָבן עס אַ סך אַזעלכע ווי איך דורכגעמאַכט.

איך בין צו איר צוגעשטאַנען :

— דאָך, דערצייל. מיר האָבן נאָך געגוג צייט אין דער הייגטיקער נאַכט. עס ווילט זיך אַזוי וויסן ווי אַזוי ביסטו געקומען אין ישראל און צו אונדז אין קיבוץ.

כרמלה האָט אָפּגערוקט איר פאַרצעלייען לײדיקע טעפּעלע פון זיך און זיך פאַרטראַכט, ווי זי וואָלט מיט זיך געכאַפּט אַ ישוב: יאָ דערציילן, נישט דערציילן.

איר שיין געזיכט האָט זיך ווי מיט אַ כמאַרעלע פאַרצויגן און אַ צוויי־דריי דינע קנייטשן האָבן דורכגעשניטן איר קלאָרן שטערן.

איך האָב אָנגעגאָסן פרישע קאָפע אין איר טעפּל, זי האָט אויפגע־הויבן אירע גרינע אויגן אויף מיר:

— איך ווייס אַליין נישט פון וואָס אָנצוהויבן. ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכן בין איך געווען אַ קינד פון פיר יאָר. איך געדענק כמעט גאָרנישט פון יענע טעג. איך ווייס נאָר, אַז אין די טראַגישע יאָרן האָב איך זיך געהאָדעוועט ביי אַ פּוילישער פרוי, אַן אַלמנה.

אין אַ ווינטערנאַכט האָבן מיינע עלטערן מיך צו איר געבראַכט. די אַלטע גוטע פרוי האָט אויסגעווישט מיין מאַמעס פאַרוויינטע אויגן, זי גע־קושט און צלמענדיק זיך, איר עפּעס פייערלעך פאַרזיכערט. דער טאַטע האָט נערוועזיש געגלעט מיין קאָפּ, מיך געבעטן זיין אַ גוט קינד, נישט בענקען, פאָלגן אַלץ וואָס די פּאַניע וועט מיר זאָגן, און אַז גאָר אין גיכן וועלן זיי מיך קומען אָפּנעמען. דערנאָך האָט לאַנג מיך די מאַמע געדריקט צו זיך, געוויינט, געקושט ביז דער טאַטע האָט זי אָפּגעריסן פון מיר מיט כוח און זיי זענען פאַרשוווּנדן אין דער פינצטערער נאַכט.

כאָטש ביי דער אַלטער פּריצה איז געווען אין הויז אַ סך צימערן פיין מעבלירט, האָט זי מיך געהאַלטן פאַרשפּאַרט אין איר קליינעם שלאָף־צימער, וואָס האָט געשמעקט מיט טוכלע בעטגעוואַנט און פאַרשידענע שמירונגען, וועלכע זי האָט באַנוצט, און מיר פאַרבאָטן פון דאָרט אַרויס־צוגיין. דורך אַ שפּעלטל פון די דיקע פאָרהאַנגען פלעג איך אַרויסקוקן אין גרויסן לײדיקן הויף און מקנא זיין די גרעזעלעך וואָס געניסן פריי פון זון און לופט.

שפּעטער אַ ביסל האָט די קריסטין מיר אָנגעטאָן אַ קליין צלמל אויפן האַלדז און מיך געלערנט קניען און זאָגן תּפילות צום בילד, וואָס איז געהאָנגען אין אַ ווינקל פון צימער.

כּרמלה האָט צוגעדעקט איר געזיכט מיט די דלאָניעס און געבליבן אַ ווײַלע שטיל, ווי זי וואָלט געוואָלט מיט די אויגן אונטער פאַרמאַכטע וויעס אַרײַנקוקן צוריק אין יענעם גרויליקן עבר.

ווען זי האָט אויפגעעפנט די אויגן איז איר בליק געווען ווי פון נישט דאָ־הי. זי האָט מיך אָנגעקוקט און געזאָגט:

— מאָדנע, ווי פון די יאָרן איז מיר גאָרנישט געבליבן. אַ שטיקל צייט בין איך געווען צווישן קלויסטער־שוועסטער. דערנאָך האָט מיך די אַלטע צוריקגענומען פון דאָרטן און געזאָגט, אַז די מלחמה האָט זיך געענדיקט. ביי איר לאַנג בין איך נישט געווען. אין איינעם אַ טאָג זענען אַרײַנגעקומען עטלעכע יידן צו אונדז, וועלכע איך האָב קיין מאָל אין די אויגן נישט געזען, זיי האָבן אַראָפּגענומען דעם קליינעם גאָלדענעם צלם פון מיין האַלדז און עס איבערגעגעבן דער אַלטער פּריצה מיט אַ היפּשער סומע געלט און מיך צוגענומען פון איר. איך בין דעמאָלט אַלט געווען עלף יאָר.

איצט האָב איך זיך געהאָדעוועט ביי אַ יונגער יידישער משפּחה. זיי האָבן געזאָגט, אַז איך בין זייערע אַ ווייטע קרובה פון דער מאַמעס צד, און מיך געהאַלטן ווי אַן אייגן קינד.

קיין סך אָבער האָט זיך אין מיין לעבן נישט געענדערט. אויך דאָ האָט מען גערעדט די פּוילישע שפּראַך און קיין וואָרט נישט וועגן יידן, אייך אונטערשייד נאָר, איך האָב קיין צלמל אויפן האַלדז נישט געטראָגן און קיין הייליקע בילדער אויף די ווענט פון מיינע קרובים זענען נישט געווען...

וועגן די שוליאָרן אירע אין וואַרשע האָט זי נישט געוואָלט דערציילן, און אפשר וואָלט זי דערציילט אָבער אַ קינד האָט זיך צעוויינט און זי איז אַרויסגעלאָפן פון קיך צום קינדערהויז עס באַרויקן. איך האָב אָפּגעווישט די טישן, איינגעאָרדנט דאָס גאַז־אויוועלע און פאַרלאָשן די לאָמפּן, ארויפּ־

געוואָרפֿן די ביקס אויפֿן אַקסל און אַרויס אין דרויסן. די נאַכט איז גע־לעגן געדיכט און טויאיק איינגעוויקלט אַלץ אין איין גרויסער פֿינצטער־ניש, אַז איך האָב די אייגענע האַנט נישט געזען.

ווי מיט פֿאַרמאַכטע אויגן האָב איך זיך געלאָזן אין דער ריכטונג צום הויפֿל פֿון די קינדער־גערטנער, נאַסע צווייגן פֿון נידעריקע אַקאַציע־ביימלעך האָבן מיך געשמיסן אין פּנים, צעקראַצט די הויט.

אין די בנינים פֿון די זויגלינגען איז געווען שטיל, אויך פֿון הויז ווו עס שלאָפֿן די אַנטוויינטע קינדער האָט מען גאָרנישט אַרויסגעהערט, אַ שיטער ליכט האָט זיך דורכגעזייט דורך אַ פֿאַרהאַנגל פֿון אַ זייטיק פֿענצטער און צעשווומען געוואָרן אין דער אַרומיקער פֿינצטערניש.

אויף דער ברייטער טעראַסע פֿון קינדער־גאָרטן האָט איך געטראָפֿן כרמלהן, זי איז האַלב־געלעגן, האַלב־געזעסן אין אַ לייוונטענער ליגשטול. ווען נישט דער ווייסער פֿאַרטעך אירער וואָס האָט געלויכטן פֿון ווייטן וואָלט איך זי נישט באַמערקט.

זי האָט מיך דערזען, און אַרויפֿגעלייגט אירע וואַרעמע פֿינגער אויף מיין מויל, אַ סימן אַז איך זאָל שווייגן.

ווען מיר האָבן זיך עטוואָס דערווייטערט פֿון דער טעראַסע און גענו־מען לאַנגזאַם גיין אויפֿן אַספֿאַלטענעם שאָסיי, וועלכער רינגלט אַרום די וווינונגען פֿון די חברים, האָב איך געפּרוווט צונויפֿבינדן צוריק די פֿעדעם פֿון דער איבערגעריסענער דערציילונג.

איך האָב געזאָגט:

— האָסט אין דער פּוילישער שול געטראָפֿן אוודאי אַ סך יידישע קינדער, אָפּגעראַטעוועטע ווי דו, דורך באַהעלטעניש אין בונקערס און ביי גוטע פּאָליאַקן? דערצייל עפּעס וועגן זיי.

זי האָט אַ ווילע געשוויגן. די פֿינצטערניש האָט פֿאַרמעקט איר גע־זיכט און איך האָב נישט געוווּסט וואָס עס שפּיגלט איצט אָפּ און בכלל צי גרייט זי זיך מיר צו ענטפֿערן.

נאָר האָט זי אָנגעהויבן רעדן גיך און ווי אין קורצע נישט דערזאָג־טע פֿראַזן:

— נײן— האָט זי געזאָגט — איך װײס פון זײ גאָרנישט. צו די ײדישע קינדער האָט מיך נישט געצױגן. איך האָב זיך געחברט מיט די פּױלישע. אײנער פון זײ האָט זיך צו מיר שטאַרק צוגעבונדן, נישט אָפּגעטראָטן פון מיר, געזעסן צוזאַמען בײ די לעקציעס, און אױך אין הױף בײ פאַרשײדענע שפּילן און אָפט מיך באַגלײט ביז צום הױז פון מײנע קרובים. עטלעכע מאָל האָט ער מיך אױך אַרױפגעבראַכט צו זײנע עלטערן און זײ האָבן מיך אױפגענומען װי אַן אײגענע טאָכטער.

ער האָט געענדיקט לערנען און אַװעק אין אַ טעכנישער שול, איך האָב געענדיקט לערנען און געבליבן זיצן בײ מײנע קרובים. מײן קרוב האָט דאַן געאַרבעט אױף אַ הױכן פּאָסטן בײ דער רעגירונג און געװען פאַרנומען מיט פאַרשײדענע ענינים, זעלטן געקומען אין שטוב. מײן קרובה האָט זיך געחברט מיט פּױלישע דאַמען פון דער העכערער געזעלשאַפט, איז קײן װוּנדער נישט, אַז מײנע באַגעגענישן מיטן פּױלישן ײנגל האָבן זיך װײטער געצױגן. קײנער האָט אױף מיר נישט אַכטונג געגעבן און איך בין געװען פרײ אין מײן פירונג.

מיר זענען געגאַנגען צוזאַמען ביז מיר האָבן חתונה געהאַט.

געמישטע חתונות נאָך דער מלחמה, איז אין פּױלן אײנס פון די געװײנלעכסטע דערשײנונגען. דאָס רוב אָבער ענדיקן זיך זײער טראַגיש. איך האָב פון דעם דאַן נישט געװוּסט, ביז איך האָב אַלײן איבערגעלעבט מײן אײגענע טראַגעדיע...

זי איז אַנטשװיגן געװאָרן און געבעטן בײ מיר אַ פּאַפּיראָס. נאָך דעם װי זי האָט טיף פאַרצױגן דעם רױך האָט זי געזאָגט:

— די ערשטע עטלעכע יאָר נאָך דער חתונה האָבן מיר געלעבט גאַנץ גוט. ער איז געװען אַ הױפּט־מעכאַניקער אין אַ גרױסער פאַבריק און גוט פאַרדינט. צום יאָר איז אונדז אַ קינד געבױרן געװאָרן און אַלץ איז געגאַנגען גוט. די צוקונפט האָט זיך פאַר מיר אַזױ העל און מיט ליכטיקע פאַרבן געמאָלן.

מיט אַמאָל האָט ער אָנגעהױבן שיכורן, פריער צו ביסלעך און װײטער אַלץ מער. שפּעטער האָט ער אין די זונטיקס אױך אָנגעהױבן פראַװען

הוליאַנקעס פּאַר זיינע חברים. וואָס אָפּטער זיי פלעגן קומען אַלץ ווייני־קער האָט מען זיך פאַר מיר געשעמט. געהערט אַז די איצטיקע רעגירונג איז צעפוילט, אַז יידן האָבן אין דעם אַ חלק.

איך פלעג אין די־אָ שעהען זיך אויסבאַהאַלטן אין מיין צימער, נישט אַרויסגיין צו זיי. איינגראָבן מיין געזיכט אין קינדס גופל און וויינען. אַזוי האָט עס זיך געצויגן, ביז איין מאָל אַ זונטיק אָוונט, ווען די כנופיה איז געווען גאָר בגילופנדיק, האָט מיין מאַן אַ זאָג געטאָן:

„ווער עס וויל קען פאַרזוכן די זשידוווקע".

דריי פון זיינע בעסטע חברים האָבן מיך פאַרגוואַלדיקט פאַרן צוויי־יאָריקן קינד אין די אויגן אויף אונדזער בעט...

איך בין נאָך די זעלבע נאַכט מיטן קינד אויף די הענט אַנטלאָפן דורכן פענצטער פון שלאָפצימער. איך בין געלאָפן צו יידן. גוטע מענטשן האָבן אַלץ געטאָן כדי מיך וואָס גיכער אַריבערשיקן קיין ישראל...

זי האָט זיך אומגעדרייט און מיט גיכע טריט אַוועק צו די קינדער־הייזער. דער מזרח האָט שוין געגרויט. איך האָב נאָכגעקוקט ווי דאָס פרימאָרגנדיקע קילע ווינטל שפּילט זיך מיט די אַרומגעזוימטע ברעגעס פון איר ווייסן פאַרטעך.

## מיין שכן

פאַר וואָס ווען איך טרעף זיך אָן מיט מיין שכן, פיל איך זיך נישט באַקוועם, ווי איך וואָלט אים געווען עפּעס שולדיק? און וויפל איך גריבל זיך אַריין טיפער אין דעם דאָזיקן געפיל מיינעם קאָן איך דאָך נישט באַ־נעמען די ריכטיקע סיבה.

מיין שכן איז אַן אַלטער בחור, שוין אַריבער די פערציקער. פון אַ ליימונג אין די קינדער־יאָרן זיינע שלעפּט ער דעם רעכטן פוס און די לינקע האַנט איז אויך נישט מיט אַלעמען. וואָס אַן אמת, מיט די פינגער באַוועגט ער און קען מיט זיי אַפילו עפּעס אָננעמען. אָבער די געלענקען

פון אַקסל און פון עלנבויגן זענען געליימט און באַוועגלאָז און ער קען די האַנט נישט אויפהויבן אין דער הויך.

אַרבעטן, אַרבעט ער מיט מיר אין פּרדס. עס איז וווּנדערלעך און גלייכצייטיק פּיינלעך צו זען, ווי אַזוי מיט זיין געליימטן פוס קלעטערט ער אויף די בוימער, האַלט זיך אָן מיט דער קראַנקער האַנט אָן אַ צווייג און פּליקט מיט דער געזונטער האַנט די מאַראַנצן. אין די זומערטעג, אין דער גרויסער חמימה, וואַסערט ער אָן די גרויסע גריבער אַרום די בוימער און טענצלט מאַדנע פלינק פון איין בוים צום צווייטן.

ער איז געקומען פון רוסלאַנד מיט אַ סך יאָרן צוריק, אַ יונגער בחורל פון קוים אַכצן. אַריין אין קיבוץ און דאָ פאַרבונדן זיין גורל. טראָץ זיין מום, האָט ער זיך געריסן צו אַלע אַרבעטן. מיט אַלע גלייך. נישט געוואָלט אָפּשטיין פון אַלע איבעריקע חברים. נישט געלאָזן זיך איינאָרדענען ביי קיין שום אַנדער אַרבעט, ווו עס פאָדערן זיך נישט קיין צוויי געזונטע הענט. געוואָלט זיין מיט אַלע גלייך, נישט קיין אויסנאַם — און האָט זיינס אויסגעפירט, נאָכגעהאַלטן אין שפּאַן מיט אַלע שטאַרקע און געזונטע.

ער האָט געוואָלט פאַרווישן אַלע אונטערשיידן צווישן אים און זיינע געזונטע חברים. ביי דער אַרבעט האָט ער עס אויסגעפירט אָבער נאָך דער אַרבעט האָט דער גורל יאָ געמאַכט דעם אונטערשייד נישט פרעגנדיק ביי אים. אין יענע פריע יאָרן, ווען עס האָט זיך געשאַפן פאַרבינדונגען צווישן פאָרלעך איז ער געבליבן אַליין. אַליין דורך יאָרן אַרבעט און מי, אָן דער וואַרעמקייט פון אַ פרוי׳ס אַ גלעט און אָן דעם טייערן געוויין און געלעכטער פון אַ קליין קינד אין צימער.

טאָגטעגלעך שטייט ער אויף צו דער מי; קומט צוריק מיט אַלע גלייך אין די פאַרנאַכטן, מיד פון דער אַרבעט; קומט צו זיין איינזאַם צימער, פון וואַנען קיינער גייט אים נישט אַרויס אַנטקעגן, נישט קיין פרוי, נישט קיין קינד. לעבט ער אַזוי איינזאַם אָן ליבשאַפט, אָן געליבט צו ווערן, צווישן נאַקעטע ווענט פון זיין בחורישן צימערל.

מיר ווינען אַ טיר לעבן אַ טיר. נאָר אַ האַלב געמויערט ווענטל טיילט

אָפּ איין אַריינגאַנג פון צווייטן. מיר טרעפן זיך אָפּט און כאַפּן שטייענדיק אַ שמועס וועגן צענדליקער פאַרשידענע זאַכן, דער עיקר וועגן ביכער; ער האָט ליב צו לייענען אַ סך און גוט באַנעמען דאָס געלייענטע. און וויל ער לייענט אַ סך האָט זיך ביי אים אַנטוויקלט אַ פיינע פאַרשטענ־דעניש פאַר אַ גוט בוך.

אָבער עס איז דאָ ווייניק צייט צו שמועסן, אין די אָוונטן נאָך אַ טאָג שווערער אַרבעט. אַ ביסל צייט דאַרף מען אָפּגעבן פאַר אַ קינד, וואָס וואַרט מיט אומגעדולד, אַז דער טאַטע זאָל אים נעמען אויף די הענט און אַ ביסל אַרומשפּאַצירן און דערנאָך דאַרף מען עס לייגן שלאָפן. און אַמאָל, אַז עס איז דאָ אַ פרייע שעה און די קינדערלעך זענען פונקט נישטאָ אין צימער, ווילט זיך גריילעך זיין אַליין, אָפּרוען זיך פון רעשיקן טאָג און טומל אין וועלכן מען וויקט זיך אַ טאָג לאַנג.

ווייס איך אָבער, אַז דער שכן איבערן וואַנט איז איינער אַליין און וואָלט גערן געוואָלט פאַרפירן אַ שמועס ביי אַ גלעזל טיי, טרינקען צוזאַ־מען און פאַרטרייבן די איינזאַמקייט, וואָס רוט אַזוי מרה־שחורהדיק אויף די איינזאַמע בחורשע ווענט פון זיין צימער. און די מחשבות וועגן מיין שכן, אַז איך טו אים אַן עוולה און פרווו נישט לינדערן זיין איינזאַמקייט, פאַרשטערן מיין אייגענע רו און פילן מיך אָן מיט אומרויִקייט.

ווייל איך האָב דערזען דורך מיין שכן, אַז אויך אין אונדזער געזעל־שאַפט איז עלנט דער עלנטער. אַז אין גאַנצן רעש פון חברישקייט, פון כלומרשט איין־גרויסע־משפחה, ווערט פאַרלוירן און צעריבן דער איינ־זאַמער. זיין איינזאַמקייט טוט נישט ווייניקער ווי און לגמרי נישט לייכ־טער, ווי פון יעדן עלנטן מענטשן מחוץ לקיבוץ. ניין, מיר וויסן נישט דעם סוד פון פאַרלייכטערן, און די שטומקייט פון זיין בחורישן צימער שרייט צו מיר אַרויס מיט קולי־קולות.

נעכטן אין אָוונט בין איך צו אים אַריין. לכתחילה האָט ער זיך געפילט מאָדנע צוליב מיין פלוצלינגדיקן אַריינגיין. אָבער דערנאָך ביי אַ גלעזל טיי האָט זיך צעפלעמלט אַ שמועס, ער איז געוואָרן וואַרעמער און ווייכער, די פרעמדקייט פון זיין בליק איז צעגאַנגען, נישט געוואָרן.

גערעדט האָט ער און איך האָב געשוויגן. גערעדט אַ סך וועגן אַלץ, דאָס רוב זייטיקע זאַכן, וואָס מען זאָגט אַרויס, כדי נישט לאָזן די שטילקייט זאָל זיך פאַרשפּרייטן אין צימער. איך האָב אָבער געפילט, אַז וועגן וואָס ער ווייטיקט באַהאַלט ער אויס פון אַ פרעמד אויג, וויל נישט פאַרטרויען אַ פרעמד אויער.

ווען איך האָב פאַרזיכטיק, מיט כלומרשט עטלעכע זייטיקע פראַגן אים צוגעפירט צו זיין פערזענלעך לעבן, האָט זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט אַ צע־בלוטיקט געמיט פון אַ שטאַרק פילבאַרן מענטש, וואָס אַ דאַנק זיין סענסי־טיווער נאַטור, נעמט ער אויף נאָך מער טראַגישער די פאַרקריפּלטקייט זיינע. טראָץ דער דרויסנדיקער מכלומרשטער רויקייט זיינער, ברענען טיף אין אים די נישט אויסגעלעבטע פאַרלאַנגען און ער שטייט אַ לעבן־לאַנג ביים תהום, וואָס דראָט אים צו פאַרשלינגען.

די ערשטע יאָרן האָט אים נאָך פאַרכאַפּט די אידייע פון קיבוץ און די איינזאַמקייט האָט אים נישט אַזוי געדריקט. ווייל מיט יאָרן צוריק, ווען דער ישוב איז נאָך געווען יינגער און במילא חברישער, אָפטער צוזאַמען, זענען טירן געשטאַנען אָפן ביז שפּעט אין דער נאַכט, און אויף אַריינגייך צו אַ חבר האָט מען נישט געדאַרפט אָנקלאַפּן אין זיין טיר, און אויך נישט געדאַרפט האָבן אַ תירוץ צוליב וואָס מען איז אַריין.

אָבער די לעצטע יאָרן, ווען יעדער חבר איז איינגעשלאָסן אין קרייז פון זיין משפחה, פילט ער זיך טייל מאָל, ווי ער וואָלט געווען אַליין, אַליין, ווייט פאַרוואָרפן פון אַ ישוב.

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן, מיין שכן; זיך געפּאָרעט לאַנג ביים עלעקטרישן טשייניק. נאָך אַ מאָל פאַרבריט פרישע טיי, כאָטש די פריער־דיקע איז נאָך געווען גענוג שטאַרק.

כ׳האָב געפילט און פאַרשטאַנען, אַז ער וויל געווינען צייט זיך צו שטאַרקן און צו צוימען זיין באַרעדעוודיקייט, וואָס האָט זיך ווי איבער־געוואַלד פון אים אַרויסגעריסן און אַנטפּלעקט פאַר אַ צווייטן דאָס, וואָס ער האָט נישט געוואָלט אַנטפּלעקן.

עס איז שוין געווען שפּעט נאַכט, ווען איך האָב הינטער זיך פאַר־

מאַכט זיין טיר. מיט דער גאַנצער שאַרפקייט האָב איך דערפילט די מאַכט־לאָזיקייט פון קיבוץ, וואָס האָט אויף אַלע עקאָנאָמישע געביטן פאַרזיכערט דעם חבר, אָבער דעם זעלישן געביט איבערגעלאָזט אויף יעדן יחיד אַליין, אַז ער אַליין זאָל זיך ראַנגלען מיט זיין גורל, וואָס טייל מאָל איז עס זייער אַ שווערער געראַנגל, ווי אין דעם איצטיקן פאַל.

## דער שוסטער

מער פון אַלע עולים, וואָס זענען צו אונדז געקומען מיט דער לעצ־טער עליה פון פוילן, האָט געצויגן מיין אויפמערקזאַמקייט אַ ייד מיט אַ נישט־אָפּגעראַזירט געזיכט, ווי די האָר וואָלטן זיך געשפּאַרט מיט כוח פון דער הויט אַרויס. די האָר פון באָרד זענען שוין געווען היפּשלעך גרוי און אַרומגערעמט אַ שטאַרק צעקנייטשט פּנים. אַ פּשוט פּנים פון אַן אַרבעטער, אַן אויסגעהאָרעוועטן, אַ פּנים פון איבערגעברענטער ציגל־פאַרב. די אויגן זיינע — מידע, וואַסערדיקע פון אַן אומבאַשטימטער קאָליר. אַדורכגעוועבט מיט אַ נעץ פון רויטע, דינע פּעדעמלעך. דער שטערן אַ נידעריקער, אַ געפּאַלבטער און איבער אים אַ געדיכטע שוואַרצע טשופּ־רינע, וואָס האָט לחלוטין נישט געפּאַסט צו זיין מיד צעקנייטשט פּנים. אַ ייד אַ פעסטער אין די טיפע זעכציקער, העכער פון מיטלוווקס, מיט אַ ביסל אַ קינדערישער שטים, וואָס האָט פאַרמאָגט אין זיך ווי דער קלאַנג פון מעטאַל, אָדער ריכטיקער — פון בלעך.

פון פאַך איז ער אַ שוסטער. ער זאָגט, אַז אין רוסלאַנד איז ער געווען אַן אָנפירער פון אַ שיכפאַבריק. עס ליגן ביי אים ערגעץ פּאַפּירן און אַפילו אַ דיפּלאָם, וואָס דאַרף באַפעסטיקן זיינע רייד. נאָר מיר האָבן אים דערווייל איינגעאָרדנט אין אונדזער קליינער „תיקוניה", ווו מען ברענגט פאַרריכטן שיך פון גאַנצן קיבוץ. עס איז אַ רויקע און שטילע אַרבעט, וואָס איז גוט צוגעפּאַסט פאַר אַ מענטש אין זיין עלטער.

היינט בין איך געגאַנגען אַריינטראָגן אַ פּאָר שיך אין דער תיקוניה צום פאַרריכטן. עס איז געווען אין די מיטאָג־שעהן, ווען געווינלעך איז

דאָרט קיינער נישטאָ און אויף דער טיר פון שוסטעריי הענגט אַ צעטל, ווען עס וועט זיין אָפן. דאָס מאָל האָב איך דאָס צעטל נישט געטראָפן און אינעווייניק ביים נידעריקן שוסטער־טישל, אויף וועלכן עס איז געווען אָנגעוואָרפן וואַקס, טשוועקעס, דראַטווע און אַנדערע שוסטערישע כלים, — איז געזעסן דער ייד, דער נייער עולה מיטן שטאַרק צעקנייטשן און פאַרוואַקסענעם פנים און זיך געפּאָרעט ביים אויסשניידן פון אַ שטיק דיק לעדער אַ פּאָר האַלבע זוילן. ער האָט פריער אָנגעצייכנט מיט אַ טשוועקל, געמאַכט אַ טיפן קריץ לויט דער מאָס וואָס ער דאַרף האָבן, אָנגעשלייפט דאָס לאַנגע שוסטער־מעסער אויפן ברייטן לעדערנעם פּאַס, וואָס איז מיט טשוועקלעך צוגעפעסטיקט צום טיש און גענומען שניידן פּאַמעניש, מיט אַ זיכערער און געניטער האַנט דאָס שטיק לעדער, די האַלבע זויל איז אַרויסגעפאַלן גלאַט, אָפּגעטאָקט, גלייך ווי אַ שטאַנץ וואָלט עס אויסגע־האַקט.

איך בין געזעסן אַנטקעגן אים אויפן צווייטן שוסטער־בענקל, וואָס איז געווען איבערגעצויגן מיט אַ זאַק און פאַרפעסטיקט מיט פּאַסקעס פון דינע רימענס.

— שלום! — האָב איך אים געזאָגט ווען ער האָט אויפגעהויבן אויף מיר זיינע קליינע, פריילעכע אויגן, נאָך דעם ווי ער האָט געענדיקט שניידן.

— מען רופט מיך חיים, נישט שלום, — האָט ער מיר געענטפערט מיט זיין עטוואָס ראַציקער שטים, און אַ פינקל געטאָן מיט זיינע אויגן אָן אַ באַשטימטער קאָליר.

— שלום, ר׳ חיים! — האָב איך נאָך אַ מאָל איינגעשטעלט.

— נאָר אָן אַ רב — זאָגט ער צו מיר — ווי קומט אַ שוסטער צו אַ רב? פרעג איך אייך, בפרט אַז איך פאַרמאָג אַ גויקע פאַר אַ ווייב און צוויי נישט געמלטע ייִנגלעך.

אַזוי רעדנדיק האָט ער אַרויסגענומען פון מיינע הענט די שיך און באַטראַכט די זוילן, וועלכע זענען געווען אויסגעטראָטן און דין ווי פּאַפּי־ראָס־פּאַפּיר.

— נו, מילא, — זאָגט ער נאָך אַ לאַנגן ישוב מיט זיך אַליין, — זוילן

וועט מען לייגן אַנדערע, אָבער די קנאַפּל! ווי הרגעט מען אַוועק אַזוי אַ פּאָר קנאַפּל? — און זיינע אויגן האָבן געשמייכלט.

דער ייד איז מיר געפעלן געוואָרן און כ׳האָב באַשטימט זיך באַקענען מיט זיינע בני־בית.

אין אָוונט בין איך געזעסן ביי אים אין וווינונג. אַ דירה אין בנין וואָס די סוכנות האָט אויפגעבויט אויפן קיבוצישן באָדן פאַר די נייע עולים. צוויי צימערלעך, אַ קליין באָדצימער און אַ שמאָלע טעראַסע לענג־אויס די פענצטער.

ער איז געזעסן ביי אַ גלאָז טיי און געוואַרעמט די הענט. נאָך יעדן זופּ, וואָס האָט הויך אָפּגעקלונגען, האָט ער דאָס גלאָז אַריינגענומען אין זיינע גרויסע דלאָניעס, אַז עס האָט זיך נישט אַרויסגעזען, נאָר די פּאַרע וואָס האָט ווי אַ ווייס רויכל זיך געהויבן פון זיינע הענט האָט דערציילט ווו דאָס גלאָז געפינט זיך.

— אָוואַ! — האָט ער זיך פּאָר מיר געקלאָגט — אין פעברואַר זאָל נאָך זיין ביי אייך אַזוי קאַלט? און קיין אויוון אָנצוהייצן איז נישטאָ, ווי אַזוי לעבט איר דאָ?

זיין שטאַרק צעקנייטשט פּנים איז געווען איצט עטוואָס אויסגע־לייטערט און אַ פאַרבאַרגענער שמייכל האָט זיך פאַרבאַהאַלטן אַרום זיין מויל.

— וואַרט — זאָג איך צו אים — נאָך איין חודש און איר וועט בעטן אויף קעלט.

— נו, — זאָגט ער — מען טאָר נישט זינדיקן, אַ דאַנק גאָט, מען איז צווישן יידן און אַ דאַך איבערן קאָפּ איז אויך דאָ, זאָגט איז מען און אַן אייגענע מדינה האָט מען און...

די איבעריקע רייד האָט ער פאַרזופּט מיט טיי און אַראָפּגעשלונגען.

די עקרת־הבית האָט מיר צוגעטראָגן אַ גלאָז טיי. איך האָב זי אָנגע־קוקט: אַ סך ייִנגער פון אים. אין די פריע פערציקער, אַ קליינע, אַ דראַב־נע, נאָר פול מיט לעבן; אַ בלאָנדער קאָפּ האָר און אַ מאָגער צעפּל פאַר־

וואָרפן אויף אַהינטער, אַ רונד, ווייס געזיכט באַשאָטן מיט אַ גאָר דינעם קלייען; אויך דאָס קורצע פאַרריסענע נעזל פאַרמאָגט אַ שפּאָר ביסל קלייען. גאָר נישט שווער צו דערקענען איר קאַצאַפּישע אָפּשטאַמונג פון אוקראַינע אָדער ווייסרוסלאַנד.

חיים האָט באַמערקט מיין פאַרשנדיקן בליק און געזאָגט:

— זי אַרבעט אין קיך. אַ סך רעדן ביי איך רוסיש, פילט זי זיך גאַנץ גוט. אויך די אַרבעט איז איר נישט צו שווער. זי איז געוווינט צו אַרבעטן. די צווייטע ביי מיר. די ערשטע, אויך אַ גויע, געשטאָרבן יונג; איך האָב געהאַט מיט איר אַ זון איז ער פאַרבליבן אין רוסלאַנד. וועט שוין פאַרבלייבן אַ גוי. אָבער זי — וויזט ער מיר אָן אויף זיין ווייב וואָס פּרעסט אַ העמד אין צווייטן צימער, — זי און אונדזערע צוויי יינגלעך וועלן שוין בלייבן יידן.

זיינע קינדערלעך האָב איך דאָ נישט געטראָפן, זיי שלאָפן אין קינ־דערהויז.

— ווי פילן זיך אייערע קינדער ביי אונדז? — פרעג איך אים.

— גאַנץ גוט, — זאָגט ער און קוקט אַריין אין ליידיקן גלאָז — די שפּראַך האָבן זיי שוין געכאַפּט. דער עלטערער פון אַ יאָר צען, קען שוין אַפילו לייענען. דער יינגערער איז נאָך אין קינדער־גאָרטן, נאָר... מאַרוסיע — ווענדעט ער זיך צו זיין פרוי און רייסט איבער דעם שמועס מיט מיר — גיס מיר אָן נאָך אַ גלאָז טיי.

נאָך דעם מישנדיק מיטן לעפעלע איז ער ממשיך:

— יאָ, זיי ליידן וואָס זיי זענען נאָך נישט געמלט...

— איז וואָס איז די מניעה? — פרעג איך אים — מען קען דאָך עס לייכט באַזייטיקן, און וואָס יינגער איז אַלץ גרינגער, פאַר וואָס דאַרפן זיי ליידן אומזיסט?

— עס איז טאַקע קיין מניעה נישטאָ, אפילו די מאַמע זייערע, די גויקע, וויל מען זאָל זיי וואָס גיכער באַשניידן; זיי ליידן די קינדער, זאָגט זי, שעמען זיך מיט זייער נאַקעטקייט אין באָדצימער און ביים אויס־טאָן זיך פאַרן גיין שלאָפן. נאָר איך, אַלטער נאַר, האָב זיך געקווענקלט,

געטראַכט: זאָלן זיי אונטערוואַקסן און אַליין באַשטימען. אָבער, שוין גערעדט מיט אייער סעקרעטאַר און באַשטימט אין די נאָענטסטע טעג מאַכן ביידע ברית׳ן.

— אויב אַזוי, — זאָג איך — קומט דאָך אייך אַ טאָפּעלער מזל־טוב פאַר אַריינברענגען צוויי בנים „בבריתו של אברהם אבינו״...

ער האָט אַנטקעגן מיין פּנים אויפגעהויבן זיין פאַרשוואַרצטע דלאָניע מיט אַלע פינף צעעפנטע פינגער:

— טאַקע אַ טראָפּעלע איז כדאי צו נעמען, ס׳איז דאָך טאַקע אַ שמחה, און נאָך וואָס פאַר אַ שמחה!

אַז די מאַמע פון די בנים האָט אויפן טיש אַוועקגעשטעלט אַ פלע־שעלע מיטן אמתן ריינעם שפּירט, איז זיין ציגל־פאַרביק פּנים ווי ליכטיקער געוואָרן, אַלע קנייטשן זענען פון אים פאַרשוווּנדן, קענטיק ,ער האָט גאַנץ גערן דעם ביטערן טראָפּן.

דער ייד האָט זיך אָנגעשטויסן אָן מיין מחשבה און אַרויסציענדיק דעם פּראָפּן פון פלאַש האָט ער געזאָגט:

— אין יענע מקומות, פון וועלכע איך קום, איז עס אַ געוויינלעכע זאַך; דאָ ביי אייך, דאַרף מען זוכן אַ סיבה אויף צו נעמען אַ קאָפּעלע...

— אָבער — האָב איך געזאָגט — עס איז דאָך נאָך פאַרן ברית...

— ווערט מען מוזן טרינקען נאָך אַמאָל — זאָגט ער, אָנפילנדיק די היפּשע גלעזלעך.

— לחיים! — האָט ער אויפגעהויבן דעם בעכער, באַטראַכט מיט פאַרגעניגן די קריסטאַל־לויטערע פליסיקייט און מיט איין שלוק אַראָפּ־געשלונגען דעם שאַרפן געטראַנק.

— לחיים! — זאָג איך, און דער ערשטער זופּ האָט מיר פאַרהאַקט דעם אָטעם.

# אַ פרוי פון פוילן

אסתר איז אָנגעקומען צו אונדז אין קיבוץ מיט דער לעצטער עליה פון פוילן. זי האָט מיטגעבראַכט מיט זיך דריי גרויסע מיט לעדער־באַצוי־גענע וואַליזקעס און אַ בלאָנד־געלאָקט יינגעלע פון פיר יאָר.

כאָטש זי האָט שוין געהאַט אַ קינד האָט זי נאָך אַליין אויסגעזען ווי אַ קינד ביי אירע פינף און צוואַנציק יאָר. נישט פון הויכן וווקס, אָבער דער קליינער גוף — פיין אַנטוויקלט און פרויאיש רייף; איר רונד געזיכט — ראָז און אַלבאַסטער־ווייס, אַ מין געמיש פון רויטע טרוסקאַווקעס אין סמעטענע; מיט חן־גריבעלעך אין די פרישע באַקן וואָס פאַרטיפן זיך, ווען זי לאַכט מיט איר גלעקנדיקן קול.

ס׳איז געווען אָנגענעם צו קוקן אויף איר. ס׳איז געווען גוט צו הערן איר שטים, וועלכע האָט פאַרמאָגט יענע צאַרטקייט, וואָס ווערסט קיין מאָל נישט מיד צו הערן אַפילו ווען זי פּלאַפּלט נאַרישקייטן.

אין די מלחמה־יאָרן האָט זי ווי אַ קליין מיידעלע זיך געהאָדעוועט אויף דער אַרישער זייט ביי אַ פּוילישער משפּחה. אירע יידישע עלטערן געדענקט זי קוים־קוים, ווי דורך אַ געדיכטן שלייער. ווי אין אַ פאַרנעפּלטן חלום זעט זי ווי אַ טאַטע האָט זי געדריקט צום האַרצן און אַ מאַמע האָט זי געקושט מיט בריענדיקע טרערן. און דערנאָך מער נישט געקומען, פאַרשוווּנדן.

ביי דער פּוילישער משפּחה האָט זי זיך נישט לאַנג אויפגעהאַלטן. מען האָט זי איבערגעפירט אין אַ קלויסטער. דאָרט האָט זי מיט אַ זיל־בערנעם צלם אויפן האַלדז אַרומגעבלאָנקעט צווישן אומבאַקאַנטע, אין שוואַרצן־פאַרוויקלטע נאָנעס, זיך געצלמט פאַר די געטלעכע בילדער — ביז שליחים פון ישראל האָבן זי אויסגעפונען און פון דאָרט אַרויסגע־נומען און איבערגעגעבן צו אַ יידישער פאַמיליע.

אויף דער וועלט איז שוין געווען שלום, און אסתרל, ווי אַ סך יידישע קינדער, האָט געלערנט אין אַ פּוילישער שול, אָפּגעריסן פון יידיש און יידישקייט.

געענדיקט די פוילישע שול איז אסתרל אַוועק אַרבעטן אַלס אָנגע־שטעלטע אויף אַ רעגירונגס־שטעלע. זיך באַקענט דאָרט מיט אַ יידישן בחור, חתונה געהאַט און צוזאַמען געטרוימט אַפּצופאָרן קיין ישראל. דער־ווייל איז אַ קינד געבוירן געוואָרן, און דער עניין האָט זיך געשלעפּט, ווען זיי האָבן סוף סוף דערהאַלטן די דערלויבעניש אַרויסצופאָרן פון פוילן איז דער מאַן אירער פלוצלונג אַוועקגעשטאָרבן.

אַ יאָר צייט איז אסתרל נאָך געבליבן אין וואַרשע און דערנאָך אָפּגע־פאָרן קיין ישראל. אין חיפהער פּאָרט האָט קיינער זי נישט אָפּגעוואַרט. זי האָט קיינעם נישט געהאַט דאָ אין לאַנד. ווען מען האָט איר פאָרגע־לייגט אַריינצוגיין אין אַ קיבוץ מיטן קינד צוזאַמען אָדער אַזוי אין אַ מעברה, האָט אסתר אויסגעקליבן דעם קיבוץ. אַזוי איז זי צו אונדז אָנגעקומען אין אַ חמסין־טאָג. דער שאָפער פון טעקסי האָט אירע שווערע וואַליזעס אַריינגעטראָגן אין פאָדערהויז פון עסזאַל; דאָס פיר־יאָריקע יינגעלע האָט די שיינע מאַמע געפירט פאָרן האַנט.

אין אָוונט האָט זי שוין געהאַט איר אייגענע וווינונג, וועלכע האָט זיך געטובלט אין גרינס. אויף דער וועראַנדע האָט אַ ווינשטאָק־קלעטער־פלאַנץ אויסגעשפּרייט זיינע ברייטע בלעטער ווי אַ פאָרהאַנג. זי האָט זיך געפרייט מיט דער דירה וואָס מען האָט איר צוגעטיילט און ס'איז געווען די ערשטע נאַכט, וואָס איר קליין יינגעלע איז נישט געשלאָפן לעבן איר, נאָר אין קינדערהויז, צוזאַמען מיט אַלע קינדערלעך פון זיין עלטער. לאַנג איז זי געזעסן ביי אים אויף זיין ווייס בעטלע. ער האָט זי נישט געלאָזט אַוועקגיין, אים האָט געשראָקן — די פרעמדע קינדערלעך, זייער שפּראַך וואָס האָט אים געקלונגען אַזוי מאָדנע און אומפאַרשטענד־לעך. זי האָט אים געטוליעט צו זיך, אים געקושט אין די פאַרטרערטע אויגעלעך און אים פאַרזיכערט, אַז ער וועט זיך צוגעוווינען סיי צו די קינדערלעך און סיי צו זייער לשון, ווייל זיי זענען אים נישט קיין פרעמדע נאָר אייגענע און נאָענטע.

אסתרן אַליין איז אויך געווען די ערשטע טעג שווער אויפן געמיט. אָבער פוילישע האָבן דאָ אין קיבוץ אַ סך געקענט און עטלעכע יידישע

ווערטער האָט זי אַליין אויך געזעדט, אַזוי אַז די מחיצות זענען גיך צעפאַלן.

דער סדרן־עבודה, דער חבר וואָס אָרדנט איין די אַרבעט אין קיבוץ, האָט זיך מיט אסתרן נישט געקאָנט קיין עצה געבן וואָסער אַרבעט איר צוצוטיילן. ס׳האָט אים דאָס האַרץ נישט געלאָזט אַרויסשיקן זי אין פעלד, אין ברען פון טאָג, ווען זי איז נישט געוווינט צו אַזאַ הייסן קלימאַט. מיט קינדער אַרבעטן — קען זי נישט קיין העברעיש.

אַ לאַנגע צייט איז ער געווען אין אַ פאַרלעגנהייט. ביז ער האָט זיך דערטראַכט און אַריינגעשיקט אסתרלען אַרבעטן אין קיך.

אין קיך האָט זי געשיילט קאַרטאָפל, איבערגעוואַשן פאַרשידענע גרינסן, אָנגעשיילט גרויסע שיסלען מיט ציבעלע. געטאָן אַלץ וואָס די פאַראַנט־וואָרטלעכע אין קיך האָט אויף איר אַרויפגעלייגט. געטאָן עס ערנסט, מיט ליבשאַפט און מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן. געשוועבט פלינק צווישן די עלעקטרישע קעסלען, געמישט אין זיי מיטן הילצערנעם קאָכלעפל, פאַרזוכט, דערשאָטן זאַלץ, צוגעגאָסן וואַסער. עפּעס איז פריילעכער געוואָרן אין קיך צווישן די פאַרשידענע געקעכטס־ריחות און פּאַרע, — ווען אסתרל האָט דאָרטן געאַרבעט. זי האָט שטיל צוגעזונגען אַ פּויליש לידל און יעדן איינעם פריינדלעך געענטפערט.

אין די אָוונטן אָבער, ווי זי האָט געלייגט שלאָפן איר קליינעם זונעלע אין קינדער־גאָרטן, פלעגט איר אַן אומעט אַרומנעמען, ווען זי פלעגט אַליין בלייבן מיט זיך אין איר פיין צוגעקליבענעם צימער.

ווייל אין די אָוונטן אין קיבוץ, זענען טייל חברים פאַרנומען מיט פאַר־שידענע ענינים. טייל שליסן זיך אָפּ אין אייגענעם קרייז פון דער קליי־נער משפחה און די עלטערע און מידערע גייען שלאָפן. מיט דעם יונג־וואַרג האָט זיך אסתרל נאָך נישט געקענט צוזאַמענרעדן, פלעגט זי דאָס רוב זיך אַרומדרייען אַ ביסל אַליין און גיין שלאָפן.

אַזוי זענען אַוועק עטלעכע חדשים, מען האָט זיך צוגעוווינט צו איר און צו איר שיינקייט. פריער פלעגט מען איר פאַרבייגיין מיט אַ שמייכל, מיט אַ גוט וואָרט אויף די ליפּן. דערנאָך פלעגט מען איר פאַרבייגיין סתם, טייל מאָל אַפילו נישט באַמערקן, ווי עס טרעפט אין קיבוץ. נאָר

איינער האָט אַלע מאָל באַמערקט און געזוכט איר נאָענטקייט. דער איינער איז געווען אריה, אַ פלח, אַ לאַנגיאָריקער חבר פון קיבוץ, שוין אַריבער די פערציקער. אַלע זיינע יאָרן אַרבעט ער אויף די פעלדער, אויפן טראַק־טאָר און קאָמביין. עס שמעקט שטענדיק פון אים מיט זון און מיט טוי. אַ הויכער, אַ פון זון אויסגעטריקנטער אָבער מיט שטייפע מוסקולן. פון תמיד זיין אויף דער זון איז זיין טונקל געזיכט נאָך טונקעלער געוואָרן און כאַפּט אָן ענלעכקייט צו איילבירטן. די גרויסע שלייפן גיבן צו ווי אַ ליכטיקן שיין צו דעם מידן פנים זיינעם. אַלע מאָל איז ער אַרומ־געגאַנגען צווישן אונדז, אַ פאַרשלאָסענער אין זיך, אַ פאַרטראַכטער. אַז ער האָט אָנגעשטעלט זיינע שוואַרצע אויגן אויף עפּעס — מעג עס זיין אויף דער וואַנט צי אויף אַ חיה אָדער אַ מענטש — איז ווי ער וואָלט זיי נישט געקאָנט אָפּרייסן פון יענעם קעגנשטאַנד נאָר אַריינגעזויגן אין זיך, אַזאַ געפיל האָסטו געהאַט באַמערקנדיק זיין בליק.

בעת איינעם אַ נאַכטמאָל ביים קיבוצישן טיש אין חדר־אוכל איז אריהס בליק געפאַלן אויף אסתרן, אויף דער קליינער צאַרטער אסתר, וואָס איז געזעסן אַנטקעגן אים און געטרונקען טיי. ער האָט לאַנג נישט אָפּגע־ריסן זיין בליק אַפילו נאָך דעם ווי דאָס אָרט איז געבליבן ליידיק, ווייל אסתרל איז אַוועק אַ ביסל פאַרשעמט פאַר די גרויסע שוואַרצע אויגן, וועלכע האָבן אַזוי דורכדרינגלעך אַריינגעקוקט אין איר. ער האָט אָנגע־האַלטן זיין בליק ביז עמיצער האָט זיך אָן אים אומגערן אָנגעשטויסן. ער האָט צוריק אַראָפּגעלאָזט זיין קוק אין טעלער אַריין, אָבער צום עסן זיך שוין נישט צוגערירט.

ווער קען וויסן די מחשבות פון אַ שיינער יונגער פרוי אין איר עלנט, אין אַ נייער סביבה? ווער קען דערגייך און באַנעמען דעם פאַרבאָרגענעם כוח, וואָס פירט צונויף הערצער?

זינט יענעם אָוונט האָט ער פון ווייטן באַגלייט איר יעדע באַוועגונג, געשלונגען איר שאָטן. אַליין שוין אַ לאַנג־פאַרהייראַטער און אַ טאַטע פון צוויי קינדער, האָט ער זיך ווי געשעמט פאַרן נייעם געפיל וואָס ער האָט אין זיך אַנטפּלעקט.

אסתרן האָט לכתחילה געשראָקן דער הייסער קוק פון זיינע שוואַרצע אויגן, אָבער זיין שלאַנקע מענערישע געשטאַלט האָט איר מער געצויגן ווי געשראָקן און אַזוי האָט זיך געמאַכט, אַז מען האָט זיך אָנגעהויבן צו טרעפן ביי דער אַרבעט, ביים עסן, פאַרוואַרפן אַ וואָרט אין פויליש און יידיש, אַזוי יעדעס מאָל וואָס אָפטער און יעדעס מאָל וואָס לענגער.

די אַלטע חברים האָבן אַ ביסל אונטערגעשמייכלט, ווער מיט נישט פאַרגינערישקייט און ווער מיט צער און מיטגעפיל צו אריהס ווייב, ברכה, וועמען די שווערע אַרבעט אין פעלד און אין קיך האָבן פאַרעלטערט פאַר דער צייט. אַ סך גרויע האָר אין איר געדיכטן קאָפּ און אַ סך קנייטשן אויף איר פנים און ווינט איבערגעברענטן געזיכט. פון איר אַמאָליקער שיינקייט איז שוין גאָר נישט געבליבן, אפשר נאָר דער גרינער פייער אין אירע מידע אויגן.

וואָס לענגער עס האָט זיך געצויגן אָט דער שטילער ראָמאַן, אַלץ לענגער איז אריה געבליבן זיצן אין די אָוונטן ביי אסתרן אין צימער אונטער אַראָפּגעלאָזענע פוירהענגלעך, ביז איין מאָל אין אַ נאַכט איז ער אין גאַנצן נישט געקומען שלאָפן צו זיך אַהיים.

ווען אויף מאָרגן פרי איז אריהס ווייב געלאָפן צום מזכיר פון קיבוץ און געמאָנט איר רעכט, האָט אריה צונויפגעבונדן אַ קליין פּעקעלע פון ביכער און עטלעכע העמדער און אַרויס פון שטוב. מיטן קליינעם קלומעקל אויפן אַקסל האָט אריה אַוועקגעשפּאַנט דורך די פעלדער, וועלכע ער האָט יאָרן־לאַנג געזייט און געשניטן. ער האָט געשפּאַנט איבער די אויס־געטראָטענע סטעזשקעס ווי אַן אַמאָליקער בעל־תשובה, וואָס לאָזט זיך אָפּריכטן גלות פאַר אַ באַגאַנגענער עבירה.

## ר ח ל

דאָס קליינע מיידעלע, די יתומהלע, וואָס איז אַריין היינט זיך שפּילן מיט מיין זיבן־יאָריקן זון, האָט מיך דערמאָנט אָן איר מאַמען, וואָס איז געקומען צו אונדז מיט אַ צען יאָר צוריק פון קאַפּריסין.

איך האָב אָנגעקוקט דאָס קליינע טעכטערל, וואָס איז געבליבן זיך האָדעווען ביי אונדז נאָך דעם ווי איר מאַמע איז געשטאָרבן און דער טאַטע איז קורץ נאָך זיין פרויס טויט אַוועק פון קיבוץ. אַ פינפיעריק מיידעלע איז זי דאַן געווען, כמעט אַ קיילעכדיקע יתומה. וואָס אַן אמת האָט זי דאָך אַ סך מאַמעס וואָס גיבן זיך אָפּ מיט איר און אַ גרויסע היים — גאָר דער קיבוץ אין וועלכן זי פילט זיך לחלוטין נישט שלעכט; אָבער דאָך, אַ מאַמע, אַ לייבלעכע מאַמע פעלט איר. עס פעלט איר דער טיפער, דער אמתער מאַמעשער קוש, דער גלעט פון אַ מאַמען וועלכן קיינער קאָן נישט פאַרבייטן און אויך די וואַרעמקייט וואָס שטראָמט פון אַ מאַמעס אויג צו איר קליינער טאָכטער.

איך טראַכט: פאַרוואָס קאָן איך נישט פאַרגעסן די מאַמע אירע? זי איז דאָ אָפּגעווען מיט אונדז אַכט יאָר און אין בליענדיקן עלטער פון אַכט און צוואַנציק יאָר איז זי אַוועק פון דער וועלט איבערלאָזנדיק דאָס פינפיאָריקע קינד: אין מיניאַטור — אַ קאָפּיע פון דער מאַמען.

געשטאָרבן איז זי פּלוצלינג. געקומען פון באָדן זיך, געקראָגן אַ לונגן־אָנצינדונג און אין פינף טעג איז זי נישט געוואָרן. נישט געהאָלפן האָבן די נייעסטע מעדיצינען און איינשפּריצונגען, ווי דער טויט וואָלט געוואַרט אויף איר. געגאַרט אויף דעם מאָמענט אַריינצוכאַפּן זי אין זיינע הענט און מער נישט אַרויסלאָזן.

שוין אַוועק צוויי יאָר און מיר דוכט זיך ווי ערשט נעכטן וואָלט עס געווען, ווען איך האָב אויף איר אַ קוק געטאָן צום לעצטן מאָל, איידער מען האָט איר גוף אַראָפּגעלאָזן אין זאַמדיקן קבר. איר געזיכט, וואָס ביים לעבן איז עס געווען פון מאַטאָוון פאָרצעלאַן־קאָליר פאַרפאַרבט מיט אַ קוים באַמערקבאַרן ראָז, איז איצט געווען געל ווי אַ וווּנדער־שיינע מאַסקע פון אַ פרעמדער פרוי; די שוואַרצע אַראָפּגעלאָזענע וויעס האָבן ווי באַלעבט דאָס פּנים אירס און אַזוי איז זי פאַרשווּנדן פון דער אייבי־קייט. איך האָב זיך אָפּגעקערט פון קבר און נאָר געהערט די אומהיימלעכע גרודעס ערד פאַלן אויפן הילצערנעם צודעק.

אַכט יאָר זענען מיר געווען שכנים, אַ טיר לעם אַ טיר, בלויז אַ דינע

וואָנט האָט אונדז אָפּגעטיילט. איך האָב זי געזען אין פריילעכע און אין אומעטיקע שעהן. נישט גרינג איז איר אָנגעקומען די ערשטע צייט זיך איינ־צובירגערן אין קיבוץ. עס האָט זי שטענדיק געשראָקן דער רעש, די סך מענטשן, וואָס טרעפן זיך אַלעמאָל ביים עסן און ביי דער אַרבעט. אַפילו אין שפּריץ־באָד ווו מען קומט זיך טושן נאָך דער אַרבעט איז איר שווער געווען זיך אויסטאָן צווישן אַזויפיל פרויען.

די אַרבעט אין פעלד האָט זי גיך מיד געמאַכט; האָט זי אָנגעהויבן אַרבעטן אין קינדערהויז מיט צוויי־דריי יעריקע קליינוואַרג; צווישן זיי האָט זי זיך געפילט גוט. פון נאַטור אַ פאַרשלאָסענע, האָט זי אויסגעע־מיטן געזעלשאַפט, ליב געהאַט צו זיין אַליין, דערוויטערט פון אַלגעמיי־נעם רעש; נאָך דער אַרבעט פלעגט זי זיך אָפּשליסן אין איר צימער, כאָטש זי האָט געהערט צו די פרויען צו וועמען בחורים קלעפּן זיך און נישט איין האַרץ איז מסתמא געבליבן פאַרוואונדעט דורך איר דער־ווייטערונג...

צוויי יאָר נאָך איר אָנקומען צו אונדז האָט זי זיך פאַרבונדן מיט אַ בחור און חתונה געהאַט. דער בחור איז פון איר געווען עלטער מיט אַ צען יאָר. שוין אַ ותיק. געאַרבעט אין פעלד און געווען פאַררעכנט פאַר איינעם פון די גוטע און איבערגעגעבענע חברים אין קיבוץ. אָבער עפּעס וואָכעדיקס האָט זיך געשפּרייט אַרום אים און זי, רחל, האָט געבענקט נאָך עפּעס מערער. וואָס האָט זי מיט אים פאַרבונדן? ווער ווייס? זי האָט מיט אים געהאַט אַ מיידעלע.

כאָטש שכנים, האָבן מיר זיך זעלטן געטראָפן; נאָך זעלטענער איז זי אַריין צו מיר אין צימער. זי פלעגט פאַרביישוועבן לייכט ווי אַ קילער ווינט און איבערלאָזן אַ צאַרטן ריח פון נעגעלעך־בלומען און בענקשאַפט אין האַרץ. מיט דער צייט האָט זיך צווישן אונדז איינגעשטעלט אַ פריינד־שאַפט. איך בין עלטער געווען פון איר, איז מיין באַנעמונג צו איר געווען ווי צו אַ יינגערער שוועסטער, ווי צו אַ יינגערער קאַפּריזנער שוועסטער, וואָס אָט איז זי פריילעך און אָט איז זי אומעטיק. געווען שעהן וואָס זי האָט געקאָנט זיין פאַרשלאָסן אין זיך, שווייגן, אויסמיידן געזעלשאַפט,

און געווען צייטן, וואָס זי איז געווען פלאַטערנדיק ווי אַ ווינט און גע־שפרודלט מיט רייד ווי אַ פרישער קוואַל.

איך האָב געוואָלט וויסן פון וואַנען זי איז געקומען צו אונדז, און אָט וואָס איך האָב זיך פון איר דערוווּסט:

זי איז געבוירן געוואָרן אין אַ קליין שטעטל אַרום וואַרשע. צוועלף יאָר איז זי אַלט געווען ביים אויסברוך פון דער מלחמה. דער טאַטע איז אַוועק אין מלחמה. די מאַמע, אַ קליינע און אַ שוואַכע פרוי איז געבליבן מיט איר איינציק טעכטערל אין אַ ים פון פורעניות, וואָס האָט געדראָט יעדע ווײַלע זיי איינצושלינגען. דער דייטש האָט ווי אַ מוטנער שטראָם פאַרפלייצט וואַרשע און אומגעגנט. איר טאַטע וואָס איז דעמאָלט געווען אין פלען ביים דייטש, איז אַנטלאָפן, און איז אין אַ נאַכט געקומען צו זייער קליין שטיבל איבערגעטאָן פאַר אַ פּאָלאַק, געכאַפּט דאָס ווייב מיט דעם טעכטערל און געלאָפן צו דער רוסישער גרענעץ, וועלכע האָט זיך דאַן טיף איינגעשניטן אין פוילישן באָדן.

רחל — אַזוי האָט געהייסן די יונגע מאַמע — האָט מיר אין די קילע זומעראָוונטן אַ סך דערציילט פון אירע שווערע איבערלעבענישן אין רוסלאַנד, ווו זיי זענען פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר. דער טאַטע האָט געאַרבעט אין קוילנשאַכטעס. ברויט האָט זיי טאַקע נישט געפעלט, קיין הונגער האָבן זיי נישט געליטן, אָבער די מאַמע אירע איז יעדן טאָג שיִער נישט משוגע געוואָרן וואַרטנדיק אויפן טאַטן ער זאָל אַרויסקומען אַ לעבעדיקער פון דער טיפעניש פון דער ערד. פון זייער הייזל, וואָס איז געשטאַנען נישט ווייט פון די שאַכטעס, פלעגט זי אים אַנטקעגנלויפן און אים פאַלן אין זיינע שוואַרצע אָבער פעסטע אָרעמס.

רחל דערציילט אויך, ווי איין מאָל האָט זיך די מאַמע נישט דערוואַרט און מען האָט דעם טאַטן אַרויסגעטראָגן אַ האַלבטויטן, אַ שווערער קוילשטיין האָט אים צוגעדריקט דעם אויבערשטן טייל גוף, צעבראָכן די ריפּן און ער האָט געשפּיגן מיט בלוט.

מען האָט אים צוגענומען, און מער האָט רחלע איר טאַטן שוין נישט געזען.

* * *

דאָס יתומהלע וואָס שפּילט זיך איצט מיט מיין זון האָט מיך אַרויפגעבראַכט אויף די דאָזיקע שווערע מחשבות. די בלעטער פון מיט עטלעכע יאָר צוריק האָבן זיך אַ מיש געטאָן און מיר דערמאָנט אין אַ יונג לעבן וואָס איז פאַרשניטן געוואָרן, אין אַ משפּחה, וואָס איז צעבראָכן געוואָרן.

רחל׳ס מאַן איז נאָך זיין ווייבס טויט וואַכנלאַנג אַרומגעגאַנגען ווי אַ שאָטן. יעדע זאַך האָט אים דערמאָנט אין איר; ער האָט געווייכט פון זיך צימער און אַפילו זיין פינפיעריק טעכטערל האָט ער אויסגעמיטן, ווי ער וואָלט געוואָלט אַלץ אַרויסרייסן פון זיין האַרץ, אָפּמעקן יעדע געדעכעניש. ער איז אַרומגעגאַנגען אַ שווייגנדיקער ווי אַ טויב־שטומער, נאָר זיינע שוואַרצע אויגן האָבן געברענט מיט יענעם טיפן טרויער, אין וועלכן דער צווייטער קען אַפילו נישט אַריינדרינגען.

ווען ער האָט אַ קורצע צייט נאָך רחלס טויט פאַרלאָזט דעם קיבוץ איז זיין טעכטערל ביי אונדז געבליבן. זי האָדוועט זיך דאָ מיט אַלע קינדער צוזאַמען און ווער עס קוקט זי אָן, דערמאָנט זיך אָן דער מאַמען אירער, מיט איר זיס רונד געזיכט און בלויע וואַרעמע אויגן, וועלכע קוקן דיך אָן מיט קינדערישער פרייד.

זי איז ווי אַ יונג בוימעלע וואָס איז דאָ פאַרפלאַנצט געוואָרן און גוטע הענט פלעגן און היטן זי. זי האָט דאָ די געטריישאַפט פון אַלעמען און דאָך פעלט איר יענע ריינע לויטערע מאַמע־ליבשאַפט, וואָס קיינער קאָן עס נישט פאַרבייטן און דער גורל האָט איר פאַרמשפּט דאָס קיין מאָל נישט צו פילן.

* * *

אין אָוונט בין איך אַוועק אויף אונדזער קליינעם בית־עולם, און אויפן גרויען שטיין אונטער וועלכן עס רוען רחלס ביינער האָב איך אַוועקגעלייגט אַ בינטל רויטע רויזן. ביים לעבן האָט זי תמיד ליב געהאַט רויזן, נישט איינמאָל עס אָנגעהאָנגען אויף איר ווייס בלוזקעלע, אָדער אַריינגעפלאָכטן אַ קליינע רויטע רויז אין אירע ברוינע האָר.

די נאַכט איז צוגעפאַלן, איינגעדעקט די גרויסע מצבות וואָס ליגן

אויסגעשפרייט אין מיטן פעלד. אונטער די שטיינער רוען די, וואָס דער גורל האָט אַרויסגעריסן פון אונדז. יעדער איינער האָט דאָ אין קיבוץ איבערגעלאָזן פאַרצווייגטע משפחות, קינדער. און זי רחל — נאָר איין קליין מיידעלע אַ צאַרטס און אַ דינס, ווי אַ יונגער ציפּרוס.

## אַן אַכציק־יעריקער חלוץ

אַלע פרימאָרגן, ווען איך גיי צו דער אַרבעט, צו אונדזער גרויסער שיך־פאַבריק — טרעף איך נעבן די קישטאַלן דעם הויכן אַכציקיעריקן זקן מיט דער קורץ־געשוירענער גרויער באָרד, אין וועלכער עס איז נאָך דאָ סימנים פון אַמאָליקער געלקייט. איך טרעף אים זיך שוין פאָרען אין דער אָפּצוימונג, ווו עס געפינען זיך די יונגע קעלבלעך. ער גרייט זיי פּאַשע פון שעצקע און געמאָלענעם באָקסער, אַדורכגעמישט מיט קלייען. ער שלעפּט אויף זיך גרויסע פּעק שטרוי אונטערצובעטן אַ פריש געבעטעכץ און וואַרפט אַרויס מיט אַ הייגאָפּל דאָס מיסט, וואָס האָט זיך דאָ אָנגע־זאַמלט דורך דער נאַכט.

איך בלייב שטענדיק שטיין פאַרוווּנדערט און קוק זיך צו צום טיפן זקן, וואָס אַרבעט אַזוי פריש און מונטער, אַז דיר איז שווער צו גלויבן, אַז נאָך מיט אַ האַלב יאָר צוריק האָבן מיר אים באַגריסט צו זיין אַכציק־יעריקן געבורטסטאָג. ער גייט נאָך אַזוי שטייף און גלייך, און זיין קליין געקנייטשט געזיכט פון ציגלפאַרב שמייכלט צו דיר אַרויס מיט ליבשאַפט דעם ברייטן יידישן גוט מאָרגן און זיינע קליינע וואַסערדיקע אויגן קוקן אויף דיר נאָך מיט אַ יונג פלעמל, אַז דיר דוכט זיך, עס שטייט פאַר דיר אַ מענטש אין בליענדיקן עלטער, וואָס יאָרן האָבן אויף אים קיין שליטה נישט. נישט קיין זיקנה שמעקט פון אים, נאָר ווי פון אַ יונגן פּויער טראָגט זיך פון אים דער ריח פון פריש מיסט און געוואַרעמטע קלייען.

צו אונדז איז ער אַריבערגעקומען שוין נאָך דער מלחמה. ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכן איז ער מיט זיין גרויסער משפּחה: זין, טעכ־טער, איידעמס, שניר און אייניקלעך אַנטלאָפן פון דאָרף — ווו ער האָט פאַר־

מאַגט אייגענע פעלדער, פּי און תבואה־שפּייכלערס — אין די וועלדער; און צוזאַמען מיט די פּאַרטיזאַנער אַלע יאָרן אָפּגעווען אין וואַלד, און געבראַכט נוצן, נישט ווייניקער, ווי אַ יונגער, כאָטש ער איז שוין דאַן געווען אַריבער די זיבעציק.

נאָך די וועלדער האָט ער זיך געוואַלגערט אין לאַגערן, צוזאַמען מיט אַלע יידן פון דער „שארית הפליטה" און זיך געקליבן אָפּפאָרן קיין ארץ־ישראל, ווו ער האָט געהאַט אַ זון אין איינעם פון די קיבוצים. נאָר מאָדנע און אומפאַרשטענדלעך איז צייטנווייז דעם גורלס וועגן.

די גאַנצע גרויסע משפחה מיטן אַלטן טאַטן האָבן זיך געראַטעוועט, נאָר דער זון זיינער, וואָס איז געווען ביי אונדז אין קיבוץ און צו וועמען דער אַלטער האָט זיך געקליבן קומען, דער זון זיינער, וואָס איז דאָ געזעסן אין זיכערקייט — איז געהרגעט געוואָרן אין מיטן תל־אביב דורך אַ מאָטאָציקל אין טאָג, ווען ער האָט זיך געקליבן פאָרן קיין דייטשלאַנד אַריבערצובערענגען דעם אַלטן טאַטן.

דער אַלטער טאַטע איז געקומען אין לאַנד און צו אונדז אין קיבוץ, נאָך אָנשטאָט זיין זון, האָט ער געטראָפן זיין פרישן קבר, אַ פריש בערגעלע ערד האָט ער געטראָפן, אונטער וועלכן זיין זונס צעבראָכענע ביינער האָבן גערוט.

די ערשטע טעג האָט ער זיך דאָ אַרומגעדרייט ווי אַ פרעמדער, מיט אַ טיפער ווונד אין האַרץ. געפּרוּווט זיצן לענגער אין קליינעם שולכל פון דעם אַלטוואַרג, וואָס געפינט זיך דאָ אין אַ צריף און פאַרמאָגט איין איינציקע ספר־תורה. אָבער עפּעס האָט ער געפונען. די לײדיק־גייערײ האָט אים געטריבן פון אָרט צו אָרט. ער האָט זיך געפילט פרעמד צווישן די עלטערן, וואָס זיצן שוין דאָ יאָרן־לאַנג אין קיבוץ און העלפן מיט גאָרנישט צו, נאָר פאַרלאָזן זיך שוין אויפן קיבוץ, וואָס שפּייזט זיי אין זכות פון זייערע קינדער.

אים האָט פון ערשטן טאָג אָן געצויגן צום יונגוואַרג, צו די חלוצים וואָס בויען. ער האָט געוואָלט דאָ אויך זיין חלק צוטראָגן, געפילט זיך

בכוח. זייענדיק יאָרן־לאַנג אַ פּויער האָט אים פּאַרשיכורט דער פרישער ריח פון אויפגעאַקערטן בייט, דער שאַרפער גערוך פון קומיסט האָט אים נישט געלאָזט רוען און געצויגן צו דער אַרבעט מיט אַ לעכצעניש.

ער האָט אָבער געוווּסט, אַז ער זאָל צוגיין צום „סידור־עבודה" און פאַרלייגן, מען זאָל אים צוטיילן צו אַן אַרבעט, וועט מען זיך פון אים אויסלאַכן און נישט וועלן הערן. האָט ער אַליין געזוכט און געפונען. אין רפת ביי אונדז פעלן די גאַנצע צייט אַרבעטהענט. האָט ער די ערשטע צייט עטוואָס צוגעהאָלפן, ביז ער האָט איבערגענומען צו פלעגן אַ גאַנצן קושטאַל מיט צענדליקער יונגע קעלבלעך, וועלכע ער האָט געדוועט און היט זיי אָפּ מיט געטריישאַפט און די אַרבעט פון דעם העכער אַכציק־יעריקן יידן איז נישט ווייניקער ווי פון אַ יונגן רפתן, אויב נישט נאָך מערער.

אַלע פרימאָרגן, ווען איך באַגעגן אים אויף מיין וועג, פיל איך צו אים אַ ליבשאַפט און אַ יראת־הכבוד, עס ווילט זיך מיר איינבויגן דעם קאָפּ פאַר דעם זעלטענעם יידן, וואָס האָט אין זיין טיפן עלטער, אַנגע־הויבן ווי אַ יונגער חלוץ. די אַרבעט, דוכט מיר, האָט אים געקרעפטיקט און געטרייסט נאָך זיין גרויסן פאַרלוסט. טיילמאָל, ווען איך זע אים ביי דער אַרבעט, פיל איך, ווי ער וואָלט געטאָן הייליקע עבודה. ווי ער וואָלט געקומען דאָ זיין געפאַלענעם זון פאַרבייטן, און די עלטער האָט זיך דער־שראָקן פאַר זיין שטאַרקן ווילן און אָפּגעטראָטן דעם וועג דעם שלאַנקן, שטאָלצן ייד, וואָס גייט טאָג־טעגלעך צו דער אַרבעט און טראָגט צו זיין חלק מי צוגלייך מיט אַלע חברים.

## ליבעלע

ליבעלע איז אַ זקנה שוין אין די אָנהייב ניינציקער, דאָך לייענט זי נאָך אַ יידיש בוך אָן ברילן; גייט פון צייט צו צייט אַרויס פון איר צימער, טשאַראַפּקעט זיך אָנגעשפּאַרט אָן אַ שטעקן, מיט דראָבנע טריטעלעך פון אירע דינע פיס אין לייוונטענע שטעקלאַטשן. אַזוי לאַנגזאַם — וואָס האָט זי קיין צייט נישט? — שאַרט זי דורך די הונדערט מעטער פון איר

שטיבל ביזן גרויסן עסזאַל, ווו אין קאָרידאָר ביים אַריינגאַנג פאַרנעמען
אַ גאַנצע וואַנט די קליינע פריוואַטע פאָסטקעסטלעך.

ליבעלע פירט נאָך אַ גאַנץ לעבהאַפטע קאָרעספּאָנדענץ מיט אירע
שוועסטער־קינדער אין אַמעריקע, אויסטראַליע און קאַנאַדע. אירע שוועס־
טער־קינדער זענען שוין אַלע אַליין זקנים, וועלכע זיצן יאָרנלאַנג אין
די פרעמדע לענדער, פאַרמאָגן שוין אייניקלעך און פירן נאָך גרויסע גע־
שעפטן. זייערע קינדער און אייניקלעך איז דאָך אָפּגערעדט, אַז זיי זענען
אָפּגעפרעמדט פון יידיש און יידישקייט; אָבער זיי אַליין, די זיידעס —
ליבעלעס קוזינעס, — כאַפּן זיך נאָך פון צייט צו צייט אַריין אין אַ בית־
מדרש, געדענקען אַ יידיש וואָרט און האָבן נישט פאַרגעסן זייער אַל־
טיטשקע מומע, זייער טאַטנס שוועסטער אין ארץ־ישראל, וועלכע געפינט
זיך דאָרט אין אַ קיבוץ.

די פּאָר דאָלער, צי די טעלעכע אויסטראַלישע פונטן וועלכע זי באַ־
קומט צוגעשיקט פון צייט צו צייט, גיט זי אַוועק דעם קאַסירער פון קיבוץ.
און קיין מאָל פאַרגעסט זי נישט אָנזאָגן, אַז ווען עס וועט קומען די צייט
זאָל מען איר ברענגען צו קבורה לויטן יידישן דין, מטהר זיין און אין
תכריכים מקבר זיין אויפן קיבוצישן בית־עולם: צווישן אייך האָב איך
געלעבט, צווישן אייך וויל איך ליגן נאָך הונדערט און צוואַנציק יאָר —
פלעגט זי תמיד מוסיף זיין.

פאַר זיך — דאַרף שוין ליבעלע גאָרנישט, זי איז דאָ באַזאָרגט מיט
אַלצדינג. יעדן טאָג קומט אַריין אַ חברטע און קאָכט אָפּ און גרייט צו
דאָס ביסל עסן פאַר איר, קלויבט זאָרגעוודיק צו דאָס צימערל, וואָס פעכלט
פון ריינקייט ווי אַ שפּיטאָל־חדרל. זי אַליין גייט אָנגעטאָן ריין און זויבער;
אַ שוואַרץ־זיידן טיכל אויף איר איינגעשרומפּן קעפּל מיט די שיטערע,
ווייסע האָר, אַ ווייס קאָפּטעלע מיט ברוינע קעסטעלעך, אויסגענייטע בלי־
מעלעך ביי די אַרבל און אויפן קאָלנערל ביים האַלדז, וועלכער פאַרשפּי־
ליעט זיך האַרט ביי דעם פאַרשפּיצטן גאָמבעלע, וואָס איז עטוואָס אויס־
געבויגן אויף אַרויף צו די דינע איינגעצויגענע ליפּן. איר שוואַרץ וואָלן
קליידל איז ריין ווי ערשט פון באַרשט אַרויס, קיין פלעק, קיין שטויבעלע.

קוקסטו אַריין אין אירע ברוינע אויגן — דערזעסטו נאָך אַ גלאַנצל, אַ בליצל; — אויגן — פול מיט פּיקחות. קענסט זיך נישט אָפּוווּנדערן, וואָס אַזעלכע יונגע אויגן זענען איינגערעמט אין אַ געזיכט פול מיט קנייטשן, ווי איר פּאַרמעטהויט וואָלטן די יאָרן זאָרגעווּדיק געשליפן און איינגעלייגט אין פאַלבן, אַ פאַלב צו אַ פאַלב, אַ פאַלב צו אַ פאַלב; אָבער צו אירע גוטע ברוינע אויגן זיך נישט געוואַגט צורירן.

איך טרעף אָפּט ליבעלען ליגן אין איר לייוונטענעם ליגשטול, אונטערן ברייט־צעוואַקסענעם איילבערטבוים, וועלכער וואַקסט נישט ווייט פון איר שוועל. אויך דער איילבערטבוים איז אַלט און זיינע אויבערשטע דיקע וואָרצלען זענען אָפּגעדעקט, ווי זיי וואָלטן זיך מיט כוח פון דער ערד אַרויסגעשפּאַרט. ליבעלע זעט דאַן אויס אין מיינע אויגן ווי אַזאַ פעסטער וואָרצל, וואָס ציט זיינע לעבנסזאַפטן פון טיפע פאַרבאָרגענע קוואַלן, וועלכע שטראָמען פון דער ערד אַריין אין איר ביינערדיק גופל.

דאָס רוב ליגט זי מיט אַן אָפן בוך אין איר שויס, אירע אויגן זענען פאַרזשמורעט און דו קענסט נישט וויסן צי די זקנה דרעמלט, לייענט אָדער טראַכט גאָר. אַמאָל, אַז איך בלייב שטיין, מיינענדיק אַז זי זעט מיך נישט — און קוק איר אָן, דערזע איך ווי עס באַוועגט זיך קוים־קוים איר אויסגעדאַרט וויזפינגערל. דאָס ווינקט זי צו מיר איך זאָל זיך דערנעענטערן, כדי מיך צו פרעגן: וועלכער טאָג איז היינט? דערנאָך — אַ קוים באַמערקבאַרער שמייכל גלייכט אויס עטלעכע קנייטשן לעם אירע ווינקלליפּן.

צו אונדז אין קיבוץ — ווו אירס אַ זון איז געווען אַ חבר — איז ליבעלע געקומען צוזאַמען מיט איר מאַן ר׳ אָשר, סוף די דרייסיקער יאָרן, ערב דער וועלט־מלחמה און ערב דער יידן־שחיטה. ווען דאָס עלטע־רע פּאָרל איז אָנגעקומען פון פּוילן זענען זיי שוין לאַנג אַריבער די זעכ־ציקער געווען, אָבער בשום אופן נישט געוואָלט געניסן פון די אַלע פּריי־ווילעגיעס, וואָס די עלטערן אַריבערגעקומענע צו זייערע קינדער האָבן דאָ געהאַט.

פאַרמאָגט האָבן זיי, די „אַלטוואַרג", אַן אייגענעם בית־המדרשל געבויט

פון ברעטער און דיקטן, אינעווייניק געפּאַרבט מיט ווייסער אייל־פאַרב, אַן אָרון־קודש מיט אַן איינאיינציקער ספר־תורה, איבער דעם אויפגעהאָנגען אַ סאַמעטענעם בלויען פּרוכת, מיט אַ גרויסן ווייסן מגן דוד אין מיטן, פון זילבערנע פעדים אויסגענייט. די יידן האָבן דאָרט געדאַוונט, געזאָגט תהלים, ווער עס האָט געקענט לערנען האָט אַריינגעקוקט אין אַ גמרא, אין אַ תוספות, אין אַ מוסר ספר. דאָס רוב עלטערע פּשוטע, פּראָסטע יידן, האָבן געקראַצט די קאַלטענעוואַטע פּאַרלאָזענע בערד און באַוווּנדערט דעם כוח פון יונגוואַרג, וואָס פירן אָן מיט אַזאַ „פּאַלוואַרק" איינער אַליין און קיין בעל־הבית איז נישטאָ... מען האָט זיי געקאָנט טרעפן אומע־טום אַריינשטופּן די נאָז און אומעטום זענען זיי געווען איבעריק. אין לול פלעגן זיי איבערשרעקן די הינער מיט זייערע לאַנגע קאַפּאָטעס און עס פלעגט ווערן אַזאַ געקוואַקעריי פון די טויזנטער עופות און אַזאַ געפּאַטשע־ריי מיט די פליגל, כאָטש הימל עפן זיך. אין קושטאַל זענען זיי אויך נישט געווען געוווּנטשן און די אַרבעטער האָבן שטיל געוואָרטשעט, ווען די זקנים האָבן געפּרוּווט דורך די אייזערנע שטאַכעטן שטופּן די צעקנייטשטע אָדער־דיקע הענט, וועלן אָנטאַפּן אַ בהמה פאַר איר סלינעדיקער מאָרדע און די קו פלעגט זיך רייסן פון קייט.

אויך די עלטערע פרויען האָבן גאָרנישט געטאָן נאָר געטריבן רכילות, אָדער געשטריקט אַ זאָק פאַר אַן אייניקל, דערציילט וואָס פאַר אַ רייך לעבן זיי האָבן געהאַט אין פּוילן... טייל ווייבער האָבן זיך טאָג און נאַכט געדונגען וועגן יחוס פון זייערע קינדער אין קיבוץ, יעדע איינע האָט באַוויזן, אַז איר זון דווקא איז דער וויכטיקסטער מיטגליד וואָס אויף אים האַלט זיך די גאַנצע קיבוצישעווירטשאַפט...

ליבעלע האָט זיך מיט די ווייבער נישט געמישט. זי איז אַריין אין מחסן־בגדים, געאַרבעט אַ פולן אַכט־שעהדיקן אַרבעטסטאָג ביי פאַרריכטן בגדים, פּרעסן און אָפּט אַפילו אַרויסגיין הענגען וועש אויף די דראָטענע שטריק. דאָס איז לגמרי נישט געווען קיין לייכטע אַרבעט פאַר אַ פרוי פון איר עלטער. אין אָוונט פאַר זיך און איר מאַן אָפּגעקאָכט אַ כשר־טעפּעלע זופּ און נישט געגאַנגען עסן אין קיך פון די זקנים, ווו חברטעס

פון קיבוץ פלעגן ספעציעל פאַר זיי גרייטן דאָס עסן, וואַשן די כלים און צוקלייבן דאָס עסצימער נאָך יעדער מאָלצייט. ליבעלע האָט זיך נישט געלאָזן באַדינען, אַלץ אַליין געטאָן, ווי זי וואָלט נישט געווען דאָ אין זכות פון איר זון, נייערט אין אייגענעם זכות ווי יעדער קיבוץ־מיטגליד.

אויך איר מאַן ר׳ אָשר האָט זיך אַזוי געפירט. געוואָרן חצרן, אויף אויפהיטן די ריינקייט, פאַרקערן דעם אָפפאַל אַרום די מיסטבלעכן, אָפּגע־היט האָט ער די אַרבעט, ווי אָפגעהיט ער האָט גיין דריי מאָל דאַוונען אין שולכל פון די עלטערן.

אויסגעבראָכן די וועלט־קריג. פינצטערע און ביטערע בשורות האָבן זיך דורכגעריסן דורכן מלחמה־פאַרהאַנג, איין ידיעה שרעקלעכער פאַר דער צווייטער וועגן די יידן דאָרט, זייער טראַגישער גורל. נאָך דער באַ־פרייונג פון אייראָפּע האָט זיך אַנטפּלעקט דאָס אומגליק אין זיין גאַנצער גרויס. עד־היום קאָנען מיר עס נישט באַנעמען און פאַרדייען. די חברים אין קיבוץ האָבן זיך מיט אַ מאָל דערפילט עלנט, אָן ברידער, אָן שוועסטער, אָן עלטערן וואָס זענען דאָרט פאַרניכטעט געוואָרן און אַפילו צו קבר ישראל נישט געקומען. גאַרנישט איבערלאָזנדיק נאָך זיך אַפילו קיין שטיין. יעדער איינער איז אַרומגעגאַנגען מיט זיין ווייטיק טיף פאַרבאָרגן אין זיך, הילפסלאָז עפּעס צו טאָן. כאָטש נעם און לויף און שריי אין דער וועלט אַריין...

ליבעלעס זון אין וואַרשע מיט זיין משפחה איז דאָרט אומגעקומען צוזאַמען מיט אַלע געטאָ־יידן. אָבער נאָך איידער עס האָבן זיך אָפּגעקילט די טרערן אויף אירע באַקן נאָך יענער אבידה, איז איצט איר איינציק־פאַרבליבענער זון אין קיבוץ קראַנק געוואָרן אויף אַ שווערער נירן־קראַנ־קייט און געשטאָרבן איבערלאָזנדיק אַ חוץ אַלטע טאַטע־מאַמע, אַ יונגע אלמנה מיט אַ טעכטערל פון אַ פיר יאָר.

ווער קאָן אויסמעסטן דעם פיין פון אַ צעבלוטיקט מאַמע־האַרץ, וואָס פירט איר זון צו קבורה? אָבער ווי אויף איובן האָט זיך אויך אויף איר אויסגעגאָסן גאָטס צאָרן. קורץ נאָך דער פטירה פון זון אין אַ זעקס וואָכן אַרום איז ר׳ אָשר אַוועקגעפאַלן ביי דער אַרבעט אין מיטן הויף. ווען

מען האָט אים אויפגעהויבן פון דער ערד און אַריינגעטראָגן אין שטוב, איז ער שוין געווען טויט.

ליבעלע איז געבליבן אַליין מיט איר גרויסן ווייטיק. מיר האָבן באַוווּנדערט די גבורה פון דער אַלטיטשקער. זי האָט זיך פאַר קיינעם נישט געקלאָגט, נישט געוויינט, אויסגעמיטן מיטלייד, נאָר אירע דינע אַקסלען האָבן זיך מער אויסגעבויגן, מער קנייטשן אויפן פּנים און דאָס מויל פאַר־מאַכט, צונויפגעפּרעסט, אַז מען זעט קיין ליפּן נישט אַרויס און מאַכט אַן איינדרוק, ווי נאָך אַ טיפער קנייטש אין דער ברייט פון איר קליין און מאָגער געזיכט איז צוגעקומען.

איצט איז איר גאַנץ אָנהאַלט געווען דאָס אייניקל. דאָס טעכטערל פון איר זון. זי האָט מיט יהודיתן — דעם נאָמען פון דעם מיידעלע — זיך אָפּגעגעבן מער ווי די מאַמע. אין אָוונט פלעגט זי זי אָפּוואַרטן ביים קינדער־גאָרטן און מיטגענומען צו זיך אין ווינונג. ווען באָבע און אייניקל האָבן שפּאַצירט איבער די שמאָלע וועגן פון קיבוץ געפּלאַסטערטע מיט געמאָלענעם שטיין און באַדעקט מיט אַ דינעם שיכט אַספאַלט, האָט מען זיי נאָכגעקוקט מיט ליבשאַפט. באַטראַכטנדיק זיי האָט מען ממש געפילט, ווי פון דעם אַלטן איינגעבראָכענעם שטאַם האָט אַרויסגעשפּראָצט אַ גרין צווייגעלע.

פאַר ליבעלען איז יהודיתל געווען אַן אָנשפּאַר, אַ טרייסט פאַר די אַלע שווערע איבערלעבונגען, פאַר די אַלע יסורים וואָס די צייט האָט איר אונטערגעטראָגן. איר טרויעריק געזיכט האָט אויפגעלויכטן, ווען דאָס קינד האָט זיך געקלאַמערט אָן דער באָבען, געהאַלדזט מיט די קליינע צאַרטע הענטעלעך און זיך געטוליעט צו ליבעלעס איינגעדאַרט לייב.

זי איז געווען גליקלעך, ווען דאָס קינד האָט זיך געשפּילט ביי איר אין צימער. דאָס קלינגענדיקע געלעכטערל פון פרישינקן מיילכעלע האָט ביי ליבעלען אַראָפּגעווישט שווערע קאָשמאַרן פון געמיט. דער ליכטיקער פינקל פון אייניקלס ברוינע אייגעלעך האָבן אָנגעפילט מיט ליכט דעם אין טרויעריק פאַרוויקלטן צימער פון דער באָבע.

— מיין טייער יתומהלע — האָט די אַלטע געשעפּטשעט צו יהודיתלען
— האָב ליב די באָבע, קוש זי...

דאָס אייניקל פלעגט מיט אירע פולע פולכנע הענטעלעך אַרומהאַלדזן די באָבע, אויסקושן אירע קנייטשן.

אָבער אויך אָט די איינציקע טרייסט, וואָס איז ליבעלען געבליבן, אָט דער דינער פאָדעם, וועלכער האָט די אַלטע פּאַראומגליקטע פרוי געבונדן צום לעבן — אויך דאָס איז איבערגעהאַקט געוואָרן. די יונגע אלמנה, ליבע־לעס שנור, האָט פאַרלאָזט דעם קיבוץ און אַוועק מיט איר טעכטערל אין תל־אביב. די ערשטע וואָכן, דאָס רוב אין די שבתים — האָט זי נאָך גע־בראַכט יהודיתלען צו דער באָבע. אָבער גאָר אין גיכן האָט זי חתונה געהאַט מיט אַן אַמעריקאַנער טוריסט און מיט איר טעכטערל אַריבערגעוואַנדערט אין ניו־יאָרק.

וואָכן־לאַנג, נאָך זייער אָפּפלי, איז די עלטערע פרוי געבליבן ליגן אין בעט, מער טויט ווי לעבעדיק. נישט געהערט וואָס מען רעדט צו איר, איבערגעוואַלד אַראָפּגעשלונגען עטלעכע לעפעלעך אָנגעצוקערטע טיי. דער דאָקטער, וואָס האָט זי אונטערזוכט, האָט יאושדיק געהויבן די הענט.

— זי האָט אַ געזונט האַרץ, דאָס קען געבן האָפענונג, אַז מיט דער צייט זאָל זי מתגבר זיין און אַרויסגיין בשלום פון דער דעפּרעסיע. קיין שום אַנדערע מחלה געפינט ער נישט ביי איר.

דעם דאָקטאָרס רייד זענען מקוים געוואָרן. ליבעלע איז אין איין שיינעם טאָג אַראָפּ פון בעט, זיך אָנגעהויבן פּאָרען אַרום שטוב אין איר קליינעם גערטעלע. אַוועק אויך אַרבעטן אין מחסן־בגדים, איר אויג איז נישט טונקע־לער געוואָרן, נאָר אירע דיניקע אויסגעטריקנטע הענט האָבן עטוואָס אונ־טערגעציטערט האַלטנדיק נאָדל־פאָדעם. אויך איצט האָט זי געשוויגן, איר קליין פּנימל האָט באַקומען די קאָליר און די דינע איינקריצונגען פון אַ נוס. די שפּינוועבס־דינע שטריכן אויף איר געזיכט האָבן געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ פּאַטעפּאָן־פּלאַטע, און זאָל מען אויף די דינע קנייטשעלעך לאָזן לויפן אַ מאַגנעטיש נאָדעלע — וועלן די יסורים קריגן לשון.

* * *

דאָס איז אַלץ געווען מיט יאָרן צוריק. נאָך דער באַפרייונג האָט זיך דער קיבוץ אַ־יבערגעצויגן נאָענט צו אונדזערע פעלדער. דאָרטן אויפגעבויט דעם נייעם פונקט. דער יונגער דור, די הי־געבוירענע, איז שוין אונטערגעוואַקסן, טייל אַוועק אין צה״ל, טייל אַפילו זיך שוין באַפרייט און איבערגענומען פאַרשיידענע אַרבעטס־צווייגן. פון די זקנים — וועלכע זענען פאַר דער מלחמה געקומען צו זייערע קינדער אין ארץ־ישראל און אין קיבוץ — איז שוין קיין סך נישט געבליבן, נאָר געציילטע.

פון די געציילטע איז ליבעלע די עלטסטע און אויך די רירעוודיקסטע. אויב נישט אין גיין און באַוועגונג איז אָבער דער קאָפּ קלאָר, דער שכל שאַרף, ווי דער טיגל פון יסורים וואָלט זי פאַרהאַרטעוועט.

ווען איך בין היינט פאַרבייגעגאַנגען דעם אַשיק־גראָען איילבערט־בוים, ווו אונטער זיין קנויליקן געפלעכט איז אין לייוונטענעם ליגשטול געזעסן די זקנה — האָב איך ווי תמיד צו איר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און זי צו מיר האָט צוריקגעוווּנקען איך זאָל זיך דערנענטערן.

אַרום שטול האָבן זיך געוואַלגערט ציטונגען, אין איין האַנט האָט ליבעלע געהאַלטן אַ בריוו, אין צווייטן אירע שפּאַקולן מיט די דראָטענע האָלאָבליעס און זיך צו מיר געווענדעט מיט איר שעפּטשענדיקן קול:

— זיי אַזוי גוט, הויב אויף דעם קאָנווערט.

איך האָב אויפגעהויבן פון דרערד דעם קאָנווערט מיט דער אַמערי־קאַנער מאַרקע און די אַלטיטשקע האָט אים אַרויסגענומען פון מיין האַנט, אַרויסגעצויגן פון דאָרט אַ בילד און מיט ציטערנדיקע הענט מיר באַוויזן:

— דאָס איז יהודית, מיין אייניקל, מיט אירע צוויי טעכטער.

אויפן בילד איז געשטאַנען אַ שמייכלענדיקע שיינע יונגפרוי און פון אירע ביידע זייטן צוויי מיידעלעך מיט שיינענדיקע פּנימלעך ווי ליאַלקעס.

אברהם לעוו

# ר׳ משה

יאָרנלאַנג האָט דער אַלטער ר׳ משה געטראָגן אויף דער פּאָסט, אין דער נאָענטער מושבה, די בריוו פון דער גבעה, און צעשיקט איבער גאָר דער וועלט און פון דאָרטן האָט ער געבראַכט בריוו און פּאַקעטן צו די חברים. ער איז געווען דער פאַרבינדלער צווישן אונדז און דער וועלט, וואָס שפּרייט זיך מעבר לים. מיט פּאָטערלעכער זאָרג האָט ער געזען, אַז די בריוו זאָלן אָפּגעשיקט ווערן צו דער צייט און מיט פרייד פלעגט ער אַנטקעגנטראָגן חברים בריוו, וואָס פלעגן אָנקומען פון פאַרשידענע און ווייטע לענדער. מיר האָט ער טאָגטעגלעך געבראַכט מיינע יידישע זשור־נאַלן און ביכער און בעת־מעשה אַליין אַריינקוקן און זיך קוויקן מיט אַ יידיש וואָרט.

מיט אַ פערצן־פופצן יאָר צוריק איז ער צו אונדז אַריבערגעקומען פון פּוילן, צו זיינעם אַ זון אין קיבוץ. אַ קליינער און אויסגעטריקנטער, מיט אַ געלבּ פּנים, מיט אַ סך יידישן צער אין די קליינע, מוטנע אויגן פון אַ נישט באַשטימטער קאָליר און אַ קורץ געשוירן בערדל, וואָס האָט גע־גרויט און דאָך נישט געווען ווייס.

אַ רירעוודיקער ייד מיט אַ סך ענערגיע, האָט ער נישט געוואָלט פאַלן צו לאַסט די חברים און עסן אומזיסט ברויט. געוואָלט פאַרדינען כשר זיין ביסן און נישט זיין גלייך מיט די זקנים, וואָס זיצן שוין דאָ אויף גרייטן און טוען נישט אַריין די האַנט אין קאַלטן וואַסער.

ר׳ משה האָט פון ערשטן טאָג אָן געזוכט אַן אַרבעט, וואָס זאָל זיין נוצלעך פאַר דער געזעלשאַפט אין וועלכער ער לעבט, די געזעלשאַפט, וועלכע ער האָט ליב געהאַט פאַר איר ערלעך קאָמונע־לעבן. זייענדיק אַליין אַ האָרעפּאַשניק כל־ימיו, האָט ער זיך צו אונדז צוגעבונדן מיט ליב־שאַפט און אַזוי האָט ער אויף זיך גענומען די פּאָסט, וואָס איז געווען ביי אונדז אַ שטענדיק פּראָבלעם: ווער עס זאָל ברענגען? ווער עס זאָל פאַרטיילן? ר׳ משה האָט דאָס פּראָבלעם געלייזט.

שטענדיק, אין אַלע וועטערן, זומער אין די חמסינים, ווען עס האָט

געאָטעמט אין דרויסן מיט פייער, אָדער ווינטער אין די גרעסטע שלאַקסן, ווען דער הימל פלעגט זיך גאַרנישט אויסלייטערן — פלעגט מען אים טרעפן גיין פון דער גבעה אין שטאָט אַריין, מיט אַ לעדערנער פול געפּאַק־טער טעקע און דאָרטן אין דער פּאָסט אָפּגעבן די בריוו, קלעפּן מאַרקעס, געבן איינשרייבן די רעגיסטרירטע בריוו און צוריק פלעגט ער גיין אַ באַ־לאָדענער, מיט פּעק און פּעקלעך. ביי זיך אין צימער פלעגט ער סאָרטירן די בריוו לויטן אלף־בית און מיטאָגצייט, ווען די חברים זענען געקומען פון דער אַרבעט, איז אין האָל פון עסצימער, אויפן לוח־המודעות שוין געהאָנגען דאָס שמאָלע און לאַנגע צעטל מיט נעמען פון די, וואָס האָבן דערהאַלטן בריוו, צייטונגען, חוזרים און דאָס גלייכן.

יאָרן האָט זיך אַזוי געצויגן און דער אַלטער האָט געטאָן זיין אַרבעט אָן אַן איבעררייס, ווי די אַלטקייט וואָלט אויף אים קיין שליטה נישט געהאַט. אין משך פון די יאָרן איז ר׳ משה נאָך קלענער געוואָרן, דאָס געזיכט איינגעשרומפּענער, די קורצע האָר פון דער געשוירענער באָרד, נאָך גרויער און דאָך איז זיין דינער, לופטיקער גוף געווען לייכט אויפן גאַנג, נישט פאַרפעלט קיין איין טאָג פון אָפּשיקן און צושטעלן די פּאָסט.

חברים האָבן זיך שוין צוגעוווינט צו דעם, צו זען דעם אַלטן מאַן איינגעשפּאַנט אין יאָך און שלעפּנדיק זיך טאָגטעגלעך מיטן פּאָרטפעל בריוו, פון וועלכן ער האָט זיך בשום אופן נישט געוואָלט שיידן, ווי דער פּאָרטפעל וואָלט געווען אַ שטיק לעבעדיקער טייל פון זיין גוף און פון אים וואָלט ער חיות געצויגן.

און אויך דער איינדרוק איז געווען, אַז אָט די אַרבעט שטאַרקט אים, גיט אים כוח און פרישט אָפּ זיינע אַלטע יאָרן און אַזוי וועט עס זיך ציען און ציען.

זיין פּלוצימדיקער טויט האָט אונדז איבערראַשט. טראָץ זיינע פולע צוויי און זיבעציק יאָר, איז געווען דער וויטיק, ווי נאָך אַ יונג אַוועק־געגאַנגענעם און דער טרויער איז געווען גרויס און אויפריכטיק.

מען האָט אים געפונען אַ פאַרחלשטן ביים טויער פון מחנה, מיט דער לעדערנער טעקע אין די פאַרשטייפטע הענט, גרייט צו גיין צו זיין

עבודה. דער אַרויסגערופענער דאָקטאָר האָט פעסטגעשטעלט אַ בלוטאויסגוס אין מוח. אַזוי איז ר׳ משה אַוועקגעפאַלן, גייענדיק צו זיין טעגלעכער אַרבעט.

## אין שאָטן פון וואַסער־טורעם

דער הויכער צוואַנציק־מעטערדיקער וואַסער־טורעם זעט זיך אָן פון צענדליקער קילאָמעטערס ווייט. די גלייכע שטחים פון די שרונער פליי־נען דערמעגלעכן צו זען אויף מרחקים — און דער טורעם זאָגט אָן אַ נייעם צוגעקומענעם ישוב צופוסנס פון די יהודה־בערג און נאָענט לעבן דער רוימישער, צעקרישלטער פעסטונג אַנטיפּאַטרוס.

פון ווייטן, פון דרך המלך, זעט מען נאָר דעם וואַסער־טורעם, אָבער ווער עס גייט אַריין אין אינעווייניקסטן שאָסיי, וואָס ציט זיך הונדערטער מעטערס די לענג צווישן באַאַרבעטע פעלדער און אויפגעגאַנגענע גרינס־גערטנער, פירט אים דער וועג צו דעם יונגן ישוב, וואָס האָט זיך צעוואַקסן אין האַרץ פון די פעלדער. די ווייסגעקאַלכטע בנינים מיט די רויטע קאָכלענע דעכער זעען אויס, ווי זיי וואָלטן דאָ פאַרפלאַנצט געוואָרן צו־גלייך מיט די יונגע פייגנבוימער, וואָס ציען זיך לענגויס דעם אַספאַלטענעם שליאַך, וואָס רינגלט אַרום דעם ישוב. אַרום די ווייסע בנינים וואַקסן קליינע בלומען־גערטנער און גראָזטעפּיכער, וואָס ווערן גוט געפלעגט און באַוואַסערט. דאָ, ווו מיט צוויי יאָר צוריק האָט זיך געשפּרייט נאַקעט פעלד און אומהיימלעכקייט פון די נאָענטע בערג און גרענעצן — איז איצט פול מיט לעבן און קינדערישער פריילעכער טומל פילט אָן די שטילקייט, וואָס רינגלט אַרום די הייזער.

דער גייער, וואָס איז דאָ געגאַנגען אויפן אינעווייניקסטן שאָסיי, האָט געטראָגן אַ קליין פּעקל אויפן פּלייצע, ער האָט באַטראַכט דעם אַרום און געשטוינט: פון ווען?

ער האָט געווישט די גראָבע שווייסטראָפּנס, וואָס האָבן זיך אים געקייקלט פון הויכן שטערן, זיך פאַרהאַלטן אַ ווײַלע ביי די דיקע ברעמען און באַלד זיך אַראָפּגעגליטשט פון זייט, פאַרביי שלייף, ביז אַראָפּ אין

אַ קנייטש, וואָס האָט ווי אַ רינג געפּירט גלייך אין מויל אַריין דעם גע־זאָלצענעם טראָפּן.

די יונגע פייגנבוימער פון ביידע זייטן גיבן נאָך נישט קיין שאָטן, אָבער דורך זיי זעען זיך גוט די פיין באַאַרבעטע פעלדער. לינקס וואַקסט אַ גרויסער שטח מיט קאַרטאָפל און פון רעכטס — ליגט און געלט שוין אַן אָפּגעשניטן פעלד, וואָס די קורצע שטרויעלעך זענען שוין טיילווייז אָפּגעפרעסן געוואָרן פון די סטאַדעס שאָף.

וואָס מער דער גייער דערנעענטערט זיך צום וואַסער־טורעם, אַלץ מער דערפילט זיך דער ישוב, וואָס ליגט דאָ צעלייגט. לינקס ציען זיך וואַרשטאַטן, מען הערט רוישן די הובל־מאַשין אין דער טישלעריי און דאָס שטילע פייפן פון שוויס־אַפּאַראַט אין דער שלאָסעריי.

דער ריח פון נאָענטן קושטאַל דערטראָגט זיך צום גייערס נאָז. ער איז דאָ געווען מיט עטלעכע יאָר צוריק ווען נאַקעט ערד און נישט באַ־וואַסערט פעלד איז דאָ געלעגן און געברענט זיך אין זון. גיפטיקע שלאַנגען האָבן דאָ זייערע נעסטן געהאַט אין די פאַרשטויבטע דערנער, וואָס האָבן אין די הייסע חדשים צוגעדעקט דאָס פּנים פון דער ערד דאָ...

דער גייער געדענקט די געגנט. ער איז דאָ דורכגעגאַנגען ווי אַ יידי־שער סאָלדאַט אין די מלחמה־טעג מיט די אַראַבער. ער געדענקט די געגנט, ווען הינטער אנטיפּאַטרוס זענען זיי געלעגן פאַרגראָבן אין דער ערד, הונדערטער סאָלדאַטן, יידישע בחורים. דער פוסטער שטח פון ראש־עין ביז דזיראַמלע איז געווען די גאַנצע צייט אונטערן פייער, וואָס איז אַרויסגעשאָסן געוואָרן פון אַראַבישן דאָרף כופר־קסם; ער איז דאָ וואָכן לאַנג געלעגן אין דער געגנט און מיט נאָך הונדערטער ווי ער, פאַרהיט, אַז דער שונא זאָל זיך נישט אַריינרייסן אין נאָענטן יידישן יישוב.

גלייך פון שיף האָט מען אים אַראָפּגעבראַכט אויפן פּראָנט, געגעבן אַ ביקס און צוגעטיילט צו אַ גרופּע מענטשן. מיט דער ביקס האָט ער זיך באַקענט נאָך דאָרטן אין די נאַראָטשער וועלדער. מיט דער ביקס איז ער דורכגעגאַנגען אַלע פינצטערע יאָרן ווי אַ פּאַרטיזאַן, ביז דער באַפרייונג, ביז זיין אומקער צוריק אין זיין היימשטאָט און דאָרטן טאַקע האָט ער די

ביקס איבערגעלאָזן, ווען ער איז אַוועק וואַנדערן איבער לענדער און ימען ביז ער איז דערגאַנגען צו ארץ ישראל און דאָ האָט מען אים די ביקס ווידער צוריקגעקערט. אים האָט זיך געדוכט אין יענע מלחמה־טעג, אַז קיין מאָל וועט ער זיך שוין מיט דער ביקס נישט צעשיידן...

אָבער אויך די מלחמה האָט זיך געענדיקט.

ווען די אַראַביש־יידישע מלחמה האָט זיך געענדיקט, איז ער געלעגן אין אַ מיליטערישן שפּיטאָל. אַ פאַרוווּנדעטער. נאָכן אַרויסגיין פון שפּי־טאָל איז ער געבליבן ווי אויפן וואַסער.

גאַר יונג, נאָך קיין פופצן יאָר איז ער נישט אַלט געווען, ווען דייטש־לאַנד איז באַפאַלן פוילן. זיינע עלטערן זענען געווען פון די ערשטע קרבנות, און ער האָט זיך שוין געהאַדעוועט אין די פעלדער, אין טויט־געפאַר.

אַן אַ פאַך אין האַנט, אַן אַפגעשוואַכטער האָט ער זיך אַרומגעדרייט אין די תל־אביבער גאַסן. אַריין ווײַנען ערגעץ אין די „קאַטאַקאָמבעס" פון יפו, ווי מען האָט אָנגערופן די פאַרטיפונגען און נישעס אין אַלט־יפו פון וואַנען די אַראַבער זענען זיך צעלאָפן.

די לישכה האָט אים צוגעטיילט זעלטן אַרבעט, און ס'איז אים מער אויסגעקומען צו הונגערן, ווי צו זיין זאַט. ער האָט אויך געאַרבעט אין באר־שבע, ביי פלאַסטערן שאָסייען און ביי אַנדערע בוי־אַרבעטן, ער איז אָבער תמיד געווען דער לעצטער. נישט קיין איינרייסער, אַ באַשיידע־נער שטילער מענטש האָט יעדער איינער אים באַוולהט. דאָס לאַנד און די מענטשן זענען צו האַרט פאַר אים. און כאָטש ער איז דאָ שוין יאָרן, פילט ער זיך אַלץ נאָך אויסגעוואָרצלט און פרעמד. ער האַלט זיך לאַנג נישט אויף איין אָרט, אַרבעט אַ טאָג דאָ, אַ טאָג דאָרטן, און אַט איז ער צוגעקומען צו דעם נייעם ישוב, וואָס איז אויפגעגאַנגען דאָ אין דער נאָענט לעבן ירקון, מיט וועלכן ער האָט זיך באַקאַנט גלייך פון אַראָפּגיין פון שיף, ווען מען האָט אים געבראַכט מיט אַ גרופּע יידישע זעלנער צו פאַרטיידיקן און פאַרהיטן דאָס לאַנד פון פרעמדע אַריינדרינגלער.

* * *

דאָס אַלץ האָט ער מיר דערציילט, ווען מיר זענען געזעסן אין שאָטן פון אונדזער הויכן וואַסער־טורעם. ס'איז געווען מיטאָגצייט, ווען איך האָב אים געטראָפן זיצן צופוסנס פון דער בעטאָנענער וואַסער־געביידע. די זון האָט אומברחמנותדיק געפלאַקערט און דאָ איז געווען קילער, גע־שמאַקער שאָטן.

ווען ער האָט מיך באַמערקט דורכגיין, האָט ער זיך אויפגעזעצט און געפרעגט: וואָס פאַר אַ ישוב איז דאָ? אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט און מיר איז געפעלן געוואָרן זיין אָפן, אָפּגעבערענט געזיכט און זיין ליטווישער יידיש. איך האָב זיך צוגעזעצט לעבן אים, און קענטיק אַז אויך איך האָב געוווּנען זיין צוטרוי און ער האָט פאַר מיר אויפגעעפנט זיין האַרץ. דאָס האַרץ פון אַן עלנטן מענטשן אין לאַנד פון ישראל. ער האָט מיר דערציילט זאַכן פון וועלכע איך האָב געשטוינט. ער האָט מיר דערציילט פון אַר־בעטס־אויפזעער, וואָס האָבן אים געגנויט ער זאָל זיי באַצאָלן אַ פערט־חלק פון זיין טאָגלוין אויב ער וויל בלייבן אַרבעטן ווייטער, וועגן פאַר־שידענע פּראָטעקציעס ביי אַרבעטס־פאַרטיילונג און נאָך זאַכן, וואָס אפשר זענען זיי אַ געוויינלעכע זאַך אין שטאָטישן לעבן — נאָר מיר, דעם מענטש פון קיבוץ, זענען זיי ווייט און פרעמד און שווער צו באַנעמען; וועגן דעם אומרעכט וואָס הערשט פריי אויף דער יידישער גאַס.

וועגן קיבוץ האָט ער געוווּסט ווייניק, ווי ווייניק עס ווייסט בכלל דער אַרץ־ישראלדיקער ציבור אין לאַנד, כאָטש מיר זענען אַזעלכע נאָענ־טע שכנים...

דעריבער האָט ער נישט ווייניקער געשטוינט פון מיר, ווען איך האָב אים דערציילט פון אונדזער ערלעך אַרבעטער־לעבן; ווו עס איז נישטאָ קיין מורא פאַרן מאָרגנדיקן טאָג, ווו אַ דאַך איבערן קאָפּ און ברויט צו דער זעט איז געזיכערט; פאַר יעדערן לויט זיין „באַדערפעניש", איז ביי אונדז נישט קיין פוסטע לאָזונג, נאָר ווערט אויסגעפירט אין טאָגטעגלעכן לעבן. יעדער איינער ווערט אַ גלייכער שותף צו דעם אַלץ וואָס ער זעט, ווי נאָר ער גייט אַרייַן, ווי אַ חבר.

ער האָט מיך מאָדנע אָנגעקוקט ווי נישט געגלויבט וואָס איך רעד, ווי עפּעס אַ מעשהלע דערצייל איך אים. אַ קליין קינד פון אַ פינף יאָר איז דורכגעלאָפן, זיך אָפּגעשטעלט אַ ווילע, נייגעריק באַטראַכט מיך מיטן אומבאַקאַנטן און אַוועקגעלאָפן ווייטער צום קינדער־גאָרטן פון וואַנען די דערציערין האָט אים גערופן.

ווען דאָס קינד איז אַוועק האָב איך אים דערציילט פון נייעם דור, וואָס וואַקסט דאָ פריי און זאָרגלאָז, לערנט און ווערט דערצויגן פאַרצוזעצן דעם וועג אונדזערן.

אין נאָענטן פעלד האָבן שוין די חברים אויפגעהערט אַרבעטן. דער שווייס האָט זיך שוין אָפּגעטריקנט פון זייערע רובאַשקעס און געלאָזן דאָרט נאָר ווייסע פלעקן, ווי פון געמאָלענעם זאַלץ.

ווען איך האָב נאָך אַמאָל אַ קוק געטאָן אויף מיין גאַסט איז ער שוין געשטאַנען מיט זיין קליין קלומעקל פאַרוואָרפן אויפן פּלייצע גרייט זיך צו לאָזן אין וועג. דער שאָטן אַרום וואַסער־טורעם האָט זיך אויסגעברייטערט, פאַרנומען שוין אַ ריזיקן שטח און צוגעדעקט אויך אַ שטיק פון אַספאַלטענעם שאָסיי אויף וועלכן ס׳איז איצט געשטאַנען דער גייער.

ער איז געבליבן שטיין, ווי ער וואָלט געהאַט בדעה עפּעס צו זאָגן, נאָר באַלד האָט ער זיך האַסטיק אויסגעדרייט און איז אַוועק. איך האָב אים נאָכגעקוקט, ביז די יונגע פייגנבלעטער האָבן אים פאַרשטעלט פאַר מיין אויג.

* * *

אין דריי טעג אַרום איז ער געקומען צו אונדז אין קיבוץ. געקומען און זיך נאָכגעפרעגט אויף מיר.

געקומען און געבליבן און זיך פאַרבירגערט.

# באחת ידו עושה במלאכה

(נחמיה ד׳)

אַלע אָן אויסנאַם זענען מיר איינגעשפּאַנט געוואָרן אין יאָך פון שטיין אויף דער וואַך. אין אַט די אומרויִקע טעג אין וועלכע ס׳האָט אַרויסגע־שפּאַרט די אומזיסטע און אויפגעהעצטע שנאה צו אונדז און צו אונדזער פאַרמעסט. איז צו דער אַרבעט וועלכע מיר טוען דאָ און וואָס טאָר נישט איבערגעריסן ווערן אַפילו אויף אַ רגע, צו דער מיזאַמער און שווערער אַרבעט, איז איצט צוגעקומען די אַרבעט פון פאַרהיטן יידיש לעבן און האָב און גוטס, און די האַנט וואָס האַלט בייטאָג אַ טוריע, אַ האַמער, האַלט דורך די נעכט אַ ביקס און דעם „סטען״ און גאַר אָפּט אויך אַ האַנט־גראַנאַט אויף אָפּצושטויסן די, וועלכע וואַגן זיך דערנעענטערן גאַר נאָענט.

און דאָך ווערט אַלץ פאַרגעזעצט ווי פריער, ווי אין די רויִקע טעג. דער מויערער — מויערט, דער פעלד־אַרבעטער באַאַרבעט זיין פעלד, און דער מאַן פון פאַבריק זעצט פאָר זיין אַרבעט ביי דער מאַשין. נאָר אַז מען קוקט זיך צו נעענטער צו די חברים, זעט מען, אַז זיי זענען שווייגנ־דיקער ווי אַלע מאָל, דאָס פּנים עטוואָס איינגעפאַלן, די אויגן רויט פון נישט דערשלאָפן, ווייל אין די היינטיקע נעכט בלייבט ווייניק צייט צום רוען, גאָר ווייניק און די שבתים און רוטעג זענען פאַרן פאַרפעסטיקן די ערטער און פאַר איבונגען און פאַר צוגרייטונגען אויף קומענדיקע טעג, נאָך אפשר אַ סך שווערערע.

די וואָכעדיקע טעג, יאָ, אונדזערע וואָכעדיקע טעג זענען פאַר אַרבעט. ווער עס דאַרף היטן, היט און ווען אַ טייל איז איבערגעבויגן איבער אונ־דזער מאַמע־ערד און טוט אַלע פעלדאַרבעטן, גייט אַ צווייטער טייל אַרום מיט דער געלאָדענער ביקס.

ווי היינטצייטיק און לגמרי נישט פאַרעלטערט, קלינגען נאָך די רייד פון נחמיה, כאָטש ער האָט עס געזאָגט מיט טויזנטער יאָרן יאָרן צוריק און דאָך זענען זיי ביי:

— „חצי נערי עושים במלאכה וחצים מחזיקים הרמחים...״

יאָ, פון דאַן ביז היינט האָט זיך גאַרנישט געביטן, אין משך פון אונדזער לאַנגער געשיכטע, האָבן אונדז נישט געפעלט קיין סנבלטים און אַנדערע העצער. אָבער ווי דאַן אַזוי אויך היינט קענען מיר זאָגן מיט נחמיהס ווערטער: „באחת ידו עושה במלאכה ואחת מחזקת השלח...״

## פעלדער

ברייט צעלייגט ליגן אונדזערע פעלדער, גרינע און באַגאָסענע מיט באַגינען־זון. פון מזרח־זייט, לענגאויס דער גרענעץ פון אונדזער באָדן, ציט זיך דער „אַקוואַדוקט״ — אַ לאַנגע בעטאָנענע קאַריטע אויף געמוי־ערטע סלופּעס — וואָס צעפּירט דאָס וואַסער איבער די ריזיקע שטחים, דורך ערדענע בייטן. פון וויטן זעט אויס דער אַקוואַדוקט, ווי אַ ווייסע לענטע וואָס ציט זיך אַ ביסעלע באַרג אַראָפּ איבער די פעלדער. נאָך דעם אַקוואַדוקט ליגט און פּוסטעוועט אַראַבישער באָדן באַוואָקסן מיט פאַר־שידענע ווילדגראָזן און קרייטעכער. אין דער טיף פון דעם פאַרלאָזענעם פעלד האָבן זיך שאַקאַלן היילן אויסגעגראָבן און שלאַנגען־נעסטן אין די פון זון אויסגעברענטע גרוזן. ביינאַכט צעשפּרייט זיך דער געוואָי פון די שאַקאַלן איבערן גאַנצן אַרום און פאַרפולט די נאַכט מיט זייער געיאָמער...

פון מערב־זייט איז די נאַטירלעכע גרענעץ אונדזערע, דער „וואַדי״, אַ טיפער טאָל, וואָס דורך אים פליסן אָפּ די וואַסערן ווינטערצייט, די פאַרפלייצונג קומט אָן פון די יהודה־בערג. נישט איין מאָל גייט ער אַריבער די ברעגן און פאַרפלייצט אויך אונדזערע פעלדער, אָנמאַכנדיק הזיקות. פון צפון־זייט גרענעצט זיך דער ירקון, ביי זיין ברעג ליגט צעשפּרייט אונדזער ווייגאָרטן מיט די נידעריקע, אַרומגעשוירענע קוסטעס זיינע. פון דרום־זייט איז אונדזער שכן די ענגלישע אימפּעריע, וואָס האָט זיך דאָ צעלייגט מיט אַ גרויסן לופט־פליפלאַץ. אין דער צייט פון דער מלחמה זענען דאָ געשטאַנען צענדליקער אַעראָפּלאַנען, און דער פאַרקער איז דאָ געווען גרויס, נאָר איצט איז די באַוועגונג אַ קלענערע, און וואָס

ווייטער אַלץ מער איינגעשרומפּן, און מסתמא אין גיכן וועט מען עס אין גאַנצן ליקווידירן, מיטן פאַרלאָזן פון די ענגלענדער ארץ־ישראל.

דאָ ליגט אונדזער באָדן פון אַ קאַרגע צוויי טויזנט דונאַם. דער שטח איז גלייך, ווי אַ טיש, די ערד איז שוואַרץ און פעט, און אַלץ, וואָס מען פאַרזייט אין איר טראַכט, גייט אויף מיט שפע.

אַ סך דורות איז דער באָדן דאָ געלעגן בישט באַאַרבעט, ווי די שכנותדיקע אַראַבישע ערד, וואָס ליגט נאָך אויך איצט פאַרדאַרט און פאַראָבלט. אָבער אונדזער שטח, נאָכן אויסלייזן אים, גיט נאַרונג פאַר הונדערטער משפחות. ביים ברעג פון ירקון האָט מען אָוועקגעשטעלט גרויסע עלעקטרישע פּאָמפּעס און דער ירקון גיט אונדז מיט שפע זיינע וואַסערן און מאַכט פרוכטבאַר די ערד, וואָס איז הונדערטער יאָרן געלעגן פאַרלאָזן אין איינזאַמקייט און וויסטעניש.

איצט רייסט זיך דער מדבר־מענטש, אָנגעהעצט דורך פאַרשידענע עפענדיס, ווייסע און שוואַרצע — ווידער צו פאַרפלייצן מיט וויסטעניש דאָס, וואָס האָט זיך צעבליט און גיט לעבן און נאַרונג. ווילן זיי אויפֿ־רייסן די פּאָמפּעס, צעשטערן דעם קילאָמעטערדיקן לאַנגן אַקוואַדוקט, וואָס צעפירט די ירקון־וואַסערן צו די בייטן, ווילן אויפרייסן די פאַרשי־דענע קילהייזער און שפּייכלערס, וואָס מיר האָבן אויפגעשטעלט מיט שווערער מי.

ליגן מיר דאָ, נאַכט־איין, נאַכט־אויס, אויף דער שוואַרצער מאַמע־ערד, וואָס האָט זיך אָנגעזאַפּט מיט אונדזער שווייס דורך צוויי צענדליק יאָר. מיר טוליען זיך צו איר לייב. די האַנט דריקט די ברוינע ביקס, און דאָס אויער איז אָנגעשפּיצט און לויערט, אַז אַ שונאס פוס זאָל נישט אַרויפֿ־טרעטן אויף די זאַפטיקע און דאַנקבאַרע פעלדער אונדזערע.

אברהם לעוו



# אויף דער וואַך

שוואַרץ איז געווען די נאַכט. איך בין געשטאַנען אויפן דאַך און גאָר־נישט געזען, אַ חוץ פינצטערניש, אַ געדיכטע און אַ גראָבע, ווי אַ שלייער; כאַטש נעם און טאַפּ זי אָן. אַרום מיר, ביז די אַקסל און העכער, זענען געלעגן שמאָלע אָנגעפּילטע זעקלעך מיט זאַמד, כדי מיך צו שיצן פון אַ קויל. און פון אָט פון דער פעסטונג, פון וואַנען איך האָב געדאַרפט היטן דעם אַרום האָב איך גאָרנישט געזען, אַפילו מיין אייגענע האַנט אויך נישט. כ׳האָב אויך גאָרנישט געקאָנט הערן, ווייל דער ווינט האָט געריסן די נידע־ריקע איילבירטבוימער — וואָס זענען געפלאַנצט ביים שליאַך — און דער רעש זייערער האָט אַלץ איינגעשלונגען. שטאַרק עלנט האָב איך זיך דער־פילט אַליין אויפן דאַך אין דער מיט פון אַ יידיש פעלד, וואָס איז אַרומגע־רינגלט פון אַלע פיר זייטן מיט אַראַבישן באָדן, דער איינציקער פריינד מיינער איז געווען דער אָנגעלאָדענער „שמייסער" מיט זיינע צוויי און דרייסיק קוילן. אין קעשענע האָבן מיך געטרייסט די פיר גראַנאַטן: „מיר וועלן דיך נישט פאַרלאָזן!"

כ׳בין געווען אַליין אין געגנט. נישט ווייט, דאָרט ביי דער באַן־ליניע, וואָס ציט זיך איבערן ירקונער בריק, האָבן געוואַכט אונדזערע חברה — די אַראַבער זאָלן די בריק נישט אויפרייסן. אָבער ביז איצט, — כאָטש ס׳איז שוין נאָך האַלבער נאַכט — האָב איך פון זיי קיין סימן פון לעבן נישט אַרויסגעזען. צי צוליבן ווינט, צי צוליב דער פינצטערניש, צו מיר אויפן דאַך איז קיין שום לעבעדיקער צייכן פון זיי נישט דערגאַנגען, און די איינזאַמקייט דריקט אויפן האַרץ מיט שווערע געוויכטער.

אָנגעשטרענגט די נערוון, הער איך שטימען. דער ווינט לאָזט נישט הערן פון וועלכער ריכטונג די רייד קומען, און אין וועלכער שפּראַך עס ווערט גערעדט.

איך צי אַרויס דעם „שמייסער" איבערן ערדזאַק און בויג עטוואָס אַראָפּ דעם קאָפּ, שריי אַריין אין דער נאַכט: — מי שם?

דער ווינט ברענגט מיר צוטראָגן איינציקע אָפּגעריסענע זילבן: — כ־ח־ו־ל—ל־ב־ן!

דאָס איז דער לאָזונג פאַר היינטיקער נאַכט. און מיט אַמאָל, האָב איך דערפילט, אַז איך בין נישט אַליין, נאָר אַרומגערינגלט מיט פריינד.

## די פלמחניקעס

איך באַוווּנדער זיי, די פלמחניקעס, די אַכצן־צוואַנציק־יעריקע, וואָס זענען אַוועק אין מלחמה קעגן די אַראַבישע מלוכות, וואָס האָבן אונדז מיט שנאה אַרומגערינגלט.

זיי זענען אַוועק אין מלחמה מיט דער איבערצייגונג, אַז ס'איז נישטאָ קיין אַנדער ברירה. האָט דאָס האַרץ געשראָקן פאַר זיי, די יונגע צווייגע־לעך, וואָס זענען אין משך פון זייערע קאַרגע צוויי צענדליק יאָר לעבן, כמעט ווי נישט אַרויס ווייטער, ווי פון פלויט פון אונדזער מחנה. אַלע מאָל אונטער די פליגל פון טאַטע־מאַמע. אַלע מאָל אין קרייז פון זייערע חברים און מיט אַמאָל האָט זיי דער שטורעם פאַרשלעפּט גלייך אין מלחמה אַריין. דאָס האַרץ האָט געשראָקן: דאָס קאַזאַרמע־לעבן וועט זיי קאַליע מאַכן. און ווער ווייסט, אויב נישט פאַרשיכורט פון נצחון, פון אַ סך נצחונות, קענען זיי, חלילה, אָפּוויכן פון וועג אונדזערן, צו וועלכן מיר גרייטן זיי יאָרן־לאַנג. ווער ווייסט, אפשר וועלן זיי מיטגעריסן ווערן מיטן שטראָם פון פאַרשידענע חברים, ווייל יונג זענען זיי נאָך און גרינג צו בויגן.

אָבער נאָך חדשים אָפּליגן אין די שוצגרובנס, — נאָך שווערע קאַמפן ביים פאַרנעמען דעם שונאס פּאָזיציעס, — קומען זיי אַהיים אין קיבוץ אויף אַ קורצן אורלויב, און זיי זענען די זעלבע פּשוטע און גוטע יינגלעך, ווי געוועזן, זיי וואַרפן אַראָפּ פון זיך די מיליטערישע קליידער מיט די אָפּצייכענונגען פון די ראַנגן, זיי שטאָלצירן, חלילה, נישט דערמיט, זיי בעטן נישט קיין שום לוין פאַר זייערע גבורות. זיי זענען די זעלבע גוטע און שטילע יאָטן, ווי פריער און האָבן ליב ביים טיש, אַז מען רעדט וועגן גאָר אַנדערע זאַכן. וועגן דער מלחמה רעדן זיי נישט גערן. מען פילט,

ווי זיי טוען זייער פליכט אָן שום פּרעטענזיעס, אָן שום וואַרטן אויף שכר. זיי האָבן די מלחמה גענומען אויף זיך פּשוט, ווי פּשוט און פּראָסט עס איז געווען זייער טאָג־טעגלעכע אַרבעט אויף אונדזערע פעלדער.

## יאָיר

פאַרטאָג, נאָר גאָר אין פריען באַגינען, האָט אַ מיליטערישער „דזשיפּ" געבראַכט יאירס גוף צו אונדז, גלייך פון פראָנט. צום גוף איז געלעגן בייגעלייגט אַ פּאָר שורות פון קולטור־אָפיציר (אגב אַ חבר פון אונדזער משק): „ער איז געפאַלן ביים איינעמען אַ מצרישע פּאָזיציע. די פּאָזיציע האָבן מיר פאַרנומען".

איצט ליגט ער דאָ אין אַ הילצערנעם אָרון איבערגעדעקט מיט אונ־דזער רויטער און וויס־בלויער פאָן, די פאָן פאַר וועלכער ער האָט זיין יונג לעבן אַוועקגעגעבן. נאָך קיין פולע ניינצן יאָר נישט אַלט געווען...

מען האָט אים אַריינגעטראָגן אין אַ קלאַס פון אונדזער שול, אין קלאַס אין וועלכן ער איז דאָ געזעסן מיט עטלעכע יאָר צוריק אַלס תלמיד, דאָ צווישן די ווענט האָט ער איינגעזאַפּט די געשיכטע פון זיין פאָלק און פון זיין לאַנד. ער האָט זיך איינגעהערט צום לערערס רייד, צו די דערציילונגען פון תנ"ך און וועגן דער גבורה פון די מכביער, ער האָט עס איינגעזאַפּט אין זיין בלוט און געהיט פאַר דער צייט, וואָס וועט קומען.

און ווען די צייט איז געקומען, האָט יאיר געאַרבעט אין קושטאַל און איז נאָך נישט פוליעריק געווען צו קענען גיין אין מיליטער און דאָס האָט אים ווי געטאָן.

איך געדענק איינע פון יענע פאַרזאַמלונגען אונדזערע, וואָס וועט בלייבן אויף שטענדיק אין זכרון, ווען דאָס יונגוואַרג פון יאירס עלטער האָט זיך געריסן צו גיין אין מלחמה. די חברים זענען געווען קעגן: „איר זענט נאָך יונג — האָבן מיר געטענהט — אייער אַרבעט איז איצט וויכטיק פאַרן משק!" נאָר זיי האָבן געשטורעמט: „מיר וועלן נישט מסכים זיין! ווער, אויב נישט מיר, דאַרף גיין אין מלחמה? אויך אָן אייער דערלויבע־

ניש וועלן מיר אַוועק!" און אויף מאָרגן האָבן זיי זיך אויפגעהויבן און זיך פרייוויליק געמאָלדן אין מיליטער און יאיר צוזאַמען מיט זיי.

איצט איז ער צוריקגעקומען אַהיים. איצט ליגט ער אין רו, זיין חוב האָט ער דערפילט.

זיין טויט — דערציילן די קאַמפּס־חברים זיינע — איז געווען אַ מאָ־מענטאַלער, אָן יסורים, די קויל האָט אים געטראָפן גלייך אין האַרץ. די פּאָזיציע האָבן מיר פאַרנומען. יאיר איז געווען דער אָנפירער פון דער אָפּטיילונג, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער אָפּעראַציע אויף דעם טייל פראָנט. ער האָט זיך געריסן דער ערשטער, אויפגעשניטן די דראָט און מיט שטורעם אַריין אין די מצרישע טראַנשייען. אַ קויל האָט אים גע־טראָפן, נאָר די חברים זיינע האָבן שוין פאַרפלייצט דעם שטח און אים פאַרנומען און יאירס נאָך וואַרעמען גוף האָבן זיי אָפּגעשיקט דאָרט, וווּ ער האָט זיך אויפגעהאָדעוועט, צום אָרט, וואָס האָט אים דערצויגן צו זיין אַ געטרייער זון פון פאָלק.

## מ ר י ם

כמורגע. אַ דראָבנער רעגנדל טריפט. טריפט אָן אויפהער, ווי עס טרעפט דאָ, אָנהויב ווינטער, ווען פלוצלונג, נאָך סוף זומערדיקע חמסינים, גיט זיך דער הימל אַ פאַרכמאַרע, און הענגט איבער דעכער, פעלד און בוים, גרוי און טריפט מיט דינע טראָפּנס רעגן, טעג לאַנג.

אין מיין קליין איינפענצטערדיק צימערל איז טונקל, מען מוז אַפילו בייטאָג אָנצינדן די עלעקטרע. און די קעלט איז אַן עסנדיקע, וואָס עס דוכט זיך, אַז זי קומט נישט פון דעם דרויסנדיקן אַרום, נאָר פון אינע־ווייניק, פון די אייגענע ביינער אַרויס.

אין אַזאַ שבתדיקן טאָג איז זי געקומען מרים. אַ שלאַנקע, איר מאָט רונד געזיכט האָט אונטערן מיליטערישן היטל אויסגעזען נאָך מער באַחנט. און די בלאָנדע האָר האָבן זיך אַרויסגעשפּאַרט פון אונטערן דאַשעק און עטוואָס פאַרדעקט איר ווייסן שטערן, זיך צעשאָטן שטיפעריש אויף האַלדז

און נאַקן. און דאָס היטעלע איז ווי געשוווּמען אויף זיי. ווען זי איז אַריין אין צימערל, ווו איך בין געזעסן, איז געוואָרן סיי ליכטיקער און סיי וואַרעמער.

מיט העכער צוויי יאָר צוריק איז זי געקומען צו אונדז מיט אַ שטעמפּל פון אַשוויענטשים אויף איר האַנט. דאַן זענען אויף איר נאָר געלעגן סימנים פון דער איצטיקער שיינקייט און וועלכער זי האָט זיך אַזוי וווּנדערבאַר צעבליט. דאַן, ווען זי איז געקומען צו אונדז מיט דער יוגנט־עליה, וואָס איז אויפגעקליבן געוואָרן פון פאַרשידענע לאַגערן, — האָט זי זיך אויס־געטיילט פון אַלע מיט איר ערנסטקייט און אַפילו מיט איר אָפּגעזונדערט־קייט פון דער חברה, מיט דער פאַרשלאָסנקייט אין זיך, ווי זי וואָלט באַ־האַלטן אַ סוד.

צוזאַמען מיט דער איבעריקער יוגנט איז זי אַוועק אין פּלמ״ח, תיכף נאָכן אויסברוך פון דער אויף אונדז אַרויפגעצוווּנגענער מלחמה. זי האָט אין מיליטער נישט געוואָלט נעמען אויף זיך קיין שום אַרבעט, נאָר גיין מיט אַלע גלייך אין פראָנט. כאָטש דאָס איז געווען אַ זעלטנהייט, דאָך האָט מען איר דערלויבט, צוליב איר איינגעשפּאַרטקייט.

זי האָט אָנטייל גענומען אין די קאַמפן אַרום ירושלים און טאַקע דאָרט אין איינער פון די שלאַכטן פאַרוווּנדעט געוואָרן און נאָכן אָפּליגן אַ פּאָר וואָכן אין שפּיטאָל, איז זי שוין ווידער גרייט אַוועקצוגיין אין מלחמה. — — —

מרים איז געזעסן און געבלעטערט אַ בוך. כלומרשט ווי פאַרטאָן דעריין, אָבער אָט די־אָ געמאַכטע פאַרטאָנקייט האָט פאַרראַטן, אַז זי איז מיילן ווייט פון דעם בוך, און אירע אויגן זעען עפּעס אַנדערש ווי די שורות.

דער כמורנער טאָג האָט אָנגעפילט דאָס צימער מיט טונקלקייט, אין דער טונקלקייט האָט אַרויסגעבלייכט מרימס געזיכט, ווי עפּעס טייערס און נאָענטעס.

אירע חברים האָבן מיר דערציילט פון איר געוואַגטקייט און מוט, בשעת די קאַמפן און אויך ביים פאַרוווּנדעט ווערן. איך האָב באַוווּנדערט

דאָס ווילנער יידישע מיידל, מיין בת־עיר (ווען איך בין פון דאָרט אַוועק איז זי אוודאי אַלט געווען צוויי יאָר). פון וואַנען אַזויפיל כוחות פאַר קאַמף און גבורה? פון וועלכע נשמה־קוואַלן האָט זי מוט געשעפט? און איך האָב זי געבעטן עפּעס דערציילן פון די לעצטע קאַמפן אַרום ירושלים.

זי האָט אַרויסגעלאָזט דאָס בוך פון האַנט, אירע אויגן, וואָס זי האָט אַ וואונד געטאָן צו מיר, האָבן זיך אַ צינד געטאָן מיט צוויי ברוינע פייער־לעך און אָנשטאָט פון די איצטיקע קאַמפן, האָט זי מיר דערציילט פון „דאָרטן”:

„די דאַטע וועל איך אייביק געדענקען, דעם זיבן־און־צוואַנציקסטן מערץ פון 44־טן יאָר. אין אַ קאַלטן פראָסטיקן פאַרטאָג האָט זיך וויס, מיט זיינע באַנדיטן, אַריינגעריסן אין געטאָ. דאָס מאָל — נאָך די יידישע קינדער, וואָס זענען אַזוי ווייניק שוין געווען אין ווילנער געטאָ. מיט כוח האָט מען אונדז אַוועקגעריסן פון דער מאַמעס הענט, האַלב נאַקעט האָט מען אונדז אַרויפגעוואָרפן אויף די ספּעציעלע אויטאָס.

„די טאַטעס האָט מען נאָך פריער פאַרשפּאַרט אין די וואַרשטאַטן; די אומגליקלעכע מאַמעס, וואָס האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד, האָט מען מערדערלעך צעשלאָגן. איידער מען האָט נאָך מיך באַוויזן אַריינצוואַרפן אין אויטאָ, האָב איך דערזען, ווי אַ דייטש האָט דערלאַנגט מיין מאַמען מיט דער קאָלבע פון ביקס איבערן קאָפּ און אין גאַנצן אַ באַגאָסענע מיט בלוט האָט זי צו מיר אויסגעשטרעקט די הענט און געשריען: מיין קינד! מיין טייער קינד! און דער מאַמעס פּיינפול און מיט בלוט באַדעקט פּנים האָט מיך באַגלייט דורך אַלע לאַגערן, ווי דער עמוד־האש די יידן אין מדבר. פיל מאָל, פּנים־אל־פּנים מיטן טויט, ווען איך בין שוין געווען ביים שוועל פון אונטערגאַנג, איז מיין מאַמעס, פון פּיין־פאַרקרימט פּנים דורכ־געשוווּמען פאַר מיינע אויגן און מיך געשטאַרקט און געהייסן לעבן ווייטער...”

מרים איז אַנטשוויגן געוואָרן און איך האָב פאַרשטאַנען פון וואַנען זי שעפּט גבורה.

איר אָפענע וווּנד האָט געבלוטיקט און איך האָב פאַרשעמט אַראָפּ־

געלאָזן דעם קאָפּ פּאַר דער הייליקער פּיין, וואָס קיינער וועט עס איר נישט קענען שוין לינדערן.

דער רעגן אין דרויסן איז געגאַנגען דיק, און די פענצטער זענען געווען באַגאָסן מיט טראָפּנס רעגן, ווי מיט טרערן, נאָר מרימס אויגן זענען געווען טרוקן, געלויכטן און געבריט מיט פייער־פּיין.

## אַ תיקון...

אַ הויכער, אַ בלאָנדער. פון די דאָרטיקע לאַגערן איז ער צו אונדז געקומען. שוין אַ צוגעגרייטער צום לעבן פון קיבוץ. צום לעבן פון קאָלעקטיוו. אַ דורכגעגאַנגער דורך אַלע זיבעצן גיהנומס אויף דער איראָפּעי־שער ערד — איז ער דאָך אַרויס אַ ריינער, אַ נישט־באַפלעקטער. דער גורל האָט אים אָפּגעהיט און אַרויסגענומען פון פאַרשידענע טויטן, וואָס האָבן אויף אים געלויערט. מיטן באַגאַזש פון אַזויפיל טויטן, פון אַזויפיל דער־נידעריקונגען, איז ער צו אונדז אַריבערגעקומען. ער איז אַרומגעגאַנגען צווישן אונדז אַן אויסגעפּרוווטער, אַן אויסגעלייטערטער און זיין קוק, אַלעמאָל קאָנצענטרירט אין איין פּינטל, ווי דאָרט וואָלט ער נאָך געזען דעם גרויל פון וועלכן ער האָט זיך נאָך נישט געקענט באַפרייען. זעלטן האָט ער גערעדט און נאָך זעלטענער געשמייכלט. דער „דאָרטן" איז אים נאָכגעגאַנגען אויך דאָ. און צייטנווייז פלעגט ער בלייבן זיצן אין חדר־האוכל שפּעט אין דער נאַכט אַריין און אויף זיין פּנים אַזאַ פיינלעכער אויסדרוק, ווי ער וואָלט נאָך איצט פאַרנומען די טויטגעשרייען פון די פאַרפּייניקטע.

נאָכן אויסברוך פון אונדזער מלחמה, איז ער געווען פון די ערשטע פרייוויליקע, וואָס זענען אַוועק. אַריין אין די רייען פון פּלמ"ח און מיטגע־מאַכט די קאַמפן אויף פאַרשידענע אָפּשניטן פון לאַנד.

ווען ער פלעגט קומען אויף אַ קורצן אורלויב, איז אים נישט געווען צו דערקענען. אַן אויפגעלייגטער, אַ פריילעכער, ווי ער וואָלט ערגעץ

אויסגעלאָדן דאָס, וואָס האָט אים געדריקט, ווי ער וואָלט זיך באַפרייט פון די „דאָרטן"־קאָשמאַרן.

ביז איין מאָל איז ער אַוועק און נישט געקומען.

* * *

היינט קומט פאָר דער שלושים אָוונט נאָך אים, וואָס איז געפאַלן אין שלאַכט. דער גורל, וואָס האָט זיין לעבן יאָרנלאַנג פאַרהיט, האָט אים דאָ נישט פאַרהיט. דער גורל האָט אים אָבער פאַרהיט פון אויסגיין ערגעץ אָן אַ תיקון, פון שטאַרבן מיט אַ טויט אָן אַ ציל...

## פראָטעזן

די נוער־עולים פון פוילן, וואָס האָבן זיך ביי אונדז דערצויגן, זענען גלייך אַוועק אין מלחמה אַריין, אין דער אויפגעצוווּנגענער מלחמה פון די אַראַבער קעגן יידישן יישוב. אין די שלאַכטן זענען אַ טייל געפאַלן, טייל שווער פאַרוווּנדעט, די איבעריקע זענען נאָך דער באַפרייוּנג געקומען צוריק צו אונדז, אויפגעשטעלט מיליטערישע פירקאַנטיקע געצעלטן אויף אַ ליידיקן שטח, און אַריין צוריק אין לעבן און אין יאָך פון קיבוץ, ביז זיי וועלן באַקומען ערגעץ באָדן און שאַפן אַן אייגענעם פונקט, ווו זיי וועלן זיך באַזעצן און שאַפן אַן אייגענעם קיבוץ.

זיי זענען צוריק געוואָרן „ציוויליסטן", ווי נישט זיי זענען טעג און נעכט אָפּגעלעגן אונטער פייער, געקעמפט, געווען יעדער רגע אין סכנה פון טויט. קיין סימן פון דעם איז נישט געבליבן אויף זיי, נאָר די בלאָנדע אָדער שוואַרצע וואָנסן, וואָס זיי האָבן זיך געלאָזן אָנוואַקסן און דעם מע־שענעם פלמ"ח־זשעטאָן אַ שווערד און צוויי זאַנגען, וואָס זיי טראָגן אָנגעשפיליעט אויף דער רובאַשקע.

מיר אַליין האָבן כמעט ווי פאַרגעסן, אַז זיי האָבן דורכגעטראָגן די מלחמה אויף זייערע יונגע פלייצעס, אַז זיי האָבן עס אונטערן האָגל פון קוילן, פאַרהיט און אויך פאַרברייטערט די גרענעצן פון מדינת ישראל מיט זייער איינשטעלעניש און זייער בלוט.

מיר זענען ווי פאַרבייגעגאַנגען זייער גבורה, פאַרגעסן, וואָס זיי האָבן אויפגעטאָן. אָט, ווי זיי וואָלטן ערגעץ אַוועקגעפאָרן אויף אַ יאָר צייט און צוריקגעקומען און זיך גענומען צו דער אַרבעט. ס׳איז געווען ווי מיר וואָלטן נישט באַנומען דעם גאַנץ גרויל פון דער מלחמה, וואָס זיי האָבן אַדורכגעמאַכט אויף זייערע יונגע פּלייצעס.

נאָר היינט איז געקומען צו זיי אַ גאַסט. אַ חבר פון זעלבן נוער, וואָס האָט צוזאַמען מיט זיי געקעמפט און פאַרוווּנדעט געוואָרן אין איינער פון די שווערע שלאַכטן.

פאַרוווּנדעט געוואָרן אַזוי שטאַרק, אַז דער סאַניטאַר, וואָס איז צו אים דערקראָכן, האָט אים נישט דערקענט. ס׳איז געלעגן אויף ד׳רערד אַ גוף אָן הענט, אַ שטיק רוי צעריסן לייב און דאָס לייב האָט נאָך געלעבט, און דער מוח האָט קלאָר געאַרבעט. ביים סאַניטאַר האָט ער זיך געבעטן:

— „מאַטקע, האָב רחמנות אויף מיר, דערשיס מיך, לאָז מיך נישט מאַטערן״.

אין שפּיטאָל, ווען מען האָט אים געבראַכט, האָבן אויך די דאָקטוירים אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט, ווי כלאהר־יאוש. אָבער דאָך מיטן פולן ערנסט געטאָן אַלץ כדי אים צו ראַטעווען. פון אָפּעראַציע־צימער האָט מען אים אַרויסגעפירט באַנדאַזשירט פון קאָפּ ביז די פיס, ווי אַ באַל־זאַמירטע מומיע.

ביידע הענט זענען געווען אָראָפּגעריסן, איין אויג אַרויסגענומען, דער גוף פאַרוווּנדעט אין אַ סך ערטער. און דעם גוף האָט מען גענומען היילן...

זיין שטאַרק האַרץ האָט אויסגעהאַלטן אַלע אָפּעראַציעס, האָט זיך געשטאַרקט און גענומען געזונט ווערן. אָבער וואָס קען טאָן אַ מענטש אָן הענט?

די מיליטערישע מאַכט האָט אים אויף אַ ספּעציעלן אַעראָפּלאַן — צוזאַמען מיט זיין חברטע — אַריבערגעשיקט קיין אַמעריקע און דאָרט, נאָך פאַרשידענע אָפּעראַציעס האָט מען אים צוגעמאַכט פּראָטעזן, קינסט־לעכע הענט, ער זאָל כאָטש מיט עפּעס זיך קענען באַדינען אַליין.

היינט איז ער געקומען אָפּשטאַטן אַ באַזוך זיינע חברים, די פראָנט־קעמפער. אונטער טונקעלע ברילן האָט ער באַהאַלטן זיין קינסטלעך אויג און פון די אַרבל, אָנשטאָט הענט, האָבן אַרויסגעשטעקט מעטאַלענע פּראָטעזן, אין פאָרם פון צוויי דראָטענע פינגער, ווי הענגערס. ער קען מיט זיי האַלטן אַ פּאַפּיראָס, ער קען אַפילו עסן מיט זיי. אָבער אַ פּחד איז אָנגעפאַלן, קוקנדיק אויף אים, דעם שיינעם בחור אָן הענט און פון די אַרבל הענגען אַרויס ניקלענע גאָפּלען.

ער איז געזעסן אין קרייז פון זיינע חברים און עפּעס לעבהאַפט דערציילט, דערמאָנט זכרונות פון יענע טעג, געהאַט אַ פול מויל מיט געלעכטער, נאָר ווען זיין איינציק אויג איז געפאַלן אויף זיינע מעטאַלענע הענט, האָט עס זיך פאַרצויגן מיט אַ טרויער, ווי מיט אַ טונקעלן פאָרהאַנג. אויך זיינע חברים האָבן זיך ווי געפילט שלעכט מיט זייערע געזונטע, אויסגעהאַרעוועטע הענט, וואָס קענען זייען און שניידן, וואָס קענען אַרומנעמען אַ קינד און צערטלען אַ פרוי.

## די ביטערע בשורה

צוויי אָפיצירן פון צה״ל זענען אָנגעקומען אין זומערדיקן פאַרנאַכט מיט אַ מיליטערישער מאַשין, זיך אָפּגעשטעלט לעם וואַסער־טורעם און זיך נאָכגעפרעגט אויפן מזכיר פון קיבוץ. דערנאָך זענען זיי אַרויס פון דער אָפּענער קאַבינע, עטוואָס אָפּגעלאָזן אין אָנטאָן, דינער שטויב איז געלעגן אויף די כאַקי־מונדירן און אויף די אָפּגעברענטע געזיכטער. אויך אויפן דזשיפּ איז געווען קאָנטיק, אַז ער קומט פון אַ וויטן וועג און האָט מיטגעבראַכט מיט זיך דעם אָטעם פון פלאַמיקן מדבר.

זיי זענען אַ ווילע געבליבן שטיין אָנגעשפּאַרט אָן ווענטל פון אויטאָ, געריבן די פאַרשטויבטע אויגן און אָנגעקוקט דעם אַרומיקן פּייזאַזש ווו פון איין זייט האָבן זיך ביזן האָריזאָנט געצויגן גרינע פעלדער און פון צווייטן זייט רעכטס — קליינע ווייסע שטיבער מיט רויטע דעכער.

איינער איז געווען אַ הויכער, אַ דינער, דער דאַשעק פון היטל אַראָפּ־

גערוקט נידעריק איבערן שטערן, אָבער די אויגן האָבן פון אונטערן דאַ־שעק אַרויסגעקוקט מיד און אומעטיק. דער צווייטער פון מיטלוווקס מיט אַ פּאָר גראָבע קאָרענע וואָנצעס האָט זיך איינגעבויגן, אָפּגעשטויבט די הויזן, איינגעצויגן שטייפער דעם ברייטן לעדערנעם פּאַס, אויסגלייכנדיק די רובאַשקע.

דערווייל זענען קליינוואַרג פון קינדער־גאָרטן אַנגעלאָפן (אין דער אָוונט־שעה זענען זיי פריי). בייגעריקע, מיט פינגערלעך אין מויל, ווער עס איז געשטאַנען אָפּגערוקט אַן אַ זייט און די מיליטערלייט האָבן אים דערמאָנט אַן זיך אייגענעם טאַטן וואָס קומט צופאָרן איין מאָל אין צוויי אָדער דריי וואָכן און עס האָט אים אומעטיק געמאַכט, וואָס נישט זיין טאַטע איז איינער פון די סאָלדאַטן, אַן אַנדער קינד איז געשטאַנען מיט אַ פאַרבויגן קעפּל, געקוקט זייטיק, ווי אַ הינדל, אויף די קצינים. דער הויכער האָט זיך אַראָפּגעזעצט אויפן טרעפּל פון מאַשין און אין זיינע ברייטע אָרעמס אַריינגענומען אַ גאַנצן קינדער־געזעמל.

דער מזכיר איז אָנגעקומען און זיי זענען אַוועק מיט אים אַן אַ זייט, דערנאָך זיך צוזאַמען אַוועקגעלאָזן צו די חברים־וווינונגען. מיר האָבן שוין פאַרשטאַנען, אַז דאָס זענען די בעל־כרחו־שליחים, די ביטערע בשורה־ברענגער. די צייט האָט שוין אונדז אויסגעלערנט צו באַנעמען נאָך וואָס מען קומט.

צוריק מיט די אָפיצירן צום דזשיפּ זענען געגאַנגען די חברים־פּאָרל ר. אויף זיי איז איצט געפאַלן דער ביטערער גורל. מיט לאַנגזאַמע טריט און אַראָפּגעלאָזטע קעפּ האָבן זיי געשפּאַנט זייט ביי זייט מיט די צוויי מיליטערישע שליחים, וועלכע האָבן אין זיי שטיל אַריינגעטענהט, אַז כאָטש זייער זון איז שווער פאַרוווּנדעט אָבער עס איז נאָך דאָ אַ האָפענונג. דער טאַטע, וואָס האָט נאָך נישט באַוויזן אַראָפּצוואַרפן די אַרבעטס־קליידער, האָט זיך שטיל איינגעהערט מיט אַ פאַרקילט פּנים, די מאַמע האָט גע־שלוכצט אין די דלאָניעס מיט וועלכע זי האָט צוגעדעקט איר געזיכט ווי ביים ליכטבענטשן. איר מוטער־האַרץ האָט שוין פאָרויסגעפילט דעם גאַנצן גרויל פון דער ידיעה.

איידער דער ברוינער שטויב האָט זיך אָפּגעזעצט אויף די יונגינקע פייגנבוימער איז שוין די מאַשין מיט די קצינים, מיט טאַטע־מאַמע נעלם געוואָרן פון די אויגן, פון אינעווייניקסטן שאָסיי אַרויסגעלאָפן אויפן דרך־המלך און זיך פאַרנומען מיטן וועג וואָס פירט קיין באר־שבע.

דער קיבוץ האָט ווי געביטן די מראה, נאָך דער דאָזיקער בשורה, טייל האָבן שוין געוווּסט פּרטים, איז מען געשטאַנען אין רעדלעך מיט אויסגעצויגענע, פאַרברענגטע פּנימער און זיך געטיילט מיט דעם ביסל, וואָס מען האָט געהערט. די ידיעה איז געווען, אַז צווישן די הייזעריקע פיר פאַרוווּנדעטע ביים סועץ־קאַנאַל איז שווער געטראָפן געוואָרן אבנר, דער בן־יחיד פון די ר—ס. אַ שפּליטער פון אַ האַרמאַטן־קויל האָט אים געטראָפן אין קאָפּ. קיין באר־שבע האָט מען נאָך באַוויזן אים ברענגען אַ לעבעדיקן, אָבער אין שפּיטאָל אויפן אָפּעראַציע־טיש, האָט ער שוין געגוססט.

אבנר איז געווען אין ראַנג פון אַ סגן, אין אַ האַלב יאָר אַרום האָט ער זיך שוין געדאַרפט באַפרייען פון פליכטלעכן דינסט. געווען איינער פון די גוטע שול־תלמידים, אַ שלאַנקער יינגל מיט אַ קאָפּ העכער פון אַלע חברים, האָט ער זיך אַלע מאָל אָנגעזען. כאָטש פון נאַטור אַ שעמעוו־דיקער, אַ שווייגער, אַ ביסל אַ צוריקגעצויגענער, האָט ער זיך נישט גע־וואָלט וואַרפן אין די אויגן. ווען איך פלעג זיך מיט אים טרעפן האָב איך געהאַט אַלע מאָל דאָס געפיל, אַז ער ליידט פון זיין הויכן וווּקס. זייענ־דיק נאָך אַ תלמיד פון עלפטן קלאַס האָט ער שוין געהאַט אַ מעטער אַכ־ציק. מיט זיינע שול־חברים איז ער אַלע מאָל געגאַנגען באָרוועס, ווינטער אין שיך אָן קנאַפּל און עטוואָס איינגעבויגן, ער זאָל זיך אַזוי שטאַרק נישט אָנזען אויפן שטח. אָן איינגעבוירענע עניוות האָט ער פאַרמאָגט.

די הויכע ציפּרוסביימער, וועלכע האָבן אין דעם תמוזדיקן פאַרנאַכט זיך קיין באַוועג נישט געטאָן, האָבן געענומען טונקלען, חברה האָבן גע־ווישט דעם שוויס פון געזיכט אין דעם שטיקנדיקן אָוונט און מען איז זיך צעגאַנגען יעדער איינער צו זיין הייזל ווי אבלים.

מאָדנע, די איוב־בשורות, אַז עס פאַלן יונגע קינדער ביי די גרענעצן,

הערן מיר אַזוי אָפט אין ראַדיאָ, לייענען אין די צייטונגען, דאָס האַרץ גיט אַ צאַפּל בעת־מעשה פון ווייטיק, מען פאַרטראַכט זיך וועגן די יונגע קרבנות, וואָס אין זכות פון זייער פאַרגאָסענעם בלוט, פון זייער נישט אויס־געלעבט לעבן, קענען מיר רויִק פאַרזעצן אונדזער טאָג־טעגלעכע אַרבעט, מען גיט אַ קרעכץ, מען לאָזט אַרויס אַ טרער און מען פאַרגעסט אַ ווײַלע אַרום. פאַרט אומבאַקאַנטע נעמען, כאָטש די נעמען האָבן פאַרזיכערט דיין ווייטערדיקע עקזיסטענץ, דאָך...

גאָר אַנדערש איז, ווען דער געפאַלענער איז דיינער אַ נאָענטער. געוואַקסן פאַר דיינע אויגן, פון קינדערהויז ביז די העכערע קלאַסן. נישט איין מאָל האָסטו אים געטראָגן אויף די הענט און איצט מיט אַ קאָפּ העכער פון דיר. מען טרעפט זיך שוין ביי דער אַרבעט אין פעלד, ביים יומטוב־דיקן טיש; ער האָט שוין זיין אייגענע מיינונג וועגן קיבוצישן לעבן, מ׳דיס־קוטירט מיט אים און אָט איז דאָס יינגל אַוועק אין צה״ל, אַזוי יונג. זיך אויסגעצייכנט, גאָר זיין ערנסטן צוגאַנג צום קיבוצישן לעבן, גאָר זיין ערלעכקייט מיטגענומען אין זיין נייער מיליטערישער סביבה.

פּלוצלינג אַ ידיעה: אויסגעלאָשן און נישטאָ. נישטאָ שוין דער בלאָנדער בחור מיט די קלוגע ברוינע אויגן. עפּעס שווער צו באַנעמען, ווי אין אַן אויגנבליק זענען אָפּגעווישט געוואָרן ניינצן בליענדיקע יונגע יאָר, נישטאָ שוין אבנר.

אַ שווערע מרה שחורה איז אַראָפּ אויפן קיבוץ.

* * *

קען מען פאַרבאָטן רוישן דיביימער אין ווינט? קען מען פאַר־באָטן עלטערן באַווײנען זייער קינד?

די וואַרעמע ווערטער פון סגן־אלוף, וואָס האָט אויסגעלויבט דעם געפאַלענעם, ווי עס פירט זיך ביי דער קבורה־צערעמאָניע און געטרייסט די עלטערן, אַז דער קרבן זייערער איז נישט אומזיסט און אבנר איז העלדיש געפאַלן אין גבורהדיקן קאַמף און אַזוי ווייטער, זענען אָבער נישט דערגאַנגען צו די — פון ווייטיק — פאַרשטיינטע הערצער ביי

טאַטע־מאַמע, וועלכע האָבן אַריינגעיאָמערט אין אָפּענעם קבר פון זייער איינציקן זון. איינגעקאָרטשעטע האָט מען זיי קוים אָפּגעריסן פון פרישן בערגל ערד, אַ באַדעקטן מיט בלומענקראַנצן. די מאַסע באַגלייטערס זענען זיך שוין צעגאַנגען און די דערשלאָגענע עלטערן האָט מען געפירט אונטער די הענט, מען האָט זיי מער געטראָגן...

— פאַרוואָס גרינען נאָך דיביימער? פאַרוואָס איז ליכטיק דער דרויסן? ווען פאַר מיר האָט זיך שוין די זון אויסגעלאָשן...

האָט געטענהט די אומגליקלעכע מאַמע צו אונדז, אירע באַגלייטער. וואָס קען מען ענטפערן אויף די אומלאָגישע רייד, וועלכע קלינגען דאָך לאָגיש ביים ראַנד פון איר זונס קבר?

עס האָט זיך געטראַכט: הונדערטער מאַמעס — פוןביידע זייטן גרע־נעץ — טרויערן נאָך זייערע זין, ווען מען זאָל אויפזאַמלען די טרערן וואָלטן זיי אפשר אָפּגעשווענקט די שנאה, די ווילדע שנאה, וואָס טיילט אָפּ מענטש פון מענטש, עדה פון עדה און פאָלק פון פאָלק. אוי, נאַיווע מחשבות!

אין אָוונט בין איך געזעסן ביי די אבלים אין ווינונג.

אין דער גוט־צוגעקליבענער קיבוצישער דירה האָט זיך דער טרויער נישט אָנגעזען. עטלעכע חברים זענען געזעסן ביים לאַנגן פאָרמייקע־טיש און געמיטלעך געשמועסט מיטן טאַטן וועגן פעלד־ענינים, ווי געוואָלט אים אַרויסנעמען, כאָטש אויף אַ קליינע ווײַלע, פון די שווערע מחשבות זיינע. אָבער דער אב־שכול איז געווען פאַרטאָן מער אין זיך און ווייניק וואָס באַנומען די רייד פון די שמועסער וועגן זריעה, וועגן איבעראַקערן שטחים. זיין לענגלעך אָפּגעברענט פנים, איז דאָס מאָל אין עלעקטרישן ליכט געווען שוואַרץ פון צער און פון באָרד־אויסשיט, וואָס האָט זיך געשפרייט אויף זיינע באַקן און גאָמבע מיט זילבערנע פלעקן.

אין קלענערן צימער אַרומגערינגלט מיט עטלעכע פרויען, וואָס אַר־בעטן מיט איר אין זעלבן צווייג, ביי די בלומען־פלאַנטאַציעס — איז גע־לעגן אויפן סאָפע די דערשלאָגענע מאַמע. דאָ איז געווען טונקעלער און שטילער, אויף איר בלאַסן אָרעם האָט געשוואַרצט דער איינגעקריצטער

לאַגער־נומער. די ציפערן האָבן זיך דאָ איבערגערופן מיט דער פּיינלעכער שטימונג און געוועקט זכרונות.

די חברטעס האָבן געשוויגן, נאָר גערעדט האָט די פּאַרטרויערטע מאַמע מיט אַ געבראָכענער שטים, דערציילט אירע פּיך־יאָרן אין אוישוויץ. דערנאָך איר קומען אין לאַנד, נאָך פּאַרשידענע שטרויכלונגען, איר היים וואָס זי האָט געבויט אין קיבוץ און דאָ איז איר געבוירן געוואָרן אַ זון. זי, די איינציק לעבן־געבליבענע פון איר גרויסער משפחה האָט געהאָפט, אַז דורך איר זון וועט ווידער אויפשפּראָצן דער אונטערגעהאַקטער פאַמיליע־בוים. איצט איז די האָפענונג אויסגעלאָשן געוואָרן...

## וועגן צוויי זין

גדעון באַלבעריסקי איז אין קיבוץ געקומען אַלס ייִנגל מיט דער עלית־הנוער פון רומעניע. ער האָט זיך דערצויגן און געלערנט מיט אַלע בני־הקיבוץ אין אונדזערע שולן. אויסגעוואַקסן אַ שלאַנק ייִנגל מיט טיפע פאַרטראַכטע אויגן אין זיין שיין, טונקל געזיכט. אַ שטילער, אַ שווייגער. קענטיק, אַז יענע ווייטע מלחמה־יאָרן, ווען אַלס קינד האָט מען אים אַוועקגעריסן פון טאַטע־מאַמע — האָבן געלייגט אַ חותם אויף זיין יונג געמיט. די עלטערן האָט ער שוין מער נישט געזען, מען האָט זיי אַוועקגעשיקט אין די נאַצישע טויט־לאַגערן אויף דער פּוילישער ערד.

ער איז געראַטעוועט געוואָרן, פרעגט אים נישט: ווי אַזוי? ער וועט עס אייך סיי־ווי נישט דערציילן. אַ קינד איז ער געווען אין די גרויליקע יאָרן פון קאָשמאַר און ייִדישן אומקום, אפשר געדענקט ער נישט און אפשר וויל ער זיך פשוט מיט קיינעם נישט טיילן.

אין משך פון יאָרן האָט ער זיך פיין אַנטוויקלט, פון קליינעם שוואַכן ייִנגל איז אויסגעוואַקסן אַ פעסטער, געזונטער בחור. נאָכן ענדיקן דעם בית־הספר — אַוועק אין צה״ל. נאָכן פאַרענדיקן זיין מיליטערדינסט האָט ער זיך אומגעקערט צוריק אין קיבוץ, צוריק אין זיין היים ווו ער איז אויפגעהאָדעוועט געוואָרן מיט ליבשאַפט ווי יעדער בן־קיבוץ.

אַריין איז גדעון אַרבעטן אין די בוימוואָל־פּלאַנטאַציעס. שפּעטער האָט ער אָנגעפירט מיטן צווייג ווו עס האָבן געאַרבעט צענדליקער חברה, איבערן שטח פון הונדערטער דונאַמס.

דאָס מיידל רבקה, מיט וועלכער ער האָט חתונה געהאַט, איז אויך געווען פון די געקומענע אין קיבוץ מיט די עלית־הנוער צוזאַמען מיט אים. אַ שיין, צאַרט קינד, מיט אַן איידל געזיכט פון אַליון־קאָליר. צום יאָר איז געבוירן געוואָרן אַ קינד. ווען דאָס צווייטע קינד, אַ מיידעלע, איז אַלט געוואָרן אַ האַלב יאָר, איז עס געווען אין די ערשטע טעג פון חודש יוני, ווען דער יונגער טאַטע האָט זיך געפונען אויפן ירושלימער אָפּשניט, ווו עס האָבן שוין געדונערט די ירדנישע האַרמאַטן.

אין לעצטן בריוול וואָס איז אָנגעקומען צו דער מאַמען פון זיינע קינדער איז געווען געשריבן:

„מיר, דאָ אין מיליטער — האָבן אַ געפיל פון זיכערקייט אין אונדזער נצחון, אָן שום וועלכע ס׳איז ספיקות, הלוואי זאָלט איר האָבן אָט דעם זיכערן געפיל אין דער היים, ווי מיר דאָ אין פראָנט״.

דאָס איז געווען דער לעצטער גרוס פון גדעונען. דעם צווייטן גרוס פון אים האָט שוין געבראַכט דער אָפיצער מיט נאָך אַ חבר פון זיין אָפּטיילונג, ווען זיי זענען געקומען אָנזאָגן די ביטערע בשורה, אַז ער איז געפאַלן ביי די טויערן פון ירושלים, מינוטן פאַר דער באַפרייונג פון דער אַלטער היסטאָרישער שטאָט.

אמת, דער קיבוץ איז ווי איין משפחה. אָבער דער אומגליק מיט זיין שאַרפן וויטאָג האָט געטראָפן איר אַליין. איר מיט די צוויי טעכטערלעך, וואָס קענען נאָך נישט באַנעמען וווהין איז דער טאַטע זייערער אַהינגעקומען? עקאָנאָמיש איז זי פאַרזיכערט, אָבער דאָס איז דאָך נישט אַלץ.

חברים זיצן ביי איר ביז שפּעט אין די אָוונטן, ווילן אַרויסנעמען זי פון דער דעפּרעסיע, מען קומט און מען גייט אַוועק. יעדער ברענגט זיין טרייסטוואָרט, אָדער מען רעדט וועגן פאַרשידענע זאַכן, ווי וועלן פאַרטרייבן דעם וואָלקן מיט צער, וואָס הענגט איבער דער יונגער שיינער

פרוי. דערנאָך צעגייט מען זיך. עס וואַרט אויף יעדערן אַ הייסער און שווערער אַרבעטסטאָג.

זי הערט זיך איין וואָס מען רעדט, זי שמייכלט ביי זייער אָוועקגיין. אָבער די נאָענטע שכנים — וואָס איבערן וואַנט — הערן איר שטיל געוויין דורך די נעכט.

* * *

דער צווייטער זון וואָס איז געפאַלן, איז אַ בן־משק, יוסף סאָקאָלאָווסקי. געבוירן אין קיבוץ מיט פינף און צוואַנציק יאָר צוריק. זיינע עלטערן זענען געקומען פון רוסלאַנד אין מיטן פון די צוואַנציקער יאָרן. ער איז געווען דער פינפטער פון די זעקס קינדער וואָס זענען געבוירן געוואָרן אין דער משפחה.

זיין טאַטע — פון די ראשונים אין קיבוץ — האָט געאַרבעט ביי גערטנעריי, געפלאַנצטביימער, פאַרזעצט גראָזטעפּיכער און בלומען. ער איז געווען פון די, וואָס האָבן פאַרשענערט און פאַרפּוצט אונדזער דעמאָלסטיק אָרעם לעבן. אויף די ברעטלדיקע באַראַקן — אונדזערע וווינונגען — האָבן געשפּרייט זיך כל מיני קלעטערפלאַנצן, וואָס ער, דער גערטנער, האָט אויסגעזוכט כדי צו פאַרשטעלן די פאַרשוואַרצטע, איבערגעברענטע ברעטער פון דער זון און ווינט און יעדעס הילצערן הייזל האָט אַ דאַנק אים אויסגעזען ווי אַ ווילע.

אָבער אונדזער געטרייער גערטנער אריה, וואָס האָט מיט אַזויפיל ליבשאַפט געפלעגט די בלומען, אַרומגעשניטן די גראָזן, געוואַסערט — איז פּלוצלינג געשטאָרבן אין די מיטעלע יאָרן. געקומען פון דער אַרבעט פאַרנאַכט, אַוועקגעלייגט דאָס שניידמעסער, דאָס דינע זעגעלע און זיך געגרייט צו מאַכן אַ טוש, אָבער צום מקלחת וואָס איז געשטאַנען אַ צוואַנציק מעטער ווייטער שוין נישט דערגאַנגען. דער אַרויסגערופענער דאָקטאָר האָט שוין ביי אים נישט געהאַט וואָס צו טאָן.

יוספס מאַמע, רחל — אַ לערערין אין אונדזער פאָלקסשול — איז געבליבן מיט זעקס קליינע קינדער, איצט איז זי שוין אַ באָבע פון אַ סך איניקלעך, אירע עלטערע פיר קינדער זענען אין קיבוץ נישט געבליבן,

חתונה געהאַט און ווער עס איז אַוועק אין אַן אַנדער קיבוץ און ווער עס האָט זיך איינגעאָרדנט אין שטאָט. מיט איר איז געבליבן יוסף און די מיזינקעלע, די ייִנגסטע טאָכטער.

ווען מען האָט גערופן די רעזערוויסטן אין אָנהויב חודש יוני, איז יוסף אַראָפּ פון טראַקטאָר אויף וועלכן ער האָט געאַרבעט, אָנגעטאָן זיינע ברוינע פּאַראַשוטיסטן־שיך מיט די הויכע כאָלעוועס און קרעפּזוילן, אַ קוש געטאָן זיין דריי יאָריק ייִנגעלע, אַרומגענומען פעסט זיין שוואַנגערע פרוי, זיך געזעגנט מיט דער אַלטער מאַמען און מיט דער שוועסטער און אַרויס אין באַגינען צו זיין איינהייט. מער האָט מען פון אים נישט געהערט. ער איז געפאַלן פון די ערשטע, אַ פאַרפלויגענער שפּליטער פון שונאס אַ שראַפּנעל האָט אים געטראָפן און געטויט אויפן אָרט.

ביידע מאַמעס — די יונגע און די אַלטע, וואָס זענען פריער געווען ווי עטוואָס דערוויטערט, האָט זיי איצט דער גרויסער אומגליק דערנענ־טערט. מען זעט זיי אַלעמאָל צוזאַמען. איינע פאַר דער צווייטער איז ווי אַן אָנלען, אַן אָנשפּאַר אין די טעג פון צער, אין וועלכע זיי גייען ווי איבער אַ תהום. די באָבע — אין די פאַרנאַכטן — פירט זיך אַרום מיטן אייניקל און היט אָפּ די טראַגנדיקע שנור אירע זאָל נישט פאַרזונקען אין שווערע מחשבות, זי זאָל זיך היטן און במילא אויך דאָס קינד וואָס דאַרף בקרוב געבוירן ווערן.

די באָבע, יוספס מאַמע — איז פון די אַלטע אַמאָליקע חלוצות. די שווערע יאָרן האָבן זי פאַרהאַרטעוועט און קיין שטורעם וועט זי נישט איינבויגן.

רחל האָט דעם גרויסן ווייטיק אירן געוווסט ווי צו פאַרבאָרגן אין זיך. קיין פרעמד אויג זאָל נישט באַמערקן ווי עס טריפט בלוט אין איר מאַמע־האַרץ. ווי שטענדיק, איז די פאַראַבלטע מאַמע טאָג־טעגלעך אַרויס צו איר אַרבעט אין בלומען־ביידל, וווּ זי טוט סאָרטירן און איבערקלייבן — פאַרן אָפּשיקן אין שטאָט, די גליאַדאָלעס, נעגעלעך, רויזן און אַנדערע מינים פון אונדזער בלומען־גאָרטן. (קיין לערערין איז זי שוין סייווי

נישט געווען, פאַרלאָזן די שול נאָך דאַן מיט אַ קנאַפּע צוואַנציק יאָר, גלייך נאָך איר מאַנס טויט).

איר שנור אָבער, די יונגע אלמנה — וואָס איז פון שטאָט געקומען אין קיבוץ, האָט ווי אַ צאַרט געוויקס אין אַ פלאַמענדיקן טאָג, זיך איינגעבראָכן. אָבער די שוויגער, אַליין נישט קיין געטרייסטע, האָט געוווסט ווי צו טרייסטן יוספס אלמנה, און דאָס יונגע ווייבעלע האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן איר, ווי אַ יונג בוימעלע אָן אַ פעסטן איינגעוואָרצלטן דעמב, וואָס קיין שטורעם וועט אים שוין נישט קענען אומוואַרפן.

וויל איך פאַרענדיקן דאָס טרויעריקע קאַפּיטל מיט די שורות פון מיינס אַ ליד:

## אויף מאָרגן נאָך דער שלאַכט

די יונגע מאַמעס — וויינען נאָך די מענער,
די אַלטע מאַמעס — וויינען נאָך די זין.
באַפּוצט די אָרונס זענען מיט נצחון־פּענער,
מיט בלומען און מיט גרינס.

דאָ ליגן זיי די וווּנדערלעכע קריגער,
וואָס האָבן פאַרן לאַנד געקעמפט מיט פרייד;
נאָר ווי איז אים אַליין, דעם זיגער
וואָס איז געפאַלן טויט.

מיר האָבן באַצאָלט אַ טייערן פּרייז, מער ווי זיבן הונדערט געפאַלענע. מיר זענען דאָ אַזוי ווייניק. יעדער איינער פון זיי איז נישט קיין שטויב נאָר אַ גאַנצע וועלט. דעריבער האָבן מיר אַזוי פיינט מלחמות.

# חנהלע

פון דער לעצטער יוגנט־עליה, וואָס דער קאַפּריסינער שטראָם האָט געבראַכט צו אונדז אויף דער גבעה, זענען אָנגעקומען יוגנטלעכע פון רומע־ניע, צווישן זיי זענען דאָ אויך עטלעכע קינדער פון פוילן, אָבער זיי זעען זיך נישט אַרויס צווישן די פיר מינים ייִדישע קינדער, וואָס זייער שפּראַך איז דערווייל רומעניש. און אַ גאַנצן טאָג, קלינגט דאָ די רומענישע שפּראַך בקול רם.

ווייטיקט מיר דאָס האַרץ. כ׳וואָלט געוואָלט, אַז ייִדישע קינדער וואָס קומען פון גלות, זאָלן דערווייל ביז זיי וועלן דערלערנען העברעיש — רעדן ייִדיש, און נישט די שפּראַך פון יענעם לאַנד, וואָס איז אַ געוויסע צייט געווען מערדעריש צו זיי. מיט מיין גאַנצער ליבע צו די ייִדישע געראַטעוועטע קינדערלעך, קען איך אָבער נישט דערשטיקן די פרעמד־קייט, וואָס בלאָזט פון זיי צו מיר, און קעגן מיין ווילן, רייסט זיך אַמאָל אַרויס אַ נישט קיין פריינדלעכער קוק צו אַזאַ קינד, בפרט ווען איך ווייס, אַז עס קען ייִדיש, אפשר בעסער ווי רומעניש.

מיין צימער איז פּונקט אַנטקעגן זייערע וווינונגען און ווען איך קום פון דער אַרבעט טראָגט זיך דאָרטן אַ רעש אין דער שפּראַך, וואָס איז מיר פרעמד, אין דער שפּראַך פון די רוצחים פון זייערע טאַטעס און מאַמעס, ברידער און שוועסטער.

דערפאַר איז עס געווען פאַר מיר, ווי אַ קילער אָונטיקער ווינט נאָך אַ הייסן חמסין, ווען איך האָב צווישן די קינדער פון פוילן, געהערט ווי עטלעכע מיידלעך רעדן שטענדיק ייִדיש. אין גאַנצן נישט גערעדט און נישט געענטפערט אין פּויליש האָט איינע אַ בלאָנד מיידל פון אַ יאָר זיבעצן, חנהלע. ווען חנהלע איז אַריבערגעקומען פון קאַפּריסין צוזאַמען מיט דער רומענישער יוגנט־עליה, האָב איך וועגן איר געהערט איינע פון די טויזנטער געשיכטעס, וואָס אַמאָל וואָלט עס אונדז געמאַכט אויפצי־טערן, נאָר היינט איז עס שוין אַ געוויינלעכע זאַך.

חנהלע האָט זיך אויפגעצויגן אין די מלחמה־יאָרן אין אַ פּוילישן מאָ־

נאַסטיר. זי איז דאָרט אַרײַן אַ קלײן מײדעלע פון זיבן יאָר. גוטע פרײַנד פון דער משפחה האָבן זי דאָרט אויסבאַהאַלטן. אויך איצט איז אין איר אײדעלער װײסקײט פון פּנים און אין אירע גרויסע בלויע אויגן געבליבן עפּעס פון אַ מאַדאָנע, פון יענע געמאָלטע מאַדאָנעס, מיט װעלכע זי האָט זיך געחברט יאָרן־לאַנג דאָרטן אין איר אײנזאַמקײט צװישן פאַרשלײערטע און ערנסטע מאַנאַשקעס. איר שפּראַך איז געװען פּויליש נאָך פון דער הײם, און זײענדיק נאָך גאָר אַ יונג קינד, האָט זי זיך צוגעװוינט צו דעם גאָט, װאָס איז געהאָנגען אויף אַ גרויסן צלם, מיט הענט פון װעלכע ס׳האָט געטריפט בלוט.

נישט אײן מאָל אין איר גרויסער אײנזאַמקײט האָט זי פאַר אים גע־קניט, װײל די מאַנאַכינס האָבן זי פאַרזיכערט, אַז אים האָט זי צו פאַר־דאַנקען איר לעבן. די יאָרן האָבן זי אַזוי צוגעװוינט צו דער מאַנאַסטיר־שטילקײט און צו דער אָפּגעריסנקײט פון דער װעלט, װו מענטשן האָבן זיך אײנע די אַנדערע אויסגעמאָרדעט, אַז זי האָט פײַנט באַקומען אַפילו דעם דרויסן און זעלטן אַרויסגעגאַנגען אין גרויסן סאָד, װעמענס הויכע בוימער האָבן אַרומגערינגלט דעם שטײנערנעם און אומהײמלעכן מאַנאַסטיר.

אַרום זיך האָט זי נאָר געזען די הײליקע שװעסטער, די נאָנעס אין זײער שװאַרצן אָנטאָן מיטן שװערן צלם אויפן האַלדז. אויך זי האָט גע־טראָגן אַ קלײנעם גאָלדענעם צלם, װאָס מען האָט איר אָנגעהאָנגען און װעלכן זי האָט אָפט געקושט אין שעהן פון שטאַרקער בענקשאַפט און אין אים אַ טרײסט געזוכט און אים פאַרטרויט איר קלײנע צעבלו־טיקטע זעל.

און דאָס קינד האָט זיך אַזוי צוגעװוינט צו דעם, אַז װען אין אַ טאָג זענען אַרײַן יידן אין מאַנאַסטיר און זי געװאָלט פון דאָרט אַרויסנעמען, ברענגען צוריק צו איר פאָלק און צו איר שטאַם, האָט זי נישט געװאָלט הערן און זען און אַנטלאָפן, זיך באַהאַלטן אין אײנעם פון די פינצטערע װינקלען פון גרויסן און קאַלטן בנין.

נאָך לאַנגע זוכענישן האָט מען זי געטראָפן קניענדיק פאַרן מאָן אויפן צלם מיט די צעװוּנדיקטע הענט. — — —

היינט האָב איך חנהלען געטראָפן באַגיסן איר בלומען־גאָרטן, וואָס זי האָט מיט עטלעכע טעג פריער פאַרפלאַנצט נעבן איר פענצטער.

איך בין צו צו איר און זי האָט שעמעוודיק אַראָפּגעלאָזט די ברעמען:

— חנהלע — האָב איך געזאָגט — געהערט די געשיכטע וועגן דיר, און איך וווּנדער זיך אויף דיין יידיש־לשון, ווען דיין דערציונג איז געווען אין פּויליש. פון וואַנען קאָנסטו אַזאַ פיינעם יידיש?

אַ ראָזקייט האָט פאַרגאָסן חנהלעס שיין געזיכט, זי האָט העכער אויפגעהויבן די קאַן וואַסער און צענדליקער דינע שטראָמעלעך האָבן זיך געשפּאָרט דורכן בלעכערנעם זיפּל און באַגאָסן מיט דינעם, זילבערנעם קלאַנג די יונג־פאַרפלאַנצטע בלומען, וואָס האָבן זיך אין חמימה פון טאָג קוים געהאַלטן אויף די דינע שטענגעלעך. אַז די קאַן איז געוואָרן ליידיק האָט זי אויפגעהויבן אויף מיר אירע גרויסע בלויע אויגן אין וועלכע ס'איז געלעגן יידישער צער פון דורות, אויף אירע ליפּן האָט זיך געקרייזלט אַ קוים, קוים באַמערקבאַרער שמייכל, ווען זי האָט מיר געענטפערט:

— איך האָב אונדזער שפּראַך זיך אויסגעלערנט שוין אין די לאַגערן נאָך דער באַפרייונג און דער עיקר אין קאַפּריסין, פּויליש רעד איך שוין פון לאַנג נישט, ווייל איך בין אַ יידישע טאָכטער און נישט קיין פּוילישע!

און אויפהויבנדיק די קאַן פון ד'ערד איז זי אַוועק זי ווידער אָנפילן מיט פרישׁ וואַסער.

## אַ יינגעלע פון פּערסיען

פון פּרס, פון פּערסיען — וואָס איז אונדז אַזוי גוט באַקאַנט פון מגילת אסתר — זענען צו אונדז געקומען, מיט אַ יאָר צוריק, אַ צוואַנציק קינדערלעך, אָרעמע, אָפּגעריסענע, מיט קליינע מאָגערע גופימלעך, אָבער מיט אַ סך פייער אין די שוואַרצע יידישע אויגן.

נישט געווען צו דערקענען אויף זיי די דאָזיקע רייכקייט פון פּרס און מדי, וואָס ווערט אַזוי שיין געשילדערט אין דער מגילה. קליין זענען זיי געווען, אַ סך קלענער, לויט זייערע יאָרן, ווי גאָר די אָרעמקייט, די

אָרעמקייט פון דורות וואָלט זיך אַוועקגעלייגט אויף זייערע דינע פּלייצ־קעלעך.

צווישן זיי האָט זיך געפונען דאָס ייִנגעלע סייאיד און מיר האָבן אים אַ נאָמען געגעבן: מרדכי. די אַלע קינדערלעך זענען געווען קליינע, נידע־ריקע, אַ סך נידעריקער לויט זייערע יאָרן. אָבער מרדכעלע איז נאָך געווען דינער און קלענער פאַר זיי אַלעמען. אַ פּערטל־עוף, האָבן מיר אים גערופן, אין געלעכטער. אָבער אין אָט דעם קליינעם צוועלפיעריקן ייִנגעלע איז געלעגן באַהאַלטן אַ קוואַל פון ענערגיע, וואָס האָט אַרויס־געשפּריצט פון זיינע קוילשוואַרצע אויגן, וואָס אַז ער פלעגט זיי אָנשטעלן אויף דיר, פלעגן זיי אַ בליץ טאָן מיט פלאַם פון שוואַרצע דימענטן.

מיט דעם מרדכעלע־סייאיד, האָבן איך זיך געטראָפן ביי דער אַרבעט אין אונדזער גרויסער שוכפאַבריק, ווו איך אַרבעט לעצטנס. אַלע נאָכ־מיטאָג קומט ער, זעצט זיך אַוועק ביים גרויסן טיש און ציט אַריין שניר־לעך אין די פאַרטיקע כאַלעווקעס.

די קינדערלעך לערנען ביי אונדז ביז מיטאָג, און נאָך מיטאָג אַרבעטן זיי צוויי שעה ביי פאַרשידענע לייכטע אַרבעטן.

* * *

מרדכי־סייאיד איז שוין אַ ייִנגעלע פון אַ יאָר דרייצן און זעט אויס ווי פון אַ יאָר צען, אָבער לעבנס־חכמה פאַרמאָגט ער שוין פון אַ רייפן מאַן. ער האָט געהאַט אַן אָרעם לעבן אין פּערסיע, ווו ער האָט זיך אויפ־געהאָדעוועט אין אַ גרויסער משפחה, צווישן אַ סך הונגעריקע, אָפּגעריי־סענע קינדערלעך. דאָס יאָר זיין דאָ אין לאַנד, אַ גלייכער צווישן גלייכע, אַ זאַטער, אַ ריין־אָנגעטאָענער. האָט אים געעפנט די אויגן און ער האָט מיט אַ מאָל דערזען די גרויסע ליכטיקע וועלט, וואָס האָט זיך פאַר אים אָן עפן געטאָן. פון דאָרטיקן אָפּגעשטאַנענעם חדר, אין אַ קעלער אויף אַ ראַגאָזשע, ביז דאָ אין דער מאָדערנער שול אונדזערער, איז אַ וויטער מהלך, אַ ווייטער שפרונג און דאָס האָט געווירקט אויף דעם קליינעם קלוגן סייאיד, אויף זיין עמפינדלעכער נאַטור און ער האָט זיך צוגעבונדן און באַקומען ליב דאָס לעבן אין קיבוץ.

— איך וועל שוין פון דאַנען נישט אַוועקגיין — האָט ער מיר היינט געזאָגט — איך וועל שוין בלייבן אין קיבוץ, ווו איינער זאָרגט פאַר אַלע־מען און אַלע פאַר איינעם.

איך האָב אַריינגעקוקט אין די גליענדיקע פייערלעך, וואָס האָבן זיך געטונקט אין זיינע שוואַרצע אויגן און געזען ווי זיי פאַרציען זיך מיט טרערן, און פאַרשטאַנען, אַז עפּעס איז געשען.

— זאָג מיר, מרדכעלע — האָב איך אים געפרעגט — ווער וויל דיך פון דאַנען צונעמען? דערצייל, וואָס עפּעס פּלוצים?

— מיין משפּחה איז געקומען אין לאַנד מיט עטלעכע חדשים צוריק, און מיין טאַטע פאָדערט דורכאויס, איך זאָל פאַרלאָזן דעם קיבוץ און קומען צו אים, ער וועט פאַר מיר קריגן ערגעץ אַרבעט. אָבער איך וויל נאָך לערנען — ער האָט אויפגעהויבן אויף מיר זיינע פון טרערן פאַרגאָסענע אויגן — איך וויל דאָ נישט ממשיך זיין דאָס לעבן, וואָס איך האָב גע־לעבט אין דער היים.

ער האָט גערעדט אַ פליסיקן העברעיש, ווי אַלע קינדערלעך, וואָס קומען דאָ אין פריער עלטער, דערוועגבן גיך די שפּראַך, נאָר ביי אים אין מויל האָט דאָס לשון געקלונגען נאָך פרייער, ווי ביי אַלעמען, ווי דאָס וואָלט געווען זיין מאַמע־שפּראַך, פון זיין גאָר פריער קינדהייט.

אַ קליינער, אַ קוים אָנזעעוודיקער איז ער געזעסן ביים גרויסן טיש און מיט קינדיש־פלינקע פינגער אַריינגעצויגן דעם דינעם פאָדעם אין די לעכלעך פון די כאַלעווקעס, געמאַכט אַ פיינעם קניפּל און גענומען אַ צווייטע.

מיר איז באַקאַנט די מזרח־משפּחות, וואָס שפּאַנען איין זייערע יונגע קינדער אין יאָך פון דער אַרבעט, כדי פון זייער פריעסטער יוגנט שוין העלפן שלעפּן דעם עול פון פרנסה.

— גוט טוסטו — זאָג איך אים — דאַרפסט נאָך אַ סך לערנען, דאַרפסט זיך אַנטוויקלען, און דאָס קען דיר געבן דער קיבוץ.

ער האָט אויפגעהויבן אויף מיר זיין פרעגנדיקן קוק:

— און ווער וועט העלפן דעם טאַטן? — אין שטוב זענען דאָ קלע־

נערע שוועסטערלעך און ברידערלעך און דער טאַטע זאָגט, אַז ער האָט קיין כוח נישט אַליין צו פאַרדינען פאַר אַלעמען...

איך האָב אים אָנגעקוקט און געשוויגן.

## פון בבל

פון בבל זענען זיי צו אונדז געקומען שוואַרצע פאַרחושכטע, אויס־געזען עלטער פון זייערע יאָרן, מיט אַ האַלדזיקן אַראַביש אין מויל, וואָס האָט ביי אונדז געקלונגען מאָדנע ווילד.

מיר זענען שוין געווינט צו פאַרשידענע שפּראַכן, אָבער זייער אַראַ־ביש איז דאָ געווען אַ נייעס.

די מדריכים האָבן מיט די יוגנטלעכע געהאַט אַ שווער קאַפּיטל די ערשטע צייט. ערשטנס, די שפּראַך, צווייטנס די רגילותן, וואָס האָבן גע־טראָגן אויף זיך דעם חותם פון מזרח־מענטש. אויך ביי דער אַרבעט איז געווען נישט גרינג מיט זיי.

אָבער די סביבה האָט געטאָן אירס. ביסלעכווייז און לאַנגזאַם האָבן זיי אויפגעהערט רעדן אַראַביש, געענדערט זייערע מנהגים, און צום סוף יאָר איז זיי נישט געווען צו דערקענען סיי ביי דער אַרבעט, סיי נאָך דער אַרבעט.

אַוועק אַ יאָר פון זייער זיין ביי אונדז — און ס׳איז שווער אין די יונגע בחורים און מיידלעך צו דערקענען די דעמאָלסטיקע דערשלאָגענע קינדער פון דעם אַזוי נאָענטן און דאָך אַזוי וויטן גלות־בבל.

שטאָלצע שטייען זיי איצט, אויסגעגלייכטע, מענטשן וואָס קאָנען זייער ווירדע און האָבן אַ ציל אין לעבן.

מאָרגן גייען זיי אַוועק פון דאַנען זיך באַזעצן אין נגב. מאָרגן גייען זיי אַוועק פון דאַנען, פון דעם אָרט, וואָס האָט זיי געגעבן דעם ערשטן באַגריף און דעם טעם פון ארץ־ישראל.

דערווייל כאַפּן זיי אַריין אַ טענצל אין לאַנגן צריף, אין ראָד האָבן

זיך אויך איינגעפּלאָכטן אונדזערע היגע געבוירענע קינדער, און גיי דער־קען, וועד פון זיי איז געקומען פון גלות־בבל.

## ירדנה

אַ בת־יחידקע איז זי געבליבן ביי אונדז פון דער יוגנט־עליה, וואָס איז געקומען מיט עטלעכע יאָר צוריק פון בבל. זיי זענען דאָ אָפּגעווען אַ יאָר און זענען דערנאָך אַוועק זיך באַזעצן אין לאַנד, נאָר זי איינע איז צוליב פאַרשידענע סיבות נישט אַוועק, און געבליבן מיט אונדז אין משק.

אירע חברים האָבן זיך ווי אַ סטייע פויגלען אויפגעהויבן און זיך אַריבערגעטראָגן ערגעץ אַנדערש־ווו, איז זי אין משק אַליין, ווי אַ ווייטער און פרעמדער פויגל. ווי אַן אַ זייט און אַליין.

די שענסטע פון די בבלער טעכטער, וואָס זענען דאַן געקומען צו אונדז, איז זי געווען. אַ רונד, טונקל געזיכט, פון צייטיקן איילבירט־קאָליר, מיט ליכטיק־שוואַרצע אויגן און פעך־שוואַרצע האָר, וואָס האָבן זיך לייכט געקרייזלט איבער אַ קליינעם מאַטאָוון שטערן. איר גוף — שלאַנק, מיט אַ סך פרוויאישן חן, וואָס האָט געגרייפט צו פרי, לויט אירע יאָרן. זי האָט פאַרמאָגט אין זיך דעם שעמעוודיקן חן פון פרומע ידישע טעכטער, און דאָך איז זי ענלעך געווען מער אויף אַ פּירשטין, וואָס שטאַמט פון די קעניגלעכע אַראַבישע הויפן, ווי אויף אַ ידיש קינד. איר בלוט, וואָס איז געווען אַ געמיש פון דורותדיקער שכנהשאַפט האָט פאַרראַטן איר אָפּשטאַמונג.

וואָכן־לאַנג איז ירדנה ביי אונדז אַליין. אָפּגעאַרבעט איר אַרבעטס־טאָג, איז זי אין די אָוונטן געווען נאָר מיט זיך. מיט דער יוגנט אונדזע־רער, די הי־געבוירענע, האָט זי נישט געהאַט, אָדער אפשר זיי האָבן מיט איר נישט געפונען קיין שום בשותפותדיקס. אַ מחיצה איז געווען צווישן זיי, וועלטן־וויט איינע פון דער אַנדערער. און אפשר האָבן זיי זי אויך דערווייטערט, ווי פון נידעריקער אָפּשטאַמונג, ווי עס טרעפט צום באַ־

דויערן ביי אונדזערע „סאַברעס", וואָס גרויסן זיך קעגן אַלץ, וואָס קומט פון גלות, בפרט פון אַראַבישן.

אירע אָוונטן נאָכן עסן האָט זי נישט געהאַט מיט וואָס אויסצופילן, פלעגט זי זיך פאַרשפאַרן אין איר קליינעם צימער מיט די דינע ברעטל־דיקע ווענט, זיך אַ וואָרף טאָן אין די זאַכן אויף איר שמאָל בעטל און טרוימען וועגן איר רייכער היים אין איראַק, און וועגן לוקסוס, וואָס האָט זי דאָרט אַרומגערינגלט, אַ שאַרפע בענקשאַפט נאָך יענעם אַמאָל פלעגט איר נאָגן דאָ אין די אָוונטן, דער אַמאָל, וואָס איז געווען גאָר נישט ווייט, אַט דוכט זיך, נעכטן האָט געקרוישט אַרום איר ווי איינע פון די שענסטע טעכטער אין איר שטאָט, און איצט אַזאַ איינזאַמקייט...

אויסגעוועפט האָט זיך אין איר ביסלעכווייז די גאַנצע תורה, וואָס די דערציִער האָבן אין איר אַריינגעבראַקט אין משך פון פאַרגאַנגענעם יאָר... מיט אַ מאָל האָט זי זיך געמאַכט דעם חשבון, וואָס טוט זי דאָ? און וואָס בינדט זי צום אָרט? איין מאָל אין אַ פרימאָרגן האָט זי גענומען איר וואַליזקעלע און אָן אַ שלום, איז זי פון אונדז אַוועק.

זייענדיק אין תל־אביב וועגן אַ געוויסן ענין, האָב איך זי אָנגעטראָפן אויף אלנבי, און ס'איז געווען שווער צו דערקענען אין איר יענץ ווויל און פשוט מיידל, וואָס איז מיט אַ שטיקל צייט צוריק געווען ביי אונדז. איצט איז זי געווען עלעגאַנט אָנגעטאָן, און דאָס דינע קלייד האָט בולט געמאַכט די צאַרטע שטריכן פון איר געפאָרמטן גוף, וואָס האָט געצויגן אויפמערקזאַמקייט. אונטער די ברעמען איז ביי איר געווען אונטערגעפירט, די ליפּן און די נעגל געפאַרבט און אויך אירע שטענדיק מאַטאָווע באַקן זענען איצט געווען לייכט פאַרפאַרבט אויף ראָז, לויטן מזרח־סטיל.

איך האָב זי געוואָלט פאַרבייגיין, מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אויב זי וועט מיך זען, וועט זי זיך פאַרשעמען, פילן געטראָפן. נאָר אָפּגייענדיק אַ פּאָר טריט, האָב איך געהערט רופן מיין נאָמען. זי איז געשטאַנען נעבן מיר, עטוואָס שמייכלענדיק, נאָר פון די אונטערגעפירטע אויגן האָט אַרויס־געקוואָלן אַ געוואַלטיקער אומעט.

— האָסט צייט אַביסל פאַר מיר — האָט זי געפרעגט. ביי אַ קאַפע־טישל האָט זי פאַר מיר אויסגעגאָסן איר געמיט.

ס'ציט זי צוריק אין קיבוץ, נאָר זי שעמט זיך צוריק צו קומען. אַ רייכער פעטער האַלט זי דאָ אויס, אָבער איר איז נמאס געוואָרן דער פעטער און זיין רייך הויז מיט דינערשאַפט און לוקסוס, עס ציט זי צוריק צו אונדזער פשוט און ערלעך לעבן. זי וויל זיך אומקערן צוריק צו דער אַרבעט אין פעלד און צו דער סביבה, וועלכע זי האָט נישט גוט פאַר־שטאַנען.

איך האָב אָנגעקוקט די שיינע טאָכטער און דאָס האַרץ האָט געשראָקן: אפשר נאָר אַ שטימונג אַזאַ? און אפשר געהערט זי צו יענע נאַטורן, וואָס גוט איז זיי דאָרט, וווּ זיי זענען נישטאָ?

פאַרן צעשיידן זיך, האָב איך איר צוגעזאָגט עפּעס טאָן וועגן דעם.

און אָט שוין געטראָפן זי ביי דער אַרבעט אין אונדזער קיך. נישטאָ קיין צייכן פון שמינקע און פאַרב אויף איר געזיכט. זי גייט צוריק אין אַ פשוט לייוונטן קליידל און זי שיינט מיט טויזנט חנען.

## קיין חולתא

היינט זענען אָפּגעפאָרן די קינדער פון חולתא. די קינדער, וואָס זענען מיט פיר יאָר צוריק געקומען צו אונדז פון סיריע. מיט פיר יאָר צוריק זענען זיי געווען עלף־ און צוועלף־יעריקע. מיט דער הילף פון ספּע־ציעל געשיקטע שליחים האָבן אָט די קליינינקע קינדערלעך געגנבעט גרע־נעצן, אַריבערגעקלעטערט די בערג פון לבנון, אַריין אין לאַנד און אין איילעניש צעטיילט געוואָרן אין די משקים איבערן לאַנד. אויך צו אונדז איז דאַן געקומען אַ גרופּע פון פערציק ייִנגלעך און מיידלעך.

איך האָב זיי געזען בעת זייער אָנקומען: קליינע, איינגעשרומפּענע, פּנימער ברוינע, נאָר אויגן פלאַמיקע, וואָס האָבן געשאָסן מיט פייער און אין די אויגעלעך האָט זיך געטובלט דאָס יידישע נשמהלע, וואָס האָט זיי געמאַכט לויפן פון די אָרעמע היימען, פון גלות־סיריע, ביז דאַנען.

שווער געווען אין זיי צו דערקענען די שטאָלצע יידן פֿון דער ספרדי־שער געמיינדע, די אור־אור־אייניקלעך פֿון די ארם־דמשקער יידן, די יידן פֿון ארם־צובא און ארם־נהרים. ס'האָט פֿאַר מיר אַ שווער געטאָן די גאָל־דענע עפּאָכע פֿאַר יידן אין יענע לענדער, וואָס די פּירער פֿון פֿאָלק זענען געווען גאונים, פּירשטן און תנאים.

פֿאַר מיר זענען געשטאַנען אַ הייפֿעלע קינדער, דערשלאָגענע, פֿאַר־פּינצטערטע און יענע ווייטע דעמאָלטיקע תקופה האָט אויף זיי קיין שפּור נישט געלאָזן און זיי האָבן זיך מיט גאָרנישט אונטערשיידט פֿון די פּעל־קער, די אָפּגעשטאַנענע, צווישן וועלכע זיי זענען געוואַקסן, זיך געהאָדע־וועט און אין זייער שפּראַך גערעדט.

און דאָך האָט אין די גופֿימלעך, די אויסגעטריקנטע, די פֿאַרשוואַרצ־טע פֿון דורות גלותן, — געטליעט די שטאָלצע יידישע נשמה פֿון זייערע גרויסע אור־אור־עלטערן. אַלץ האָבן זיי איבערגעלאָזן דאָרטן, די היימישע סביבה, טאַטע־מאַמע, ברידערלעך און שוועסטערלעך, אַלץ, און זיך געלאָזן איבער גרענעצן. זיך געלאָזן פֿירן דורך געטרייע און חברישע הענט. דורך שליחים, וואָס זענען געקומען אין פֿינצטערן גלות־סיריע און פֿאַרוואָרפֿן ליכטיקע פֿונקען אין די דורשטיקע קינדערשע הערצעלעך. דערציילט זיי פֿון אַ יידיש לאַנד, פֿון דעם לאַנד פֿון חומש וואָס וואַרט אויף זיי ווי אַ גע־טרייע מאַמע.

פֿיר יאָר זענען זיי דאָ געווען. עס רעדט זיך פֿיר יאָר, אָבער אין דער אמתן איז עס געווען פֿופֿצן הונדערט טעג און נעכט פֿון לערנען, פֿון ווייזן פֿון פֿירן און איבערקנעטן אָט די קינדערלעך, וואָס זענען אַהער געקומען רוי און נישט פֿאַרשטאַנען אונדזער לעבן און אונדזער פֿירונג. אין זייער סביבה האָבן זיי אַזוינס נישט געזען, אַז אַ פֿרוי זאָל אַרבעטן אויסער דער היים, אַז אַ לערער זאָל אַליין אויסוואַשן אַ פֿאָדלאָגע. פֿאַר אַ פּידזשאַמע האָבן זיי זיך געשראָקן. אונדזער עסן האָט זיי נישט געשמעקט, און נאָך אַ סך קלייניקייטן. אַ סך אַרבעט האָבן די דערציער אין זיי אַריינגעלייגט, ביז מען האָט זיי ביסלעכווייז אַרויפֿגעפֿירט אויף אַ וועג, אויפֿגעוועקט

אין זיי אַ דורשט צו לערנען און צו וויסן, אַ ליבשאַפט צו דער ערד און צו דער אַרבעט.

פיר יאָר זענען זיי דאָ געווען, אָבער וואָס פאַראַ גרויסן מהלך זענען זיי דורכגעגאַנגען. די קליינע קינדערלעך זענען געוואָרן באַוווּסטזיניקע יינגלעך און מיידלעך, אַראָפּ איז די פאַרשוואַרצטקייט פון זיי. די תורה, וואָס זיי האָבן איינגעזאַפּט, שטראַלט אַראָפּ פון זייערע פּנימער, זייערע מוסקולן זענען פאַרהאַרטעוועט דורך אַרבעט און ספּאָרט־איבונגען. ס'איז אַ יוגנט מיט אַ ציל און מיט אַ זינען; מיט אַ גאַנג און אַ שטרעבונג צו פאַרבעסערן דאָס לאַנד פאַר די וואָס דאַרפן נאָך אַהערקומען.

ווען זיי זענען אַרויף אויפן אויטאָ, וואָס האָט זיי געזאָלט אָפּפירן קיין חולתא, האָב איך געזען טרערן אין די אויגן פון די דערציער, אָט די דערציער וואָס האָבן אין זיי אַריינגעבלאָזן דעם גייסט פון שטאָלצן ייִד אויף אייגענער ערד. די דערציער, וואָס האָבן לאַנגע חדשים געפירט זיי צום דאָזיקע טאָג, און זוכה געווען זיי צו דערפירן, צו ווערן זעלבסטשטענדיקע יוגנט, — ארץ־ישראלדיקע.

עס זענען געווען טרערן, וואָס האָבן געלויכטן אין דער זון מיט טויזנט חנען, ווייל אין די טרערן איז געווען פרייד און אויך צער פון צעשיידונג.

## נסים

כאָטש איך האָב דאָס שוואַרצגעקרויזלטע יינגל, נסים, מיט די פייער־דיקע גרויסע ברוינע אויגן געזען ביי אונדז אין קיבוץ אַ סך מאָל, אין חדר־האוכל, ביים עסן, און להבדיל אין מקלחת ביים וואַשן זיך, — דאָך איז עס אַלע מאָל געווען נאָר אַ מינוטיקע זעונג, וואָס האָט אויף אַ ווייל צוגעצויגן מיין אויפמערקזאַמקייט צו זיין שיין יינגליש געזיכט פון אַליוון־קאָליר, די פרישע ליפּן זיינע און זיין ענערגישע קינבאַק, וואָס פאַר אַ קינד אין זיין עלטער איז עס אפשר צו פרי.

איך האָב אים כמעט נישט געקאָנט, איך פלעג אים זען און באַלד צוריק פאַרגעסן. אַ סך זענען זיי דאָ ביי אונדז, די יונגע קינדער פון פאַר־

שיידענע מדינות, דער עיקר פון די מזרח־לענדער, וואָס דערציען זיך דאָ אין קיבוץ, ווי מען זאָגט: על התורה ועל העבודה. זיי לערנען און אַרבעטן.

די דרייצן־פערצן־יעריקע קינדער קומען אָן דאָ רוי און נישט אַנט־וויקלט, נישט אין גוף און נישט אין נשמה. דאָס רוב איז עס קינדער, אָפּגעשטאַנענע פון אָפּגעשטאַנענע לענדער און אָרעמע היימען. זיי האָבן זיך געהאָדעוועט אין די שמוציקע געסלעך און זיך אויסגעלערנט דאָס ערגסטע — שלעכטע מידות, שטוביקע קריגערייען, וואָס נויט, אָרעמ־קייט און ענגשאַפט ברענגט.

לכתחילה, ווען זיי קומען אָן אין קיבוץ פילן זיי זיך פרעמד, סיי שפּראַכלעך און סיי אין דער מענטאַליטעט, וואָס איז גאָר אין גאַנצן אַן אַנדערע פון דעם שטייגער־לעבן, וואָס זיי האָבן געקאָנט פון זייערע היי־מען. די דערציונג קומט אָן נישט לייכט, אָפּגעוווינען זיי פון שמוץ, פון פוילקייט, פון מיאוסע רייד און פון גרייטקייט זיך צו שלאָגן. שווער קומט אָן די דערציער מאַכן מענטשן פון דער נישט־געצוימטער מחנה קינדער, אָבער דערפאַר זעען זיי ברכה אין זייער אַרבעט, ווייל אין אַ קורצער צייט פון עטלעכע יאָר קען מען אין די גוט־אויסגעשולטע און גוט־דערצוי־גענע קינדער נישט דערקענען יענע ווילדע אָפּגעלאָזענע קליינוואַרג, וואָס איז געקומען אַהער מיט אַ שטיקל צייט צוריק.

דאָס יינגל, נסים, האָב איך געקאָנט ווייניק, געוווּסט נאָר אַז ער איז מיט אַ לענגערער צייט צוריק געשיקט געוואָרן צו אונדז דורך דער לשכה פון עלית הנוער און איז דאָ איינגעגלידערט געוואָרן צווישן דער גרופּע נוער־עולה, וואָס דערציען זיך דאָ.

נעכטן האָב איך זיך מיט אים געטראָפן ביי דער אַרבעט אין פּרדס. מיר האָבן צוזאַמען געשניטן גרעיפּפרוכט און געאַרבעט ביי איין בוים. אונדזערע לייטערס שווערע און נישט קיין באַקוועמע האָבן געזונקען אין דער נאַסער שוואַרצער ערד. ווען מען האָט געדאַרפט דעם לייטער אַריבער־שטעלן ביי אַן אַנדער בוים, איז אָנגעקומען שווער אַרויסצוציען אים פון דער טייגיקער פאַרזונקנקייט. נישט איין מאָל פלעג איך העלפן נסימען אַרויסציען זיין לייטער און אים אַריבערטראָגן אויף אַ צווייטן אָרט, ער

האָט שעמעוודיק מיר געדאַנקט אַראָפּלאָזנדיק די געדיכטע שוואַרצע ברעמען זיינע.

איך האָב נישט געוווּסט פון וועלכער מדינה ער איז געקומען, פון וואַנען און ווי לאַנג ער איז דאָ? מיר האָבן געאַרבעט שווייגנדיק. נאָר דעם קלאַנג פון אונדזערע שערלעך האָט מען געהערט. אַן עראָפּלאַן פלעגט אָפט דורכרוישן פון נאָענטן מיליטערישן פליפעלד. נסים פלעגט דורכן גרינעם בלעטערדיקן געפלאָנטער פאַרהויבן זיין קאָפּ און אים נאָכקוקן אין זיין האָסטיקן געפלי, דערנאָך צוריק זיך נעמען צו דער אַרבעט, שניידן פלינק די גרויסע זאַפטיקע העל־געלע גרעיפּפרוכט.

שטיל איז געווען אין גרויסן פּרדס. פון די נאָענטע בוימער־שורות דערטראָגט זיך אַ לייכטער געמורמל פון די שניטערס, אַ לאַך, אַ קלאַפּ פון אַן אַראָפּגעפאַלענעם אשכּלית, וואָס האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון די הענט און זיך אָנגעשלאָגן אין באָדן.

נסים האָט געאַרבעט שווייגנדיק. אויף מיינס אַ פראַגע האָט ער גע־ענטפערט מיט איין וואָרט און צו קיין שמועס איז נישט געקומען. ווייזט אויס אַ שטאַרקער שוויגער איז נסים, כאָטש זיינע פלאַמיקע אויגן רעדן, און אפשר איז ער אַ שעמעוודיקער און דער דיסטאַנץ צו אַ דערוואַקסע־נעם האַלט אים אָפּ פון זיין אָפּנהאַרציק.

ביי דער פרישטיק־הפסקה, ווען מיר זענען געזעסן אויף איבערגע־קערטע פעלד־קעסטלעך און געגעסן אונדזער ברויט מיט פּוטער און פּאַר־ביסן מיט אַ מאַראַנץ, האָב איך געפּרוּווט אים אַרויסנעמען פון זיין שוויי־געניש. איך האָב זיך נאָכגעפרעגט אויף זיין היים אין חוץ־לארץ, אויף זיין משפּחה, וואָס ער האָט דאָרט איבערגעלאָזן, אויף זיינע ברידער און שוועסטער און אָט וואָס איך האָב בגוואַלד אַרויסבאַקומען פון אים.

נסים איז געבוירן געוואָרן אין קאַסאַבלאַנקאַ, אין אַ משפּחה פון ניין קינדער, זעקס ייִנגלעך און דריי מיידלעך. צו אַכט יאָר האָט ער שוין אָנגע־הויבן אַרבעטן ביי יענעם. פון אָנהויב האָט מען אים אָפּגעגעבן צו אַ סטאָ־ליער און דערנאָך האָט ער געהאָלפן דעם טאַטן ביי פאַרשיידענע אַרבעטן. אין קיין שולע איז ער נישט געגאַנגען. אין אַ ייִדישער האָט מען געדאַרפט

צאָלן און די אָרעמקייט אין שטוב איז געווען גרויס, נישט געקלעקט אַפילו אויף ברויט און אוודאי נישט אויף קיין שכר־לימוד. אין די פראַנצויזישע שולן, ווו מען האָט געקענט לערנען אומזיסט, האָט נסים מורא געהאַט צו גייך, ווייל דאָרט האָבן אויך געלערנט אַראַבישע קינדער און זיי פלעגן אָפט זיך רייצן און שלאָגן די יידישע קינדער.

נסימס עלטערן האָבן געוווינט אין אַ גרויסן הויף, ווו עס האָבן געוווינט געמישט יידישע און אַראַבישע משפחות. אין דעם הויף פלעגן אָפט פאָרקומען קריגערייען, גוואַלדן, אויסברעכן געשלעגן, וואָס פלעגן זיך ענדיקן מיט צעבלוטיקטע קעפּ און אויסגעבראָכענע שויבן.

ער זעט נאָך איצט קלאָר די בילדער פון זיין טרויעריקער היים. נסים פאַרמאַכט זיינע ברוינע אויגן און זיין פּנים ווערט אויף אַ ווײַלע אַזוי אומעטיק אויסגעלאָשן. ער בלייבט אין דער אָרומיקער גרינקייט פאַרשוויגן, ווי ער וואָלט זיך אין דמיון אַריבערגעטראָגן צו יענעם געסל, אין יענעם הויף ווו זיינע פריער קינדער־יאָרן זענען אַדורך אין אָרעמקייט און אין שרעק, אין הונגער און אין ענגשאַפט, צוועלף נפשות (אַ באָבע איז דאָרט אויך געווען) אין צוויי קליינע צימערלעך אָן באַקוועמלעכקייטן, אָן וואַסער, שטענדיק אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן, ברודיק. ער שוידערט אויף...

מיך האָט שוין באַלד פאַרדראָסן, וואָס איך האָב אין אים אויפגעוועקט די שווערע פיינלעכע דערמאָנונגען פון זיין אָרעמער היים אין קאַסאַבלאַנקע. נאָר אָט האָט נסים צוריק אויפגעעפנט זיינע גרויסע ברוינע אויגן און זיין טונקל־אָליוו געזיכט איז ווי באַלויכטן געוואָרן פון אַ ניי פרייידיק ליכט.

מיטאָגצייט זענען מיר געגאַנגען צוזאַמען דורך דעם ניי געפלאַנצטן באַנאַנע־וועלדל. די ברייטע בלעטער האָבן זיך געשיילט און געשושקעט אין ווינט. פון די פעלדער און פּרדסים האָבן זיך געצויגן שורות חברים־אַרבעטער, וואָס האָבן זיך געצויגן אַהיים צום קיבוץ אויף דער מיטאָג־שעה. די סוף־ווינטערדיקע זון האָט ליבלעך געגלעט און גוט איז געווען צו שפּאַנען צוזאַמען מיט אַלעמען נאָך שעהן פון האָרעוואַניע צו דער מיטאָג־ און רו־שעה.

נסים האָט געשפּאַנט לעבן מיר שווייגנדיק, פאַרשלאָסן אין זיך, ווי עס וואָלט פון אים נאָך נישט אויסגעוועבט דער צער פון דער פריערדי־קער דערמאָנונג, וואָס איך האָב אין אים אויפגעוועקט. פילנדיק זיך שול־דיק האָב איך געוואָלט אים צעשטרייען און אים אָנגעוויזן אויף די פּרדסים, אויף די ברייטע פעלדער וואָס גרינען, אויף די גרינס און בלומען־גערטנער, אויף די ווייסע שטיבעלעך און די צעבליטע ביימער.

— דאָס איז אַלץ — דערקלער איך אים — אויפגעטאָן געוואָרן מיטן כוח פון ערלעכער אַרבעט, פון אייגן מי און שווייס. דאָ בוי־ען מיר אַ היים אויף פאַר אייך, פאַר דער יוגנט, וואָס קומט צו אונדז פון אַלע גלותן.

ווי פאַרוווּנדערט בין איך געוואָרן ווען ער האָט מיר געענטפערט:

— דאָ איז טאַקע אַלץ פיין און גוט, אָבער דאָך פיל איך זיך נישט דאָ ווי ביי זיך אין דער היים.

ביי מיטאָג־עסן, האָב איך דאָס יינגל איינגעלאַדן צו מיר אין אָוונט אויף אַ גלאָז טיי. נאָך מיטאָג, איז ער אַוועק לערנען און איך צוריק צו דער אַרבעט.

ביי דער אַרבעט האָב איך זיך נישט געקענט באַפרייען פון דעם יינגלס זאָג: „איך פיל זיך דאָ נישט ווי אין דער היים״. סטייטש, האָב איך זיך געטראַכט, — ער קומט פון אָרעמקייט, פון געפאַלנקייט, ווו דאָס מענטשלעכע געשטאַלט זיינס איז ווי כמעט אָפּגעמעקט געוואָרן אין דער אָרעמער און דערשלאָגענער היים, ווו ער האָט זיך געהאָדעוועט. דאָ איז ער פריי, לערנט, אַרבעט, גייט ריין און זויבער אָנגעטאָן, לעבט אין די זעלבע באַדינגונגען ווי אונדזערע קינדער, איז וואָס פעלט אים דאָ? פאַר וואָס פילט ער זיך נישט אין דער היים ביי אונדז? וואָס האָט ער געהאַט דאָרטן, וואָס דאָ האָט ער נישט געפונען?

* * *

אין אָוונט ווען איך בין געזעסן און געלייענט, האָט מען שטיל אָנגעקלאַפּט אין טיר. דאָס יינגל איז אַריין עטוואָס שעמעוודיק, מיך באַגריסט און זיך געזעצט ביים טיש. איך האָב זיך אַרום אים געפּאָרעט, געשטעלט טיי מיט ביסקוויט, מיט שאָקאָלאַד, געעפנט דעם ראַדיאָ, עס זאָל זיך ניט

הערן אַזוי די אָנגעשטרענגטע שטילקייט און דאָס יינגל זאָל זיך פילן היימישער.

נסים איז געזעסן, געטרונקען טיי, זיך צוגעהערט צום ראַדיאָ־פּראָגראַם. מיר האָבן געשמועסט שטילערהייט. ער האָט מיר דערציילט וועגן דער אַרבעט, וועגן זיין לערנען דאָ, וועגן די לערער. ער האָט זיך אָנגעהויבן פילן פרייער און זיך גענומען פאַרען ביי מיין ביכער־שראַנק און דאַן האָב איך פלוצלונג אים אַריבערגעפירט אויפן בייטאָגיקן שמועס און אים אַ פרעג געטאָן:

— פאַר וואָס האָסטו געזאָגט, אַז דו פילסט זיך ביי אונדז נישט ווי אין דער היים, ווי אין דיין אָרעמער היים דאָרטן אין קאַסאַבלאַנקע, ווי קען עס זיין?

דאָס יינגל וואָס האָט שוין פריי זיך אַרומגעדרייט איבערן צימער, איז צוריק ווי פרעמד געוואָרן, די פריערדיקע היימישקייט זיינע איז פאַרשווונדן געוואָרן. ער האָט אויפגעהויבן אויף מיר זיינע ברוינע אויגן, ווי ער וואָלט געוואָלט זיך דערמאָנען גוט דעם בייטאָגיקן שמועס און געזאָגט:

— ריכטיק, דאָ איז מיר גוט, איך לערן, איך אַרבעט, גיי גוט געקליידעט, אָבער אַ היים, וווּ איך זאָל קענען אַריינגיין ווען איך וויל, אַפילו ווען איך זאָל נישט אָנקלאַפּן אין טיר, אַ היים ווו איך וויס אַז מען וואַרט אויף מיר, אַזאַ היים האָב איך נישט, כאָטש דאָ איז דאָ אַזויפיל שטיבער און חברים...

איך האָב דערפילט אין זיינע ווייטאָקדיקע ווערטער אַ פאָרוורף, אַז אַנקלאַגע פון עלנטן קינד צו אונדזער געזעלשאַפט, וואָס האָט ברייט צעפּנט די קיבוצישע טיר פאַר דער יוגנט, וואָס קומט אַהער דערציִגן ווערן, אָבער די פּריוואַטע טיר פון יעדן חבר בלייבט פאַר זיי פאַרשלאָסן.

איך האָב אים נישט געהאַט וואָס צו ענטפערן.

# דאָס ייִנגל פון פּאַריז

פּריוויליקע יונגעלייט זענען געקומען העלפן מדינת־ישראל אין די טעג פון גרויסער סכנה — ווען אַלע אַראַבישע מדינות האָבן זי אַרומגע־רינגלט מיטן ציל אָפּמעקן דאָס קליינע לענדעלע, — נאָר נאָך איידער די מתנדבים זענען אָנגעקומען צו די ברעגעס און פּאָרטן פון ישראל, האָבן זיך די חילי צה״ל אַליין אַן עצה געגעבן. די מלחמה איז פאַרענדיקט געוואָרן אין זעקס טעג.

די חברה — טויזנטער יונגעלייט, ייִנגלעך און מיידלעך; יונגע מענער און פרויען — וואָס זענען אָנגעקומען פון פאַרשיידענע לענדער און וועלט־טיילן, ווו יידן געפינען זיך נאָר, האָט מען דערוויל צעשיקט אין די דערפער, מושבות און קיבוצים, כדי אַרויסצוהעלפן זיי אין די פאַר־שיידענע אַרבעטן אויף די פעלדער, גערטנער און פּרדסים. די אָרטיקע יונגע מענער זענען נאָך געבליבן שטעקן ביי די פראָנטן; צעשפּרייט ביי די גרענעצן, איבער די ברייטע שטחים, וואָס האָבן זיך צעעפנט; זיי זענען נאָך געבליבן זיצן אין די טאַנקן, קעמענדיק די פליינען פון סיני; אין געפּאַנצערטע אויטאָס מיט מאַשין־געווער לענגאויס דעם ירדן; אין די טראַנשייען אויפן גולן; לענגאויס דעם סועץ־קאַנאַל.

אין די קיבוצים און מושבות זענען פאַרבליבן נאָר דאָס אַלטוואַרג, יונגע מאַמעס און שולקינדער, וועלכע האָבן אין די חדשים נישט געלערנט און גענומען דעם יאָך אויף זיך, דאָך נישט געקאָנט באַוויזן אָפּצוטאָן די אַלע אַרבעטן, וואָס זענען געפאַלן אויף זיי. אין די קושטאַלן האָט מען נישט באַוויזן צו דער צייט מעלקן די בהמות און זיי האָבן טרויעריק גע־מעקעט, ווי געבעטן מען זאָל זיי באַפרייען פון די מילך, וואָס האָט זיי געבריט אין די איבערגעפולטע אייטערס. פון די לאַנגע הינערשטייגן מיט טויזנטער עופות, האָט ביז שפּעט אין פרימאָרגן אַרויס געשפּאַרט אַ ווילדע קוואָקעריי — אויף הינערשע קולי־קולות געמאָנט זייער פּריש־טיק. אַזאַ לאַגע איז אין גרעסטן טייל געווען אין די קיבוצישע און ווירט־שאַפטלעכע ישובים. דעריבער איז געווען אַ גרויסע הילף — ווען די

יוגנטלעכע־פּרייוויליקע האָבן גענומען אַריינשטראָמען אין די משקים.

פֿאַרשטייט זיך, דאָס רוב נישט געוווינט צו פיזישער אַרבעט — ערשט פון שולבאַנק אַראָפּ — איז די מי זיי לכתּחילה געפאַלן שווער און אפשר אויך לאַנגוויליק — זענען זיי דאָך געקומען מיטן מיין מלחמה צו האַלטן... — אָבער גאָר גיך האָבן זיי זיך צוגעוווינט צום אַרום, צו די חברים און אַפילו צו דער שווערער אַרבעט; צום גאַנצן נייעם לעבנס־שטייגער וואָס איז אַזוי אַנדערש, אַזוי וווּנדערלעך.

אויך מיר האָבן באַקומען אַ גרופּע יוגנטלעכע, דאָס רוב פאַר די צוואַנציק. טייל פון זיי האָט שוין געלערנט אין די אוניווערסיטעטן, אָדער נאָר־וואָס פאַרענדיקט די מיטלשול און גרייטן זיך אַריינקומען אין די הויכשולן אויפן קומענדיקן יאָר. די פרייוויליקע — יידישע קינדער פון פראַנקרייך און אַ צוויי, דריי קריסטלעכע, וועמען דער זאָרג פון זייערע שול־חברים פאַרן גורל פון דער יידישער מדינה האָט אויך זיי מיט־געריסן.

די מתנדבים, וואָס זענען אָנגעקומען אין אונדזער קיבוץ, זענען באַלד איינגעגלידערט געוואָרן ביי פאַרשיידענע אַרבעטן אין פעלד, אין סאָד, אין וואַרשטאַט און ביי די בעל־חי. מיר האָבן זיי באַזאָרגט מיט גוטע וווינונגען, ראַדיאָס, ביכער אין פראַנצויזיש און אויך מיט צייטונגען און זשור־נאַלן פון פאַריז. כדי אָבער די קינדער פון פראַנקרייך זאָלן זיך דאָ פילן ווי ביי זיך אין דער היים און אָנקניפּן אַ טיפערן קאָנטאַקט מיט די חברים און דער עיקר מיט די בני־המשק, נישט נאָר דורך דער אייליקער באַ־קאַנטשאַפט ביי דער אַרבעט און אין עסזאַל ביים מאָלצייט — האָט מען זיי פאַרטיילט צו די משפחות פון משק, ווו יעדער איינער זאָל קענען אַריינקומען ווי צו זיך אין שטוב, טרינקען אַ גלאָז קאַפע, כאַפּן אַ שמועס און פאַרברענגען די אָוונטן אין קרייז פון אַ קיבוצישער פאַמיליע.

די שפראַך פון די יינגלעך און מיידלעך — פראַנצויזיש. אַ קלענער טייל רעדט ענגליש, געציילטע צווישן זיי פאַראַן וואָס פאַרשטייען אַ ביסל יידיש, אָבער זייער אייגענער ווערטער־באַגאַזש אין לשון־יידיש איז זייער אָן אָרעמער, באַשטייט בלויז פון סובסטאַנטיוון, כדומה: מענטש, שטוב,

שטאָט, פענצטער און דאָס גלייכן. אָן די בינדווערטער. דאָך די פון אונדז וואָס קענען נישט קיין פראַנצויזיש (און ווער קען יאָ?) האָבן זיך ווי עס פאַרשטענדיקט מיט זיי ביי דער אַרבעט, אין חדר־האכל, וואָס מען האָט פאַרפעלט אין ווערטער האָט מען דערגאַנצט מיט די פינגער, מיט די אויגן. שווערער איז געווען מיט די, וועלכע האָבן קיין יידיש בכלל נישט געקענט.

די יוגנטלעכע האָט מען איינגעטיילט — אויף וויפל עס איז נאָר מעגלעך געווען — צו אַזעלכע משפחות, מיט וועלכע די אָריינגעקומענע צו זיי זאָלן יאָ האָבן אַ געמיינזאַמע שפּראַך מער ווייניקער.

צו אונדז אין שטוב קומט אַריין אַ בחורל פון אַ יאָר זיבעצן־אַכצן, וואָס קען יאָ אַ ביסל יידיש. דאָס איז אַ שלאַנק יינגל מיט אַ געדיכטער שוואַרצער טשופרינע איבער אַ הויכן, ברייטן ווייסן שטערן. זיין פּנים פאַרמאָגט אַ צאַרטע, סאַמעטענע הויט וואָס רויטלט זיך ביים רעדן. דער נאָמען פון דער היים איז זשאַק. מיר רופן אים דאָ יאַנקל, אָדער פאַר־צויגן — יאַנקעלע. ער איז אין זעלבן עלטער פון מיין זון נחום, ביידע רעדן זיך גוט צונויף אויף ענגליש. איך מיט אים טוען זיך פאַרשטענדיקן, ווי עס איז, אין יידיש.

אין משך פון עטלעכע וואָכן האָבן מיר זיך שוין באַקענט מיט אַ ביסל פּרטים פון זיין ביאָגראַפיע:

זשאַק'ס טאַטע־מאַמע זענען געווען פוילישע בירגער. די מלחמה־יאָרן איבערגעלעבט אין ראַטנפאַרבאַנד, ערגעץ אין די וויטע סאָוויעטישע דרום־רעפובליקן. נאָך דער מלחמה האָבן זיינע עלטערן אויסגעוואַנדערט קיין פאַריז צו זיין טאַטנס ברודער און דאָרט פאַרבליבן. ער זשאַק איז שוין אַ געבוירענער אויף פראַנצויזישער ערד. נאָר וואָס געענדיקט די מיטלשול און גרייט זיך אַריין אין אוניווערסיטעט. אין פאַריז איז ער אַ מיטגליד אין דער ציוניסטישער יוגנט־גרופּע „דרור". די עלטערן דעם בחורלס האָלטן אַ צירונג־געשעפט אויף איינעם פון די פאַריזער גרויסע בולוואַרן. צו זיין אָפּפאָרן קיין ישראל האָבן זיי נישט צוגעשטימט מיט אַ גרינג געמיט. נייערט זשאַקס שטאַרקער דראַנג, די געשפּאַנטע טעג

אין חודש מאַי, די גרויסע מאַניפעסטאַציעס לטובת ישראל, פון דער יידי־שער און גרויסע טיילן פון דער נישט־יידישער באַפעלקערונג — דאָס אַלץ צוזאַמען האָט געווירקט אויף זשאַקס עלטערן זיי זאָלן יאָ מסכים זיין. סוף יוני איז ער מיט אַ גרופּע שילער און שילערינס אָפּגעפלויגן מיט „על־אַל" קיין ישראל, כדי צו העלפן אין דער דאָרטיקער ווירטשאַפט וואָס איז אַ היבש ביסל פאַרלאָזן געוואָרן אין די מלחמה־טעג און נאָך דעם.

יאַנקעלע־זשאַק האָט זיך גאָר גוט און גאָר גיך איינגעלעבט אין דער חברותא פון די בני־הקיבוץ. אָבער אַמנאָענטסטן זיך געהאַלטן ביי נחומען. צוזאַמען געאַרבעט אין עפּלסאָד ביי דער קינסטלעכער באַוואָסערונג, צוזאַ־מען געקומען פון דער אַרבעט צו אונדז אין שטוב זיך טושן, בייטן די בגדים, טרינקען אַ נאָכמיטאָג גלאָז טיי.

כאָטש יעדער איינער פון זיי, סיי זשאַק, און סיי נחום האָבן באַקומען באַזונדערע דערציונגען, אָנגעזאַפּט מיט אַנדערע מענטאַליטעטן, יעדער איינער פון אַ סביבה וואָס איז פרעמד פאַרן צווייטן; דאָך אין געציילטע וואָכן זענען פאַרווישט געוואָרן אַלע אונטערשיידן. אויך די שפּראַך־שוועריקייט האָט יאַנקעלע לאַנגזאַם בייגעקומען. געוויס איז ער פון די בעסטע שילער אויף די העברעישע אָוונט־קורסן, וואָס מיר האָבן דאָ איינגעאָרדנט פאַר די יוגנטלעכע, וואָס זענען געקומען פון פראַנקרייך.

אין איינעם אַ טאָג איז געקומען נחומס ברודער, יגאל — אַ קאַפּיטאַן פון דער שווערער אַרטילעריע — אין אַ מיליטערישן דזשיפּ פון עזה־פּאַס, וווּ עס שטייט אין זיין מיליטערישע איינהייט. אָנגעטאָן אין געשטרייפטן פאַרביקן מלחמה־מונדיר, מיט די קאָלירן פון אַ פאַנטערע, דער קורצער „עוזי" נאָכלעסיק פאַרוואָרפן אויפן רעכטן אַקסל, פאַרוואַקסן און פאַר־שטויבט פון די הייסע סיני־זאַמדן. געקומען איז ער זיך אַ ביסל אָפּפרישן און פילן צוריק דער מאַמעס וואַרעמען קוק און איר צאַרטע האַנט אויף זיך.

די פרייד אין שטוב איז געווען גרויס און דער טיש באַלד בהרחבהדיק געגרייט. נאָכן קאַלטן טוש איז יגאַל אַרויס אַ פרישער, אַן אַרומגעראַזיר־טער. זיך נאָכאַמאָל צעקושט מיט דער מאַמען, מיטן ברודער און אַ וואָרף

טוענדיק אַ פריילעכן קוק פון זיינע גרינע אויגן אויף זשאַקן האָט ער אַ פרעג געטאָן:

— עפּעס אין גאַנצן אַן אומבאַקאַנטער בחור!

דערוויסנדיק זיך, אַז זשאַק איז פון די פרייוויליקע, וואָס זענען געקו־מען פון אויסלאַנד פאַרגרינגערן דעם עול פון די משקים, האָט ער אים וואַרעם געדריקט די האַנט:

— נו, און דאָס פאַרגאַנצטע ירושלים האָסטו שוין באַוויזן צו זען?

— האָט אים יגאַל אַ פרעג געטאָן.

— דאָס האַלבע נאָך אויך נישט — האָט יאַנקעלע געענטפערט.

יגאַל איז אויפגעשטאַנען פון טיש, אויסגעגלייכט די מידע ביינער און געדעדט ווי צום גרינעם עסקאַדינע ביימל, וואָס האָט אַריינגעקוקט דורך די אָפענע פענצטער.

— מאָרגן דאַרף איך זיין אין ירושלים, בלויז איין טאָג, ווער עס וויל קען מיטפאָרן.

ביידע האָבן זיך אָנגעכאַפּט מיט פרייד אָן אַזאַ נסיעה.

געקומען פון ירושלים זענען נחום און יאַנקל געווען אויסגעמאַטערט, מיד, פאַרשמאַכט פון חמסיניקן טאָג, דערפאַר אָבער פול מיט איינדרוקן און באַגייסטערט פון די זעונגען אין דער אַלטער היסטאָרישער שטאָט פון די אָבות. זיי זענען געווען ביים כותל־מערבי, ביי דער מערת־המכפּלה. באַטאַפּט די פירקאַנטיקע ריזיקע שטיינער פון דער מערב־וואַנט, פון אירע הונדערטער יאָריקע שפּאַלטן האָבן אַרויסגעשפּאַרט מאָך און קוויטלעך... יידן מיט ווילד־פאַרוואָקסענע בערד, אַז מען האָט קוים די אויגן געקענט אַרויסזען, איינגעוויקלטע אין טליתים האָבן עקזאַלטירטע, התלהבותדיק זיך געשאָקלט ביי דער היכער וואַנט, לעם וועלכער זיי האָבן אויסגעזען מאָדנע קליין, עפּעס ווי נישט פון דער וועלט באַגאָסן מיט דער פלאַמיקער יולי־זון.

* * *

אַדורך פיר חדשים און די קבוצה פרייוויליקע האָבן זיך געגרייט צוריק אָפּפאָרן קיין פראַנקרייך. יעדער איינער צו זיין היים, צו זיינע

עלטערן; צו די לימודים, צו דער אַרבעט אין וואַרשטאַט, אָדער אין ביוראָ.

יעדער אָפּשייד פאַלט שווער, אָבער זשאַק האָט זיך בכלל נישט גע־וואָלט שיידן, נישט געוואָלט פאַרלאָזן דעם לאַנד, דעם קיבוץ, די נייע חברים מיט וועלכע ער האָט זיך אַזוי איינגעלעבט; די אָונטיקע שפּאַצירן מיט די בני־המשק אויף די אינעווייניקסטע שאָסייען, אָדער אין פּרדס, אין אַ קרייז אַרום די שייטערן, וועלכע מען צינדט אָן כדי צו פאַרטרייבן די קאָמאַרן און אַנדערע פליגעלעך, וועלכע דערגייען די יאָרן. ביי אַזעלכע פייערן זינגט מען די נייעסטע ארץ־ישראלדיקע לידער, דער עיקר די, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן נאָכן זעקסטאָגיקן נצחון.. מען שמועסט גע־מיטלעך וועגן כל־מיני ענינים, מען באַהאַנדלט פאַרשיידענע פּראָבלעמען.

פאַר די עטלעכע חדשים האָט יאַנקל־זשאַק שוין גוט אויפגעכאַפּט דאָס העברעיִשע לשון און כדי זיך צונויפרעדן מיט אַ טאָכטער פון קיבוץ איז געגוג וויפל מען קען. יונגע הערצער עפענען זיך גיך און פריינד־שאַפט פאַרקניפּט זיך נאָך גיכער.

יאַנקל איז שוין מיט זיינע חברים צוריק קיין פראנקרייך נישט גע־פאָרן. געבליבן מיט אונדז, געאַרבעט, זיך געחברט מיט די קינדער פון זיין עלטער, וועלכע האָבן געענדיקט די מיטלשול און גרייטן זיך גיין אין צה״ל. פילנדיק זיך ווי איינער פון זיי האָט ער אויך באַשלאָסן דורכ־צומאַכן זיין מיליטער־דינסט אין ישראל.

אין אַן אָוונט ביי אַ גלעזל טיי האָט זיך דאָס פאַריזער ייִנגל פאַר מיר אַראָפּגערעדט פון האַרצן: ער וויל אַריינטרעטן אין דער ישראל־אַרמיי, דערנאָך וועט ער פאָרזעצן זיין סטודיום אין ירושלימער אוניווערסיטעט. זיינע עלטערן האָט ער שוין געשריבן וועגן דעם און וואַרט מיט שפּאַנונג אויף זייער הסכמה.

היינט זענען אָנגעקומען צוויי בריוו פון פאַריז. איינס צו יאַנקעלע־זשאַק אין פראַנצויזיש, דאָס צווייטע צו מיר אין ייִדיש.ביידע פון דעם בחורס עלטערן.

אין בריוו צו מיר שרייבט זיין טאַטע:

„איך ווייס גוט ווי אַזוי אייער קיבוץ האָט אויפגענומען אונדזערע זין

און טעכטער. זיינע חברים האָבן דאָס דערציילט מיט פרייד. מיין זון האָט מיר געשריבן, אַז ער פילט זיך ביי אייך ווי אַן אייגן קינד. איצט וויל ער צוזאַמען מיט אייערע קיבוצישע קינדער גיין אין צה״ל. ווען מיר אים נישט שטערן. איך וויל נישט ער זאָל חלילה דאַרפן איבערלעבן וואָס איך און זיין מאַמע האָבן איבערגעלעבט... ער איז ביי אונדז אַן איין און איינציקער... אַ דאַנק אייער קיבוץ און אייך פאַר פאַטערלעכער זאָרג ביז איצט און זאָרגט פאַר אים ווייטער. מיט די פריינדלעכסטע גרוסן — ב. מ.״

מאָרגן פאָרט יאַנקעלע זיך צושטעלן אין צה״ל.

## דאָס איז געווען ביים שניידן די וויינטרויבן

מ׳שלאָפט שוין אין קיבוץ. נאַכט. איך האָב שטאַרק ליב די נעכט אין מיין קיבוץ. די פינצטערניש ליגט צעלייגט אויף די אַרומיקע פעלדער. אַ ים פינצטערניש רינגלט אונדז אַרום מיט אַ שוואַרצן גאַרטל. אונדזער קיבוץ הויבט זיך אַרויס ווי אַ קלייער ליכטיקער אינדזל פון אָט דער ימיקער שוואַרצקייט.

צוביסלעך ווערן אויסגעלאָשן די פענצטער אין די קליינע, ווייסע שטיבער. זיי קוקן אויס, די שייבעלעך, ווי אויגן מיט פאַרמאַכטע ברעמען. וווּ־נישט־וווּ בלייבט נאָך לייכטן אַ שייבל, וווּ־נישט־וווּ הערט זיך אַ שטיל שפילן פון אַ ראַדיאָ.

עס שלאָפן שוין די מידע מענטשן, וואָס אַרבעטן אויף די זוניקע פעלדער. עס שלאָפן די טראַקטאָריסטן, די באַוואַסערער, די וואָס אַרבעטן אין די וויינגערטנער, אין די סעדער פון די עפּל, אין די פּרדסים פון אַפּעל־סינען, גרעיפּפרוכט און לימאָנען. עס שלאָפן שוין די מידע פרויען, וואָס אַרבעטן אין די קינדערהיימען, אין דער קיך, אין עסזאַל און ביי אַנדערע שטוביקע אַרבעטן, וואָס מאַכן מיד און פאַרמאַטערט.

זיי שלאָפן מיינע מידע חברים, קלייבן פון דאָס ניי כוח און דערפריי־

שונג פאַרן קומענדיקן טאָג, וואָס וואַרט אויף זייערע הענט. עס שלאָפן די קינדער אין קינדערהויז. אַלע, אַלע שלאָפן, נאָר איך בין וואַך.

אויך איך בין מיד פון טאָג אַרבעט. אָבער אין דער היינטיקער נאַכט איז גובר די איבערלעבונג איבער דער מידקייט, און איך בין גליקלעך, וואָס איך האָב געהאַט די זכיה צו פירן צוויי טייערע קינדער צו דער חופה.

מיט עטלעכע שעה צוריק בין איך געקומען פון כפר־גנים, ווו מיר האָבן ביים דאָרטיקן רב חתונה געמאַכט אַ יונג פּאָרל, געקומענע צו אונדז אין קיבוץ מיט עפּעס מער ווי אַ יאָר צוריק. זי — פון גלות תימן און ער — פון פּוילן. זיי זענען לכתחילה געווען צוויי באַזונדערע וועלטן, שפּראַך האָט זיי צעטיילט. דערציונג פון דורות האָט זיי צעטיילט. יעדער איינער פון אָט די צוויי קינדער האָט געצויגן זיין יניקה פון גאָר אַנדערע צינורות. ער איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן אין אַן אַסימילאַטאָרישער יידי־שער משפחה אין פּוילן; זי ביי אַן אָרעמער יידישער פאַמיליע אין אָפּגע־שטאַנענעם תימן, אין אַ ליימענער כאַטע, פול מיט קליינע קינדערלעך איינגעוויקלטע אין שמאַטעס. און ווי אַ שיינע בלום האָט זי מסתמא פון די שמאַטעס אַרויסגעלויכטן. זיין מאַמע־שפּראַך איז געווען פּויליש, אירע — אַראַביש, געמישט מיט אַ תימניש־העברעיִשן דיאַלעקט.

צוויי באַזונדערע וועלטן, צוויי פאַרשידענע מענטאַליטעטן, און דאָך האָט דער יידישער גורל די צוויי יונגע הערצער פאַראייניקט.

איך קען במילא נישט שלאָפן, לאָמיר פאַרצייכענען כאָטש עטוואָס פון דער דערנעענטערונג וואָס דער גורל האָט באַוויליקט, אַז איך זאָל באַמערקן.

* * *

ס'איז געווען פאַראַיאָרן אין חודש אָב, דער שניט פון די ווייַנטרויבן איז געווען אין פולן ברען. דער ווייַנגאָרטן אויף זיינע פיל צענדליקער דו־נאַמס איז נאָך געשטאַנען אַ באַשאָטענער מיט פּרוכט, די גפנים האָבן זיך געבויגן אונטער דער שווערער און געבענטשטער לאַסט פון די צייטיקע טרויבן מכל המינים. מ'האָט געדאַרפט וואָס גיכער אַראָפּנעמען די וויינ־טרויבן, פייגעלעך און ווערעם זענען באַפאַלן. און די פוילונג האָט געטאָן

אירס. יעדער טאָג לענגער וואָס די ווײַנטרויבן זענען געבליבן אויף די גפנים האָט אַרײַנגעטראָגן גרויס שאָדן. דעריבער האָט מען אַרויסגענומען חברים פון פאַרשידענע אַרבעטס־פּלעצער ווו עס האָט נישט אַזוי געברענט, און אָוועקגעשיקט זיי אין כרם. אויך מיך האָט מען אַראָפּגענומען פון מײַן שטענדיקן אַרבעטסאָרט אין פעלד און פאַרטאָג אונדז אָוועקגעשיקט אין כרם אויף בציר.

איך האָב געאַרבעט ביים שנײַדן טרויבן נישט ווײַט פון צווײ קינדער פון עלית־הנוער. זיי זענען געגאַנגען לענגאויס אין אַ שורה און איך לעם זיי אין דער צווייטער. באַוואָפּנט מיט לאַנגע דינע שערעלעך אין די הענט האָבן מיר זיך געבויגן צו די נידעריקע ווײַנשטאָקבוימלעך און אָפּגעשניטן פולע הענגלען מיט זאַפטיקע טרויבן און פאַרזיכטיק זיי געלייגט אין היל־צערנע קעסטלעך, וואָס זענען געלעגן צוגעגרייט לעם יעדן שניטער.

איך האָב געקענט די קינדער, וואָס האָבן געאַרבעט לעם מיר. ער איז געקומען צו אונדז פון גלות־פּוילן מיט אַ חודש צוריק און רעדט דערווײַל נאָר פּויליש. אַ שלאַנק בחורל פון אַ יאָר אַכצן, אַ בלאָנדער מיט ברייטביי־ניקע באַקן באַשאָטן מיט קליינע געלע זומער־שפּרינקעלעך, ווי מיט דינעם קלייען. מיט זײַן ברייט עטוואָס אויף־אַרויף פאַרריסן נעזל איז ער מער ענלעך צו אַ שגץ ווי צו אַ ייִד.

זי איז געקומען צו אונדז מיט אַ האַלב יאָר צוריק פון גלות־תימן. אַ קאָפּ געדיכטע שוואַרצע האָר רינגלט איין איר רונד געזיכט פון איילבערט־קאָליר, אַ נידעריקער שטערן, אָבער אונטער אים גליען אַ פּאָר פײַערדיקע אויגן, ייִדישע אויגן, וועלכע האָבן פריער געזען דעם פינצטערן, דערדריקטן גלות־תימן, און איצט זאַפּן זיי דורשטיק איין די ייִדישע כרמים, פּרדסים, פעלדער און סעדער, און פרייקייט אין וועלכער די ייִדישע יוגנט וואַקסט דאָ. איר שפּראַך איז העברעיש מיט אַ תימנישן אַקצענט. עס שפּאַרט אַזאַ יונגע פרייד פון איר קלינגענדיקן קול.

ווען מיר זענען פאַרטאָג אָנגעקומען אין כרם, האָט מען אין דער באַגי־נענדיקער טונקלקייט זיך צעשטעלט פאַרלעכוויז אַרבעטן ביי די שורות ווײַנבוימלעך. צופעליקע פּאַרלעך. און אָט איז אויסגעקומען דעם ייִנגל פון

פוילן אַרבעטן צוזאַמען מיט דער יידישער שוואַרץ־חנעוודיקער טאָכטער פון תימן.

לכתחילה האָבן זיי נישט גערעדט. אין דער קילקייט פון פרימאָרגן איז געווען גוט צו שניידן, פילן די קאַלטע טויאיקע פייכטקייט אין וועלכן די טרויבן זענען איינגעוויקלט ווי אין אַ דינעם ראָזן הייטל.

שפּעטער, ווען זייערע בליקן האָבן זיך צונויפגעטראָפן, האָבן זיי זיך צעשמייכלט. ער האָט געפרווט עפּעס אַרויסשטאַמלען אין לשון פוילִיש, און זי האָט גערעדט צו אים אין אַ קלינגענדיקן העברעיש. פאַרשטענדלעך אַז זיי האָבן זיך איינע די אַנדערע נישט פאַרשטאַנען. זייערע אויגן האָבן אָבער גערעדט. זייערע הענט זענען געווען פאַרנומען מיט דער אַרבעט.

ביים פרישטיק־אָפּרו זענען מיר געזעסן צוזאַמען. איך בין געוואָרן דער איבערזעצער און פאַרמיטלער. דאָס וואָס ער האָט געזאָגט אין פויליש, האָב איך איר, דער שיינער תימנערין, איבערגעגעבן אין העברעיש, איר עברית אים אַריבערגעטראָגן אויף פויליש.

מיין פאַרמיטלונג האָט זיי דערנעענטערט. איר נאָמען איז תקוה, זיין נאָמען איז מאַריאַן. שווער איז איר געווען אַרויסצוזאָגן מאַריאַן, האָבן מיר באַשלאָסן אים רופן מאיר. איך האָב אים פאַרטייטשט די נעמען אויף פויליש: תקוה — האָפענונג, מאיר — ליכט, צוזאַמען דאַרף עס הייסן: אַ ליכטיקע האָפענונג. האָבן זיי ביידע האַרציק געלאַכט.

ווען די אַרבעט אין כרם האָט זיך באַנייט, האָב איך געזען ווי תקוה האָט מאירן געלערנט עברית. זי האָט אויפגעהויבן דאָס שערעלע און געזאָגט אין איינציקע זילבן: מ ז מ ר ה ! זי האָט אים באַוויזן אַן אָפּגעשניטענעם הענגל וויינטרויבן און אַרויסגערעדט: א ש כ ו ל, א ש כ ו ל ע נ ב י ם !

ווען די היץ פון פאַרמיטאָג־צייט האָט זיך געשטאַרקט האָט תקוה שמייכלענדיק באַוויזן מאירן דעם לידיקן ליימענעם קרוג און געזאָגט אויסרעדנדיק יעדן אות באַזונדער: כ ד, א י ן מ י ם ב כ ד ! און מאיר האָט גענומען דעם קרוג פון איר האַנט און אַוועקגעלאָפן צום נאָענטן קוואַל אים אָנצופילן מיט קאַלט און פריש וואַסער.

* * *

אַוועק דער זומער מיט זיינע היצן און ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די לימודים. די קינדער פון דער נייער עליה האָבן געלערנט און געאַרבעט, פיר שעה געאַרבעט און די איבעריקע צייט געלערנט.

איך האָב שוין כמעט פאַרגעסן דעם בחור און דאָס מיידל וואָס איך האָב געטראָפן אין כרם. איך פלעג זיי פון צייט צו צייט באַגעגענען, אַמאָל ביי דער אַרבעט און אָפטער אין גרויסן גערוימען עסצימער. אַלע מאָל צוזאַמען און אַלע מאָל געשמועסט — שוין נישט אויפן ווינקל, נאָר טאַקע בקול רם, און אַ שפּראַך ווי ביי אמתע סאַברעס...

דאָס איז געווען פאַראַיאָרן.

נעכטן האָבן מיר זיי געפירט צו דער חופּה.

ס'איז געווען וווּנדערלעך זיי צו זען איינע לעם די אַנדערע. ער אין כאַקי־הויזן און אַ ווייסע רובאַשקע, זי אין אַ ווייס קלייד. ער — העל־בלאָנד, זי — טיף־שוואַרץ.

דער קומענדיקער דור וואָס וועט פון זיי אַרויס — וועט שוין אוודאי פאַרווישן אַלע קאָנטראַסטן...

## אין עפּלסאָד

איצט אין חודש אָב, צייטיקן שוין די עפּל אויף דיביימער. זייער פלייש ווערט דיק און אָנגעקוואָלן מיט פאַרשידענע וווּנדערלעכע זאַפטן און סאָקן. אין האַרץ פון עפּל ווערן שוין די קליינע ווייסע קערנער ברוין און אַפילו טונקל ברוין. אַז דו בייסט זיך אַריין אין אַזאַ פרוכט, בלייבט אַ מחיהדיקע זאַפטיקייט קלעפּן צום גומען, צום צונג און צו די ליפּן.

איך האָב שטאַרק ליב אונדזער סאָד, וועלכער ציט זיך אַוועק אויף אַ סך צענדליקער דונאַמס, אין די טעג ווען ער שטייט אין זיין פולער רייפקייט, — די צווייגן מיט פּירות באַשווערטע בייגן זיך צו דער ערד און אַנדערע טוען זיך אפילו איינברעכן אונטערן לאַסט פון דער שפע אויב מען באַוויזט נישט אונטערצושפּאַרן זיי מיט אַ שטיצער.

דער שאַרפער אָנגענעמער ריח, וואָס גייט אויף פון די איבערגע־

ציטיקטע עפּל, פאַרשיכורט, גיסט אָן מיט אַזאַ געדיכטער מידקייט אין די גלידער, כאַטש נעם און לייג זיך טאַקע אַוועק דאָ אונטער אַ בוים און כאַפּ אַ געשמאַקן דרימל...

שיינע, גרויסע, געררויטלטע עפּל קוקן אַרויס דורך די גרינע בלעטער זייטיק, ווי זיי וואָלטן זיך געוואָלט אויסבאַהאַלטן פון אַ פרעמד אויג און פרעמדע פינגער וואָס גלוסטן צו זיי. אָבער עס העלפט נישט. אָט שטייען מיר עטלעכע צענדליק אַרבעטער, פרויען און מענער, און רייסן די דופּ־טיקע עפּל און שיטן עס אַריין אין די שמאָלע קאַרטאָנענע שאַכטלען וואָס פילן זיך גיך אָן און ווערן צוגענומען דורך די וואָס באַזאָרגן אונדז יעדעס מאָל פון דאָס ניי מיט לערע קעסטלעך.

מיר, די פּרוכטרייסער, זענען דאָ פון פאַרשידענעם עלטער; פון די ותיקים, וואָס האָבן דאָ דעם סאַד פאַרפלאַנצט מיט אַ וואָסערע דרייסיק יאָר צוריק און פאַרמאָגן שוין מער ווייסע האָר ווי שוואַרצע אין די שלייפן, מיט אַ ליסענע אין דער מיט, ביז די יינגסטע וואָס גייען נאָך אין שול, נאָר אין די טעג פון פעריען העלפן זיי אַראָפּנעמען די פּרוכט פון די ביימער.

עס אַרבעטן אויך דאָ נייע עולים און יוגנט פון עלית־הנוער. מען אַרבעט פּאָרלעכוויז, צו צוויי ביי אַ בוים. מען שטעלט זיך לעם בוים צוזאַמען אַקסל צו אַקסל און מען רינגלט אים אַרום איינער פון לינקס דער צווייטער פון רעכטס און אַז מען טרעפט זיך שוין אָן צוריק פּנים־אל־פּנים בלייבט דער בוים ריין, נאָר די בלעטער אויף די צווייגן און די זון־שטראַלן וועלכע שפּאַרן זיך אַדורך זיי.

דאָס מאָל איז מיין פּאַרטנער ביים עפּלבוים אַ יונגינק ווייבעלע אין די פריע צוואַנציקער. איר באַחנט פּנימל, וואָס איך זע דורך די בלעטער, זעט אַליין אויס ווי אַן עפּל, רונד און קוים־קוים באַגאָסן מיט אַ לייכטער ראָזיקייט; אירע לענגלעכע גרינע מאַנדלאויגן גיסן זיך צוזאַמען מיט דער פאַרב פון די בלעטער.

זי רייסט פלינק און שווייגט, רעדט נישט אויס קיין וואָרט, און טאַקע ווען וואָס האָט זי צו רעדן מיט מיר, דעם ותיק; אַ ייד מיט שטאַרק

גרויע שליפן און מיט אַ גאָר וואַזשנעם פליך. איך ווייס נישט צי זי קאָן מיך בכלל. עס טרעפט אין אונדזער קיבוצישן לעבן אַז מען קען צענדליקער מאָל פאַרבייגיין און נישט באַמערקן דעם צווייטן. מען קען זיצן צוזאַמען ביי דעם געגרייטן טיש אין בהרחבהדיקן עסזאַל און דאָך נישט אויסרעדן קיין וואָרט. און קוקסטו אַריין אַמאָל אין יענעמס אויגן דוכט זיך, אַז זיי זענען גלעזערנע, זעען גאָרנישט; קוקן ווי איבער דיר, דורך דיר, אָבער זעלטן אויף דיר.

וועגן איר ווייס איך נישט קיין סך. דאָס ביסעלע וואָס איך ווייס, וועל איך פּרוּוון דאָ פאַרצייכענען:

צו אונדז איז זי געקומען מיט אַ דריי יאָר צוריק פון ניו־יאָרק, צוזאַמען מיט אַ גרופּע יידישע סטודענטן וואָס האָבן זייער וואַקאַציע געוואָלט פאַרברענגען אין ישראל און דווקא אין אַ קיבוץ, וועגן וועלכע זיי האָבן זיך אָנגעהערט אַזויפיל גוטס. ס׳איז געווען אַן אידעאַליסטישע גרופּע וואָס האָט זיך געוואָלט באַקענען מיט מדינת־ישראל און מיט די קיבוצים אירע, וועלכע שמען אין דער וועלט מיט זייער לעזן אַלע סאָציאַלע פּראָבלעמען, נישטאָ דאָרט קיין רייכע און קיין אָרעמע, נישטאָ דאָרט קיין פּריוואַט אייגנטום, אַלע אַרבעטן און אַלץ געהערט צום כלל, טאַקע ווי אין דער באַרימטער לאָזונג: פון יעדערן לויט זיין כוח, פאַר יעדערן לויט זיין באַדערפעניש.

זי איז געקומען צו אונדז, זיך באַקענען און לערנען אונדזער לעבן, — אויף אַ דריי מאָנאַטן. דערנאָך האָט זי צוזאַמען מיט אירע איבעריקע חברים געדאַרפט זיך אומקערן קיין אַמעריקע צו זייערע היימען און אוני־ווערסיטעטן.

פאַר די געציילטע וואָכן וואָס די סטודענטקע איז ביי אונדז געווען און געאַרבעט האַלבע טעג אין פעלד און אין קיך, האָט זי זיך צוגעבונדן צו אונדזער משק און אויך אפשר צום בן־משק, אַ שלאַנקער שיינער יונג, וועלכער איז נישט לאַנג באַפרייט געוואָרן פון צה״ל, אויסגעטאָן די מיליטערישע בגדים מיט די אָפיצערן־סימנים און צוריק אַרויף אויפן טראַקטאָר פון וועלכן ער איז אַראָפּ איידער ער איז אַוועק אין מיליטער.

געטראָפן האָבן זיי זיך צום ערשטן מאָל אין פעלד, ווי יעקב מיט רחלען ביים ברונעם. זי רופט מען טאַקע רחל, נאָר אים יגאַל. ער איז געזעסן אויפן גרויסן טראַקטאָר אין דער הויך, און הינטער אים האָט דער גלאַנציקער אַקער געשניטן טיפע פאַסן פעטע, שוואַרצע ערד. די ביידן האָבן זיך געצויגן גלייך און לאַנג ביז צום גרינסגאָרטן, ווו רחל מיט נאָך טעכטער פון קיבוץ האָבן דאָרטן געאַרבעט.

יעדעס מאָל ווען דער טראַקטאָר האָט זיך דערנעענטערט צום שטיקל פעלד ווו זי איז געזעסן און געאַרבעט, האָט דער טראַקטאָריסט געשמייכלט צו דער חנעוודיקער אַמעריקאַנערין, — אונטער די ברייטע ראַנדן פון זיין שטרויענעם הוט, וואָס האָט אים געשיצט פון דער ברענענדיקער זון.

רחל איז געזעסן אין אַפּענעם ביידל, די דריי ווענט פאַרצויגן מיט ראַגאָזשעס, דער דאַך צוגעדעקט מיט אַ ברעזענט און דאָס אַלץ האַלט זיך אויף דינע סאָסנע־דרענגלעך, לייכט, אַז יעדער געוויינלעכער ווינט קען דאָס אומוואַרפן. אין דעם ביידל איז זי געזעסן ,רחל, געסאָרטירט און איבערגעקליבן די פריש־געריסענע רויטע פּאָמידאָרן, געפּאַקט אין דינע ברעטלדיקע קעסטלעך צוגעגרייט אויף אָפּשיקן אין שטאָט אַריין.

ווען דער רעש פון טראַקטאָר פלעגט זיך דערנעענטערן און מאַכן ציטערן דעם באָדן אונטער אירע פיס, פלעגט זי אַרויסקוקן פון ביידל און דערזען יגאַלס אָפּגעברענט און פאַרשטויבט געזיכט פון וועלכן עס שמייכלען אַרויס צו איר צוויי שורות געזונטע, ווייסע ציין. שפּעטער אַ ווײַלע, אַז דער טראַקטאָר האָט זיך אויסגעדרייט כדי צו עפענען אַ נייעם בייט, האָט רחל לאַנג נאָכגעקוקט זיינע ברוינע, נאַקעטע, ברייטע פּלייצעס באַדעקט מיט שווייס און געגלאַנצט ווי קופּער אַנטקעגן דער פלאַמיקער זון. אַזוי אים געהאַלטן אויפן אויג ביז דער שטויב האָט אים פאַרשלונגען דאָרט ערגעץ ווייט ביים סוף פון תלם.

ביז איין מאָל איז יגאַל געבליבן שטיין לעם ביידל, אויסגעשלאָסן דעם מאָטאָר, אַראָפּגענומען די טונקעלע שוצברילן פון די אויגן, מיט אַ גרינעם בלאַט געגומען אַרומווישן דעם ווייסן שטויב פון זיי; גלייכצייטיק נישט אַראָפּנעמענדיק זיין בליק פון דעם אַמעריקאַנער שלאַנקן מיידל,

וועלכע איז געזעסן, מכלומרשט פאַרטאָן אין דער אַרבעט.

און פונקט ווי אין חומש אליעזר ביים ברונעם, אַזוי האָט אויך יגאל צו רחלען האַלב אויף שטום-לשון און העלפט מיט רייד איר באַוויזן, אַז ער איז שטאַרק דורשטיק און וואָלט גריילעך צופרידן געווען, ווען זי גיט אים צו טרינקען פון ליימענעם קריגעלע וואָס הענגט אונטערן ברעזענטענעם דאַך פון איר בײדל אַנטקעגן קילן ווינט.

מיט אַ שמייכל אויף איר שיין געזיכט, האָט זי אים געגעבן צום טרינקען און מיט נייגער באַבגעקוקט זיין פאַרריסן, פאַרשטויבט געזיכט, זיין רויט מויל אין וועלכן עס האָט אַריינגעשטראָמט אַ דין שנירעלע זילבערוואַסער וואָס איז געלאָפן פון רונדן ליימענעם נעזל; דעם קליינעם קוים באַמערקבאַרן קנאָפּ פון זיין אָפּגעברענטן האַלדז וועלכער האָט זיך באַוועגט אַרויף-אַראָפּ ביי יעדן שלוק און זי האָט אַרויסגעפּלאַצט אין אַ הילכיק געלעכטער. די מיידלעך אין בײדל האָבן קוקנדיק אויף איר מיטגעלאַכט און יגאל האָט שמייכלענדיק אומגעקערט דאָס ליידיקע קריגעלע דער יונגער אַמעריקאַנערין און לייכט מיט זיין גרויסער דלאָניע געגלעט אירע דינע שולטערן: ילדה טובה! איבערלאָזנדיק אויף רחלס ווייס בלוזקעלע סימנים פון זיינע אין אייל און אין גריז פאַרשמירטע פינגער.

שפּעטער פלעגט מען שוין יגאלן מיט רחלען טרעפן שפּאַצירן אין די אָוונטן אויפן אינעווייניקסטן אַספּאַלטענעם שאָסיי אונטער די ברייטצעצווייגטע פייגנביימער וואָס וואַקסן פון ביידע זייטן און שאָפן פון אויבן ווי אַ גרינעם דאַך איבערן קאָפּ, וואָס ווו-נישט-ווו לייכט זיך אַדורך אַ לבנה-שטראַל.

צוריק מיט דער גרופּע סטודענטן קיין אַמעריקע איז זי שוין נישט געפאָרן, נאָר פאַרבליבן אין אונדזער קיבוץ.

די ערשטע צייט צייט איז רחל אַרומגעגאַנגען צווישן אונדז ווי אַ פאַרבלאָנדזשעטער פויגל, וואָס האָט זיך אָפּגעריסן פון דער סטייע, וואָס איז אַוועקגעפלויגן אָן איר. אָבער גאָר גיך האָט זי זיך אויסגעלערנט פליסיק רעדן עברית, זיך גוט איינגעבירגערט אין דער קיכאַרבעט און מיט עטלעכע חדשים שפּעטער האָבן זיי חתונה געהאַט. יגאל איז אַ פּעלאַך —

דער טראַקטאָר איז זיין צווייטע היים; רחל איז אַ לערערין פון ענגליש און מאַטעמאַטיק אין די העכערע קלאַסן.

איצט אין די טעג פון פעריען אַרבעט זי די עטלעכע וואָכן אין עפלסאָד...

* * *

קענטיק זיך פאַרטראַכט. מיין שותפטע ביי דער אַרבעט, רחל, רופט מיך אַריבערגיין צום צווייטן בוים, ווייל דער איז שוין עפל־ריין.

## רעגנטעג

ווען די חקלאים (לאַנד־אַרבעטער), זענען שוין געווען כמעט לאחר יאוש, זיך געשראָקן, אַז עס קומט אָן אַ שנת־בצורת — און די פּאַרזייעטע זריעה וועט פאַרברענט ווערן אין די אויסגעטריקנטע בייטן — האָט אין דער צווייטער העלפט פון חדש טבת גענומען רעגענען. דער טרוקענער באָדן האָט דאָרשטיק איינגעזאַפּט די ברכה־וואַסערן, וועלכע האָבן שטראָמענדיק פאַרפלייצט און אָנגעטרונקען פעלד און בייט; אָפּגעפרישט סעדער און פרדסים. וואָס נאָך דעם ווי פון זיי איז דער ווייסער שטויב אַראָפּגעשווענקט געוואָרן, האָבן די בלעטער אויסגעזען פריש און גלאַנציק, ווי מען וואָלט זיי מיט גרינער פאַרב אָרומגעשמירט. ווי קליינע זונען — האָבן דורך די געדיכטע בלעטערקנוילן זיך צעשיינט, די גאָלדיק־ליכטיקע אַפּעלסינען.

שפּעטער זענען שוין די רעגנס געקומען רעגולער און די מורא פאַר אַ שנת־בצורת איז פאַרשוווּנדן. אָפּגעגאָסן אַ טאָג צוויי און דער פאַרכמאַרעטער הימל האָט זיך ווידער אויסגעלייטערט. די פייגל פליען פריילעכע און פאַרפולן מיט געזאַנג דעם דרויסן. די לופט איז וואַרעם און אָנגענעם, די זון גלעט מחיהדיק, ווי זי וואָלט מיט אַ מאָל אַלע אירע בריענדיקע שטראַלן פאַרלאָרן.

נאָר אויף דער דריטער וואָך פון חודש שבט, האָט אָנגעהויבן מבלען אָן אויפהער, טעג לאַנג. דער הימל איז פאַרצויגן מיט געדיכטע שוואַרצע וואָלקנס. אָט גיט זיך אַ לויטער כלומרשט, דער רעגן ווערט דינער, שוואַכער עטוואָס; באַלד פּאַטשן ווידער געדיכטע גראָבע טראָפּנס אָן אויפהער, מיט נייעם כוח.

די גראָזטעפּיכער אין קיבוץ זענען שוין פול פאַרפלייצט מיט וואַסער. די ווייסגעקאַלכטע וווינונגען זענען ווי קלענער און טונקעלער געוואָרן. די עצי נוי (ביימער פאַר באַפּוצונג) אַרום די שטיבעלעך, — שטייען פול און אָנגעזאַפּט מיט פייכטקייט, זייער ליכטיקע קאָרע איז צעשמיסן פון רעגן און ווינט און שיילט זיך. דער אינעווייניקסטער שאָסיי וואָס פירט

צום עסזאַל, איז רייך אויסגעוואַשן, אַז מען קען דורכן שוואַרצן אָפּגעריי־בענעם אַספאַלט ציילן יעדעס שטיינדעלע פון אים.

די פעלדאַרבעט איז אָפּגעשטעלט, קיין טראַקטאָר קען נישט אַרויס־פאָרן. דער מאַראַנצן־שניט איז איבערגעריסן געוואָרן. פעטע שוואַרצערד איז דער באָדן אין פּרדס, קלעפּיק ווי רויטער ליים, אַ סכנה אַ פוס אַריינ־צושטעלן.

די טראַקטאָרן שטייען אין גאַראַזש. חברה פאָרען זיך ביי די שרייפּ־לעך, ביים אָפּגעקילטן ראַדיאַטאָר. מען שמירט מיט אַ געדיכטן בלויען אייל זיין איינגעווייד; מען פּילט אָן מיט אַ געלן גריז די אויסגעליידיקטע רערלעך, פאַרשרויפן צוריק די אייזערנע דעקלעך, ווישן אָפּ די הענט אָן שמאַטקעס און לויפן מיט איבערגעדעקטע קעפּ צום חדר־האכל זיך דער־וואַרעמען ביי אַ גלאָז טיי, ביי אַ טעפּעלע קאַווע, ביי אַ היציקן שמועס...

דער גאַנצער טומל איז איצט אין עסזאַל. דער עולם, אָנגעטאָן אין אַרבעטס־קליידער, איינגעוויקלט אין אַלטע קורטקעס — וועלכע מען האָט שוין יאָרן־לאַנג נישט געניצט — מיט פאַרוואַקסענע פּנימער אַז מען קען באַלד נישט דערקענען ווער איז ווער? אַ מישמאַש פון מענער און פרויען. אויך זיי גייען אין הויזן, דער עיקר — די יונגערע. דער רויך פון פּאַפּי־ראָסן שלענגלט זיך, מישט זיך אויס מיט דער פּאַרע פון די טשייניקעס טיי, וואָס שטייט אויף די טישן. דער עולם פרישטיקט.

גרויס און הויך איז דער חדר־האכל, אַ סך פענצטער און דאָך ברע־נען אַלע עלעקטרישע לאָמפּן; דער געדיכטער רעגן, וואָס פּאַטשט אין די שויבן פאַרשטעלט דאָס קאַרגע ליכט וואָס שפּאַרט זיך פון דרויסן.

דורכן טומל שרייט מען זיך איבער פון טיש צו טיש:

— גיב אַ סיגאַרעטל, פאַרגעסן צו נעמען ביים עקאָנאָם!

— זענען אָנגעצונדן אַלע עלעקטרישע אייוועלעך אין די היבער־שטייגן?

דאָס פרעגט אַ חבר, וואָס אַרבעט אין לול, ביי אַ פרוי מיט אַ יונג געזיכט מיט אַ לאָק גרויע האָר וואָס שפּאַרט זיך דורכן בערעט איבער איר ליכטיקן שטערן.

וואָרן די לאָסטשיף „השלשה" מיט איר מאַנשאַפט, זיבעציק קילאָמעטער דרום־מעריב זייט פון נעאַפּאָל. דריי פון די עלטסטע אַמעריקאַנער חלל־פליער זענען פאַרברענט געוואָרן לעבעדיקערהייט אין זייער קאַבינע אויף דער אַפשיקבאַזע. דער ערשטער ישראלדיקער פּאָליציי־מיניסטער איז נפטר געוואָרן אין עלטער פון צוויי און זיבעציק יאָר.

אין אָט די טרויעריקע נייעס רייסט זיך אַריין דער קלינגענדיקער געלעכטער פון מיינע צוויי שותפטעס ביים טיש. אוודאי האָבן זיי זיך דערציילט עפּעס פּיקאַנטס. איך האָב זייטיק אַ קוק געטאָן: דאָס מיידל אין מיליטערישן גרינעם סוועטער האָט אויסגעטאָן איר גרין היטעלע, וואָס איז ווי אַ שיפּעלע עטוואָס זייטיק געריטן אויף אירע קאַשטאַן־האָר, זי האָט עס געהאַלטן אין האַנט און באַטראַכט, ווי זי וואָלט פון דעם געוואָלט עפּעס אַרויסלייענען. זיי האָבן אַ ווײַלע געשוויגן, ערנסטער געוואָרן, די פריערדיקע לייכטקייט פון זייער שמועס איז פאַרשוווּנדן און נישט ווילנ־דיק זענען מיר די ווערטער פון מיין צייטונג צעשוווּמען; דערהערנדיק ווי די חיילת פאַרטרויט זיך איר חברטע:

„... אַז אַ בת־משק גייט אַוועק אין מיליטער מאַכט זי דורך צוויי קריזיסן: איינס — דאָס אָנטרעפן זיך מיטן אַרמיי־לעבן; דאָס צווייטע — ווען זי קערט זיך אום צוריק אין איר קיבוץ. פאַראַן אפשר אַ טייל טעכ־טער, וואָס ביי זיי איז די צוויי יאָר זיין אין מיליטער נאָר אַ דורכלויפנ־דיקער עפּיזאָד, אָבער איך געהער נישט צו די..."

די צוויי האָבן אַ ווײַלע געשוויגן. געגעסן זייער ברויט מיטן סאַלאַט און פאַרטרונקען מיט קליינע זופּן טיי.

אין חדר־האכל איז שוין דער רעש שטילער געוואָרן. אַ טייל איז אַוועק אין קושטאַל, אין די לולים, אין די קינדערהייזער און טייל — צו זיך אין די וווינונגען, אָנצינדן דעם „פייערסייד", ליגן אויפן סאָפע און לייענען אַ בוך אָדער שפּילן אַ שאָך מיטן שכן און האָבן הנאה וואָס דער רעגן האָט צוגעגעבן אַ געשענקטן שבת...

דער עסזאַל איז איצט ליידיקער געוואָרן. די שטולן צערוקט, אויף די שטענדיק־ריינע טישן — אָן אומאָרדענונג, אָנגעוואָרפן ברעקלעך ברויט,

ביי אַ זייטיק טישל, אין אַ ווינקל, אונטער אַ גרויס איילבילד פון דער מאָדערנער מאָלעריי — זיצן עטלעכע חברים פון די ייִנגערע און פירן אַ הייסן ויכוח מיטן מאָלער, וואָס טראָגט אַ קליין שפּיציק בערדל, וואָס מאַכט זיך, אַזוי אויך, לאַנג געזיכט נאָך לענגער.

זיי אַמפּערן זיך מיט אים וועגן דער אַבסטראַקטער מאָלעריי וועלכע רעדט נישט צום האַרצן און נישט צום שכל, און וואָס פאַר אַ שייכות האָט עס צו אונדזער לעבן? ס׳איז נאָר געשמירט איילפאַרב און געפּטרט גוטע לייוונט...

דער מאָלער — אַ בן־משק — פאַרטיידיקט זיך, דער רעש שלינגט איין זיינע רייד.

— נישט גענוג איז צו באַשטימען — דונערט אַ שטימע — מ׳דאַרף נאָכקאָנטראָלירן צי זיי ווערן אויסגעפירט און ווי אַזוי זיי ווערן אויס־געפירט!

דאָס דונערט אונדזער מזכיר (סעקרעטאַר), וואָס איז געוווינט אַלע מאָל צו רעדן בקול רם, אַפילו דאַן, ווען ער פאַרטרויט אַ סוד... ער איז פון די עלטערע חברים דאָ, געווען אַ פּאָליטרוק אין צה״ל — בעת מלחמת־השחרור, אין ראַנג פון אַ מאַיאָר. דאָס שמועסט ער אַזוי מיט איינעם פון דער פאַרוואַלטונג, ביי אים איז עס אַ געמיטלעכער שמועס.

צו מיין טיש האָבן זיך צוגעזעצט צוויי טעכטער — איינע אין געוויינ־לעכער פרויען־קליידונג פאַרוויקלט אין אַ דינעם רעגנמאַנטל, די צווייטע אין מיליטערישע בגדים פון כאַקי־קאָליר און אין אַ גרינעם קורצן זשאַ־קעט. זייערע יונגע פּנימער גלאַנצן פון די רעגנטראָפּנס, וואָס וויפל זיי ווישן בלייבט נאָך איבער אַ דינער שיכט פייכטקייט. זיי מישן זייער טיי און שמייכלען איינע צו דער אַנדערער. ביידע נישט לאַנג פון שול־באַנק אַראָפּ, נאָר איינע איז אַוועק אין צה״ל, די צווייטע האָט חתונה גע־האַט. זיי פּלאַפּלען שטילערהייט. וואָכנלאַנג זיך נישט געזען און עס האָט זיך אָנגעקליבן פאַרשידענע נייעסן, פאַראַן וועגן וואָס צו רעדן, זיי טיילן זיך מיט איבערלעבונגען. איך הער נישט זייערע רייד, איך לייען אַ צייטונג.

די היינטיקע צייטונג ברענגט טרויעריקע ידיעות: דערטרונקען גע־

אַש פון סיגאַרן, פאַרגאָסענע טיי. די דיזשורירנדיקע מיידלעך אין ווייסע פאַרטעכלעך און קאָקעטיש־פאַרבונדענע קעפּ, ווישן אָפּ, קלייבן צו, צע־שטעלן אַלץ אויף אַן אָרט. ברענגען אַריין אָרדענונג אין דעם כאַאָס וואָס די חברים האָבן דאָ איבערגעלאָזן. ביי געציילטע טישלעך זיצט מען נאָך, ווער עס קוקט אַריין אין אַ צייטונג, ווער עס גענעצט סתם אַזוי איבער זיין גלאָז קאַווע; במילא נישטאָ וואָס זיך צו איילן אין אַזאַ רעגנדיקן טאָג.

איך ביי מיין טישל זיצן נאָך די צוויי טעכטער און שמועסן. דאָס שוואַרץ־האָריקע יונג ווייבעלע מיט די שמייכלענדיקע אויגן רעדט עפּעס אַריין אין איר חברטע, נאָר די חיילת איז ווי פאַרטראָגן אין אַנדערע וועלטן, אירע ברוינע מאַנדלאויגן קוקן דורכן פענצטער צום כמורנעם דרויסן, מיט אירע דין־געשניצטע פינגער קנעט זי אַ ווייך שטיקל ברויט אויף דער פאַרמייקע פון טישל. אין אַ ווילע אַרום זענען צו מיר דער־גאַנגען אָפּגעריסענע זאַצן:

„מיינע ערשטע טעג אין מיליטער האָב איך זיך געפילט, ווי אַ נאַר־וואָס געבוירן הינדעלע, וואָס קען קוים־קוים אַרויסרוקן זיין שנעבעלע דורכן שאָלעכץ פון דער איי... אָט דאַרפן אויף מיר אָנוואַקסן פליגל... איך האָב זיך געפילט פרעמד צווישן די מיידלעך געקומענע פון שטאָט... זיי האָבן איינע די אַנדערע געפרעגט אין וואָס פאַר אַ קלייד זאָל מען זיך פאַרפּוצן היינט אָוונט ?...״

זיי האָבן זיך ביידע אויפגעהויבן און מיך איבערגעלאָזן ביים נאַקעטן טישל. איך האָב אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער. דער דינער רעגן האָט געשמיסן אין דער קרים, אָבער די מיידלעך זענען געגאַנגען געאָרעמט און נישט פאַרגיכערט זייער גאַנג. איינע, אַ שלאַנקע, אַ לייכטע, ווי אַ סאַר־נע; די צווייטע עפּעס נידעריקער, מיט אַ שווערלעכן טראָט, אַ פּולבלעכע, די שוואַנגערשאַפט האָט זיך שוין געלאָזן באַמערקן. דער בלוילעכער צעעפנ־טער שירעם איבער זיי האָט ווי אַ קליינער טורעם זיך צוזאַמען מיט זיי דערווייטערט און דערווייטערט.

אברהם לעוו

## דער יונגער טאָפּאָל

אַ וואָך נאָך אַנאַנד האָט געגאָסן דער רעגן, פון צייט צו צייט באַגלייט מיט שטאַרקע ווינטן. מיין יונגער טאָפּאָל וואָס איך האָב אים פאַרפלאַנצט מיט עטלעכע יאָר צוריק נעבן מיין פענצטער, האָט שוין פאַרלאָרן דאָס לעצטע בלאָט זיינס; דער שטורעמווינט האָט עס מיט אַ רציחה אַראָפּגע־ריסן און ערגעץ ווו פאַרטראָגן.

שבת האָט זיך אויסגעלייטערט. אין דער פרי איז נאָך געווען קאַלט און כמורנע, דערנאָך איז אַרויס די זון. די חברים האָבן מיטאָגצייט גע־מוזט אויסטאָן די סוועטערס. די קלענערע קינדער זענען זיך צעלאָפן אי־בערן משק, ווי הינער פון אַ שטייג. די יונגע מאַמעס האָבן זייערע עופּע־לעך אַרויסגעטראָגן אין דרויסן, זיי זאָלן כאָטש געניסן אַ פּאָר שעה פון דער ווינטערדיקער זון.

אין קיבוץ זעט אַלץ אויס ווי אַרומגעוואַשן. די אויף ווייס־געקאַלכטע בנינים האָבן באַקומען אַן אַנדער קאָליר — אַ טונקל־העלן. די הילצערנע צריפים זענען שוואַרץ פון פייכטקייט, די ברעטער זייערע אָנגעקוואָלן מיט וואַסער. אין גערטעלע נעבן שטוב האָבן אַרויסגעשפּראָצט גרינע קוקורוזע־בלעטעלעך, וועלכע מיין קלייננער זון האָט פאַרפלאַנצט נאָך פאַרן רעגן.

אויך דער יונגער טאָפּאָל איז ווי גלייכער, שלאַנקער געוואָרן, און זיינע דינע ווייסע ריטעלעך, ווי דורכזיכטיקע פינגער, ציען זיך פאַרבענקט צו דער זון.

## דער ערשטער רעגן

דער ערשטער רעגן. דער ערשטער ברכהדיקער רעגן. די פעלדער זענען שוין געווען אין דער סכנה אויסגעטריקנט צו ווערן צוזאַמען מיט דער זריעה, וואָס מען האָט אין זיי באַהאַלטן. עטלעכע טויזנט דונאַם האָט מען שוין געדאַרפט פריש איבעראַקערן און פון דאָס ניי פאַרזייען, ווייל

די פריערדיקע פאַרזייונג איז פאַרברענט געוואָרן אין דער שוואַרצער און הייסער ערד, וואָס איז געלעגן פאַרשמאַכט.

איצט, אין דעצעמבער, איז אַראָפּ דער לאַנג געגאַרטער רעגן, וואָס האָט אָפּגעפרישט און באַדעקט די גראָזן אויף דער ערד מיט פרישקייט, און מיר דוכט, אַז די מענטשן זענען אויך ווי פרישער געוואָרן.

די לופט איז נאָך די שווערע און שפּעטיקע היצן, אָפּגעקילט געוואָרן און עס אָטעמט זיך פרייער. דער שטויב פון די פּרדסים־בוימער איז אַראָפּגעשווענקט געוואָרן און עס גלאַנצן פון פייכטקייט די געלע ציטרינען, וואָס קוקן חנעוודיק אַרויס דורך דער געדיכטער באַבלעטערטקייט. די גרויסע גרעיפּפרוכט הענגען אַראָפּ שווערע און צייטיקע און זייער רונדקייט וועסטו מיט צוויי הויפנס נישט אַרומנעמען.

איך האָב ליב נאָכן רעגן אַרומשפּאַנען אין דער פייכטקייט פון פּרדס, ווען טראָפּנס, וואָס גלאַנצן ווי בורשטינען אויף די בלעטער, טריפן מיר אין קאַרק אַריין. אַ פייכטע יאַשטשערקע, שלאַנק און דין, ווי אַ שלאַנג, דרייט אויס איר דריי־עקיק קעפּל צו מיר, באַטראַכט מיך אַ סעקונדע און ווערט פאַרשווונדן אונטער אַן אָפּגעדעקטן וואָרצל.

די לופט איז אָפּגעקילט פון רעגן. אַ לייכטער ווינט צעטרייבט די נידעריקע וואָלקנס, וואָס קלייבן זיך צונויף און פּרווון יעדעס מאָל ווידער אונטערשפּריצן, ווי אַ קינד נאָכן אַנטווינען כליפּעט נאָך אונטער פון צייט צו צייט.

דאָס בערגל מיט די הייזער ליגט היינט אויך ריין אַרומגעוואַשן, די הייזלעך קוקן אויס ווי אָפּגעצוואָגן, און זייערע משופּעדיקע דעכער זעען אויס היינט שפּיציקער ווי אַלע מאָל. נאָר דער גרויסער און ברייטער חדר־האכל ליגט אויך נאָכן רעגן צעשפּרייט אין זיין גאַנצער גרויס, צוגע־דעקט מיטן פלאַכן בעטאָנענעם דאַך און קוקט אַראָפּ, ווי אַ הערשער איבער דער גאַנצער געגנט.

אויף דער טעראַסע פון גרויסן בנין שטייען זיי איצט אונדזערע פעלאַכן, ירקוני און דזעקצער, יאַנקל לבדי און ברוך קלמן, זיי קוקן אויפן דרויסנדיקן וועטער און מען זעט באַשיימפּערלעך די פרייד פון זייערע

אָפּגעברענטע געזיכטער: זייער מי, וואָס זיי האָבן אַריינגעלייגט אין דער ערד, איז דאָך נישט פאַרלוירן געגאַנגען. כאָטש דאָס האָט זיך געוויגט אויף אַ האָר, כאָטש געציילטע טעג אָן רעגן האָבן געקענט פאַרברענען און צונישט מאַכן זייער האַרעוואַניע. זיי מעסטן און שאַצן וויפיל מילימעטער רעגן איז אַראָפּ און טאַפּן דורשטיק מיט די אויגן וואָלקנס, וואָס הענגען נידעריק: וויפל וועלן זיי נאָך אַראָפּגיסן? זיי דינגען זיך, ווי אַמאָל זייערע עלטערן אין בית־מדרש ביי אַ שווערער סוגיה פון דער גמרא.

## שניי

אין דער פרי, ווען די חברים זענען אַרויס פון די צימערן, האָט זיי אַ בלענד געטאָן די פרישע ווייסקייט, וואָס האָט זיך דאָ צעשפּרייט איבער דער נאַכט. די ערד, די ווערענדעס, די דעכער און ביימער, זענען געווען איינגעדעקט מיט געדיכטן שניי. גאַרנישט האָט מען געזען אַחוץ בלענדנ־דיקן ווייס, וואָס האָט ביז ווייטיק געשניטן אין די אויגן מיט דער אויסער־געוויינלעכער קלאָרקייט.

אונדזער קיבוץ האָט אויסגעזען אין פרימאָרגן, ווי אַ פּויליש דאָרף אין מיטן ווינטער. דער גאַנצער אַרום האָט געענדערט זיין פּנים, ווי איבער נאַכט וואָלטן מיר ערגיץ אַריבערגעוואַנדערט אין אַ שניי־לאַנד. אַ בייער פּייזאַזש האָט זיך אַנטפּלעקט, ווי אַן אויסגעחלומט קינדער־מעשהלע.

זקנים, דאָ געבוירענע, געדענקען נישט, אַז פאַר זייער צייט זאָל אין אונדזער לאַנד פאַלן אַ שניי לענגאויס דעם ים־ברעג. טיפער אין לאַנד, אין די בערג, אין ירושלים און צפת, קען טרעפן אַמאָל אין אַ נאַווינע, אַז ווינטער זאָל אַראָפּפאַלן שניי, אָבער נישט אין לאַנדפאַס, וואָס לויפט ביים ברעג ים.

גרויס איז געווען די שמחה ביי די קינדער, וועלכע האָבן וועגן שניי געהאַט נאָר אַ פאַרשטעלונג, אויף וויפל עס האָט זיי געקענט געבן דאָס בוך אָדער דער קינאָ, אָבער ממש שניי האָב זיי קיין מאָל פאַר די אויגן

נישט אַנגעזען. זענען זיי טאַקע געווען די ערשטע, וואָס האָבן זיך אַ לאָז געטאָן איבערן פרישן שניי, געגומען אים אין די הענט און דערפילט, אַז ער בריט. דאָס קליינוואַרג פון קינדער־גאָרטן, זענען מיט געפראָרענע פינגערלעך אַוועקגעלאָפן צו דער מטפלת און מיט טרערן אין די אויגן געוויזן זייערע רויטע פינגערלעך, וואָס האָבן זיי ווייטיקדיק געבריט.

די גרעסערע קינדער האָבן זיך גענומען באַוואַרפן מיט שניי־שנעזשקעס און אויסקייקלען שניי־מענטשן און באַקליידן זיי מיט פאַר־שידענע פּרצופים.

אויך די חברים האָבן אויפגענומען דעם אויסטערלישן שניי־טאָג מיט פריילעכקייט אויף זייערע תמיד ערנסטע געזיכטער, און לאָמיר זיך דאָ מודה זיין: צום ערשטן מאָל האָב איך געזען אַ גאַנצן קיבוץ מיט מענטשן, וואָס שמייכלען און גיבן אָפּ איינער דער אַנדערן: שלום!

געוויינלעך לויפט מען אין דער פרי איילנדיק פאַרביי איינער דעם צווייטן, יעדער איינער יאָגט זיך צו זיין אַרבעט. דאגות זענען דאָ גענוג. די אַרבעט ברענט, מענטשן פעלן. און דאָס האָט מען נאָך נישט באַוויזן און יענץ האָט מען נאָך נישט אַראָפּגענומען און מיטן אַרבעטס־פאַרטיילער האָט מען זיך נעכטן אין אָוונט צעקריגט און ס'האָט אויך נישט געהאָלפן...
נאָר היינט, ווי דער שניי וואָלט אַראָפּגעווישט די זאָרגן פון אַלעמענס פּנימער און זיי אויסגעלויטערט.

אָבער נאָך דער פרייד איז געקומען די אויסניכטערונג. דער באַנאַכ־טיקער שניי־שטורם האָט צעריסן די עלעקטרישע דראָטן, איינגעוואָרפן סלופּעס, פאַרפּלאָנטערט די וועגן, וואָס פירן צו אונדזערע פעלדער און איינגעדעקט מיט שניי די אַלע געוויקסן, וואָס זענען נישט געוווינט צו אָט דער קאַלטער טעמפּעראַטור.

אונדזערע בוימער־אַלייען, וואָס ציען זיך אין פיינע שורות איבער דער מחנה, האָבן זיך געבראָכן אונטער דער לאַסט פון שניי, וואָס האָט זיך געלייגט אויף יעדן בלעטעלע און צווייג, די שוואַכע פיקוס־בוימער האָבן זיך צעריסן אויף צווייען. דער שניי האָט פון די בוימער אָפּגעריסן גאַנצע אָרעמס און צעבראָכן די קרוינען, וואָס האָבן יאָרן־לאַנג אַזוי שטאָלץ זיך

געהויבן צום הימל. די בלעכערנע דעכער פון די צריפים האָבן זיך געבויגן אונטער דער ווייסער מאַסע און געדראָט זיך אונטערצוגעבן דעם אָנגע־פּאַלענעם שניי.

און דאָך טראָץ אַלע פּורעניותן, וואָס דער שניי האָט מיט זיך געבראַכט, איז געווען עפּעס אָנגענעמס אין דעם, וואָס די נאַטור האָט זיך צעבונטעוועט קעגן סדר־העולם. אָט דאָ אין לאַנד פון די חמסינים און טראָפּישן קלימאַט, האָבן זיך אַ טראָג געטאָן די צפונדיקע פרעסט און שנייען.

אין שבט־חודש בליט שוין דאָ דער מאַנדלבוים, די פעלדער ווערן באַדעקט מיט בלימעלעך, מיט נאַרציסן, מיט די רויטע כלניות, וואָס שפּרייטן זיך איבער ערד און פליינען און גיבן צו אַזויפיל פאַרב דעם קורצן פרילינג. היינט איז דאָ אײן בלענדיק ווייסע ליכט. אַלע פאַרבן זענען פאַרשוווּנדן, נאָר דער ווייסער שנייטעפּיך דעקט איין פעלד און קוסט, בוים און הויז.

אין דעם שנייאיקן פרימאָרגן אויפן פלאַכן, מיט שניי־באַדעקטן, דאָך פון אונדזער גרויסן חדר־האוכל, האָט זיך אַנטפּלעקט אַ ווייסע וועלט, די ווייטקייטן האָבן זיך אָפּגעוויקלט, אין מערב־זייט ביזן ים און אין מזרח ביז דער קייט פון די יהודה־בערג. האָריזאָנט און שניי האָבן זיך צונויפ־געטראָפן און זיך אַרומגענומען און איינגעשלאָסן די וועלט אין אַ לע־גענדאַר ליכט, וואָס וועט זיך געדענקען אויף אַ סך יאָר.

## פרילינג

ס׳איז צוויי וואָכן נאָכן שנייטאָג און דער דרויסן איז שוין ווידער זוניק. די טעג זומערדיק הייסע, כאָטש ס׳איז נאָך אין מיט פעברואַר.

די הויכע גראָזווילייעס באָדן זיך אין זון. די קליינע בלעטלעך באַוועגן זיך לייכט פון ווינטל וואָס שפּאַצירט אַרום אַן אומגעזעענער אין די דינע צווייגן.

און ביי אונדז גרייט מען זיך שוין צום פּסח.

פון די יידישע יום־טובים איז אין אונדזער סביבה ווייניק געבליבן. אויסגעליידיקט פון רעליגיעזן אינהאַלט, איז די שאָלעכץ נאָר געבליבן. אַזוי איז מיט יום־כיפור, ראש־השנה, און אַפילו סוכות. נאָר צוויי יום־טובים זוכן מיר אַריינטאָן אין זייער קדמונדיקער פאָרם אונדזער היינטיק לעבן: פסח, דער יום־טוב פון באַפרייונג (חג חרותנו) און שבועות, דער יום־טוב פון צייטיקייט (חג הביכורים). מיר פרוון זיי געשטאַלטיקן פון דאָס־ניי און אָפּפרישן מיט יענע פייערונגען, ווי עס האָבן אַמאָל געטאָן אונדזערע דאָ אויף דער זעלבער ערד, ווען דער בית־המקדש איז געשטאַנען.

מיר זוכן, אָבער עד־היום נאָך נישט געפונען, דעם אמתן צוגאַנג. די אַלטע מסורה איז טאַקע געבליבן, אָבער מיר האָבן זיך געענדערט. צו דעם וואָס איז געווען מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק קען מען זיך נישט אומקערן, און קיין נייע מסורה האָט מען נאָך נישט באַוויזן צו שאַפן.

פייערן די קיבוצים די סדר־נאַכט יעדער אויף זיין אופן די ספּעציעל צוגעגרייטע הגדה — ווו צום אַלטן ווערן אויך צוגעגעבן נייע קאַפּיטלען פון אונדזער איצטיק לעבן, — זי איז נישט איינהייטלעך. יעדער גיט צו פון זיין אַרט און שטייגער. זי איז נישט קיין אַלגעמיינע ווי אונדזערע עלטערן האָבן אַמאָל צונויפגעשטעלט און זי אַוועקגעלאָזט איבער דער גאַנצער יידישער וועלט און איבער צענדליקער דורות.

אונדזער הגדה איז דערווייל אַ לאָקאַלע. מען קלערט וועגן דעם, כדי זי צונויפגיסן אין איין גוס, נאָר דערווייל טוט יעדער משק לויט זיין כוח, צו פאַרשענערן דעם חג־החרות און אויף אונדזער לוח המודעות הענגען שוין פאַרשידענע מעלדונגען פון די ועדות, און מען דערמאָנט די חברים אָנטייל צו נעמען אין כאָר, לכבוד דעם סדר, וואָס ווערט יאָר־יערלעך געפייערט אויף אַ גאָר דערהויבענער מדרגה.

אין דרויסן בליען שוין די מאַנדלבוימער. און פון די סעדער לאָזט זיך שוין הערן דער קול פון טורקלטויב.

אברהם לעוו

# קטיף

(מאַראַנצן־שניט)

שוין טעג ווי עס רעגנט. שוין די צווייטע וואָך ווי עס הערט נישט אויף צו גיסן, אַמאָל שטאַרקער, אַמאָל שוואַכער. דער הימל וויל זיך בכלל נישט אויסלייטערן, און אויב עס גיט יאָ אַ מאָל אַ שיין אַ שטיקל זון, ברענגט דער ווינטערדיקער ווינט צוטראָגן וואָלקנס און ווידער רעגן.

די פעט־שוואַרצע ערד האָט זיך שוין אָנגעטרונקען צו דער זעט. זיך שוין איבערגעטרונקען. קען אין זיך שוין נישט אַריינגעמען אַפילו אַ טראָפּן. ליגט זי אַ צעווייקטע, אַ געדיכטע, אַ קלעפּיקע. שטעלסטו אַריין אַ פוס, איז אים שוין שווער אַרויסצוציען פון דער געדיכטער קלעפּיקייט, און אויב דיר געלינגט שוין אַרויסצוציען, בלייבט שטעקן אין דער טיפעניש דער שטיוול און בלייבסט מיט אַ נאַקעטן פוס אין דרויסן...

דער מאַראַנצן־סאַד איז אַדורכגעווייקט. ביים קלענסטן באַריר פון די בלעטער — רינען געדיכטע טראָפּנס, וואָס גליטשן זיך אַריין גלייך אונטערן קאָלנער און באַנעצן דיך, ווי גרויס דו ביסט.

נאָר מען מוז שניידן די פּרוכט. די בוימער זענען הויך, קריכט מען אויף לייטערס. ווערט דער לייטער באַדעקט מיט אַ קלעפּיק־ליימיקער שוואַרצקייט, וואָס עס טראָגן אָן די שטיוול אויף די שטאַפּלען. קלעפּט זיך די פעט־שוואַרצע ערד צו די בגדים, צו די הענט, צו די פינגער, קריכט אַריין אונטער די נעגל און דו האָסט דאָס געפיל, ווי דו וואָלסט זיך געטונקט אין געדיכטער בלאָטע, וואָס באַקלעפּט דיך פון אַלע זייטן.

די גרעיפּפרוכט, וואָס מיר שניידן, איז ווייס און ליכטיק און געוואַשן פון רעגן. די גרינע בלעטער מאַכן נאָך ליכטיקער די העלקייט זייערע. יעדע גרעיפּפרוכט איז גרויס ווי צוויי פויסטן און אָנגעפילט מיט זאַפט, און אַז עס גליטשט זיך אַרויס אַזאַ הערלעכע פּרוכט פון שניידערס האַנט און פאַלט אַריין אין דער שיטערער בלאָטע, איז אַ ווייטיק צו זען, ווי שוואַרץ עס ווערט. אָבער מען שניידט, קיין ברירה נישט. די פּרוכט דאַרף

צוגעשטעלט ווערן צו דער צייט אין פּאָרט, ווייל די שיף וועט נישט וואַרטן.

איך זע די חברים, וואָס שניידן, וואָס פירן אַרויס די פּרוכט, זיי זענען פאַרקלעפּט מיט בלאָטע, שלעפּן אַרויס די פּולע און אָנגעפּילטע קעסטלעך גרעיפּפרוכט פון אונטער די בוימער און פירן עס אָפּ אין פּאַקשטוב. אַ גרויסער שפּייכלער, וואָס קען אין זיך אַריינגעמען טויזנטער קאַסטנס. די טויערן פון פּאַקשטוב זענען אָפן, און ער שלינגט, און שלינגט די קאַסטנס און ווערט נישט זאַט...

אַלע זענען דאָ איינגעשפּאַנט אין דער אַרבעט. קיינער האָט נישט קיין צייט אַ קוק צו טאָן אויפן צווייטן. וואָלט אַ פרעמד אויג איצט אַריינגעקוקט אויף אונדזערע פאַרשמירטע בגדים און מידע צעווינטיקטע און פייכטע פּנימער, וואָלט זיך אים געדוכט, אַז נישט קיין אַרבעטער האָרעווען דאָ, נאָר אַ באַנדע פאַרברעכער ווערן געפּייניקט אוממענטשלעך מיט קאַטאָרזשנע אַרבעט, פאַר זינד, וואָס מען קען גאָר אויף די ליפּן נישט אַרויפּברענגען.

אָבער די אַרבעט ווערט דאָ געטאָן. מען פילט נישט די בלאָטע, אין וועלכער מען וויקלט זיך, די שווערקייט ווערט גרינג. אין אָוונט וואַרט אויף זיי אַ וואַרעמע היים און אַ קינד און די פרייד פון באַגעגעניש מיט חברים. מען פילט די גרויסע זאַך, וואָס ווערט דאָ אויפגעטאָן צוזאַמען און פאַר אַלעמען.

## דיכטער און ערד־אַרבעטער

איך האָב היינט דערהאַלטן אַ בוך לידער פון דעם העברעישן דיכטער און ערד־אַרבעטער משה באַסאָק, אַ חבר פון משק אשדות יעקב. האָט פון בוך אויף מיר אַ ווייע געטאָן מיטן געזונטן ריח פון פעלד, מיטן אָטעם פון אויפגעריסענעם בייט, מיט דעם ציטער פאַרן אויפגייענדיקן זאַנג נאָכן פאַרזייִ, אַז עס ווילט זיך גלייך מיט אים נאָכזאָגן די תפילה:

„פאַרזיי, גאָט,
נעם דו און פאַרזיי,
מיט דיין האַנט און באַווילינג.
מאַך וואַקסן דעם קערן,
באַגאָלדיק די ווייץ
און באַפרילינג".

(פון ליד: מאחרי הזורע).

„מאחרי הזורע" (אין טריט פונעם זייער) הייסט דאָס ערשטע ליד אין בוך און אַזוי רופט ער אָן דאָס גאַנצע בוך, וואָס איז איין גרויס געזאַנג צום פעלד און צו דעם, וואָס באַאַרבעט און באַפרוכפּערט עס.

אַזוי ערלעך און אויפריכטיק זינגען קען נאָר דער, וואָס איז פאַרליבט און פאַרקנסט צו דער ערד דורך אַרבעט און מי. אָטעמען טאָקע זיינע לידער מיט אַזויפיל איבערלעבונג און אמתן געפיל.

און איך, ווי אַ מענטש פון פעלד, זאַפּ זיי איין, טרינק זיך אָן מיט זיי, ווי תבואה־פעלדער מיט פאַרטאָגעדיקן טוי, ווייל ס'איז מיר נאָענט זיין ליד, וואָס גייט אויף אַזוי אמתדיק פון די שורות, ווי אמת ס'איז די ערד און דאָס ברויט, וואָס וואַקסט אויף איר.

דער דיכטער ווייסט:

„אָט דאָ איז אַ וועג פאַרן מאַן.
ער גייט זיך זיין גאַנג און ער זינגט,
ער גייט זיך זיין גאַנג און ער וויינט.
דורך גלויביקע חשונ'ס פאַרזיי,
דורך שאַלנדע פרילינג אין שניט —
אָט דאָ איז אַ וועג פאַרן מאַן".

(פון ליד: נתיב פה לאיש)

איך פאַרמאַך דאָס שיין אַרויסגעגעבענע בוך פון מיין חבר, דעם דיכטער משה באַסאַק און וויס, אַז פונקט ווי ער פאַרזייט קערנער אין דער ערד, אַזוי פאַרזייט ער אויך לידער און געזאַנגען אין די הערצער, וואָס זענען דורשטיק נאָך אַ ליד.

# ותיקים

ווינטן און רעגנס און זון־טעג. נישט פלוצים
קומט שניט נאָך זריעה.
זיי גרויען די אַלטע חלוצים
פון דער פינפטער עליה.

די פלייצעס שוין עטוואָס געבויגן.
דער גאַנג — איז נאָך אַ געטרייער,
דאָך דאַרף מען אין זייערע אויגן
שוין זוכן אַ טראָפּעלע פייער.

ווייל מידקייט ברעכט איין אויך דעם עקשן.
ווו זענען אַמאָליקע צייטן?
און ווו איז דער דור דאָ געוואַקסן,
וואָס קומט ער זיי נאָך נישט פאַרבייטן!

## ותיקים

מיט זילבער אין די שלייפן און אין די אַמאָליקע בלאָנדע און שוואַרצע טשופּרינעס גייען זיי אַרום די חברים פון דער דריטער און פערטער עליה. די געדיכטע קודלעס אויפן קאָפּ זענען געוואָרן ווייניקער און שיטערער. די בלויע און שוואַרצע און ברוינע אויגן, וואָס האָבן אַמאָל געשאָטן מיט פייער, זענען שוין עטוואָס קילער געוואָרן און פאַרצויגן מיט אַ מידקייט. די אויסגעכאַליעטע פּנימער זייערע, וואָס זיי האָבן דאָ מיטגעבראַכט פון דער מאַמעס היים, געצערטלטע דורך מאַמעס גוטסקייט, האָבן דאָ דורך די יאָרן באַקומען דעם קאָליר פון איבערגעברענטע ציגל. זון און רעגנס, שטורעמס און ווינטן, מידקייט און פאַרשידענע צערן, האָבן אַרויסגעצויגן פון זיי די זאַפטן און צעקנייטשט און צעקאַרפּעט די הויט. ביי טייל איז שוין דער קאַרק אַזוי ווי די הויט פון אַ שילדקרעט.

אויף דער גבעה זענען זיי אַרויפגעקומען מיט אַ פינף און צוואַנציק יאָר צוריק. דאָ איז געווען וויסט. הויכע עקאַליפּטוס־בוימער זענען געוואַקסן געדיכט און פאַרלאָזן, פאַרשטעלט די שיין. טיפע לעכער פון שלאַנגען און נאָך גרעסערע און טיפערע נאָרעס פון שאַקאַלן זענען דאָ געווען אויף טריט און שריט. מיט ברען האָבן זיי גענומען האַקן דאָס וועלדל. פאַרצויגן די ערשטע לייוונטענעביידלעך, פאַרשפּרייט געצעלטן. אויפגעקלאַפּט די ערשטע פּאָר ברעטער פאַר אַ צריף, — אַן אָנהויב פון אַ בית־תינוקות, פאַר די זויגלינגען. ווייל צווישן די אַרויפגעקומענע זענען שוין געווען עטלעכע משפחות מיט קינדער. קיין וואַסער איז נישט געווען, האָט מען געדאַרפט שלעפּן אין בלעכן אָנגעלאָדן אויף אַן אייזל פון נאָענטן ישוב. ווינטער האָט די קעלט געגעסן און זומער — די היצן, נאָר די עקשנות פון דער יונגער חברה — געקומענע פון פוילן, ליטע און רוסלאַנד — האָט אַדורכגעבראָכן אַלע שוועריקייטן. אַ צריף נאָך אַ צריף האָט מען געבויט, אַ בנין נאָך אַ בנין האָט מען אויפגעשטעלט,

אַ בוים נאָך אַ בוים האָט מען געפלאַנצט, אַ ברונעם געגראָבן און נאָך חדשים — פיבערנדיק צווישן יאוש און האָפענונג — האָט מען זיך צו פריש קוואַליק וואַסער דערשלאָגן.

דער מאָטאָר פון דער וואַסער־פּאָמפּע האָט אָנגעהויבן קלאַפּן אין יונגן ישוב, ווי אַ פּולסירנדיק האַרץ, אָנגעזאָגט לעבן פאַרן ישוב און פאַר די יונגע מענטשן, וואָס האָבן זיך אין איר אַריינגעריסן מיט עקשנות און מיט ליבשאַפט. פאַרטריבן די שלאַנגען און די שאַקאַלן און טריט נאָך טריט האָט זיך דאָס בערגל צעוואַקסן און צעבליט, זיך פאַרבויט און פאַר־פלאַנצט.

איצט נאָך אַ פערטל יאָרהונדערט, ווער וועט דערקענען דעם פאַר־לאָזענעם און בראשיתדיקן בערגל פון דאַן, אויף וועלכן עס שטייען פעסט געמויערטע וווינונגען, דער גרויסער חדר־האוכל, די גראָז־טעפּיכער און בלומען, פאַרפלאַנצט ביי יעדן הויז, די פעלדער און פרדסים, וואָס ציען זיך אויף הונדערטער און הונדערטער דונאַמס. ווער וועט דערקענען וואָס דאָ איז געווען מיט אַ קורצער תקופה צוריק? ווער וועט עס געדענקען? די יוגנט? אוודאי נישט. אָבער זיי די ותיקים, וואָס האָבן עס אַלץ אויפ־געטאָן, מיט אייגענער פראַצע פון דער ערד אַרויסגעצויגן, זיי וועלן עס קיין מאָל נישט פאַרגעסן.

אויך איצט, נאָך צענדליקער יאָרן אַרבעט, האָבן זיי דעם יאָך נישט אַראָפּגעוואָרפן חלילה, נאָר אַרבעטן און פירן אָן מיט אַלע צווייגן פון אונדזער ווירטשאַפט, פון די אַמאָליקע אַקערער, וואָס האָבן געאַקערט מיט פערד — זענען געוואָרן טראַקטאָריסטן, די אַמאָליקע בעלי־עגלות זענען געוואָרן שאָפערן. זיי פירן אָן מיט דער אַרבעט אין די מאַראַנצן־סעדער און אין דער פלחה, מיט די קושטאַלן און מיטן ווייַנגאָרטן. זייער וואָרט איז וואָגיק און קיל, ווי די קוועלכלעך ביים ירקון. זייער טראָט איז פעסט און רויִק, זיי שפּאַנען מיטן טראָט פון אַ מידן מענטשן אויף דער אייגענער ערד, אויף דער ערד, וואָס זיי האָבן אויפגעוועקט צום לעבן, באַבליט און באַלעבט, ווי דער פּרינץ די פאַרשלאָפענע בת־מלכה אין דעם אַלטן באַקאַנטן קינדער־מעשהלע.

דער צווייטער דור, דער דור וואָס איז דאָ אויפגעוואַקסן, זיי האָבן שוין די גבעה אויפגענומען ווי אַ נאַטירלעכע זאַך, ווי אַנדערש וואָלט גאָר קיין מאָל נישט געווען און דעריבער דערלויבן זיי זיך שוין אַ וויצל אויפן חשבון פון „אַלטוואַרג".

אַ טייל פון „אַלטוואַרג" זיצט איצט אַנטקעגן מיר ביי אַ גלאָז טיי אין גרויסן און ליכטיקן עסזאַל אונדזערן.

איך קאָן יעדן איינעם מיט זיין באַשיידנקייט און מיט זיין ליבשאַפט צום משק און צום אָרט. זיי האָט אַוודאי ביאַליק געמיינט אין זיין באַרימט ליד: „יהי חלקי עמכם".

דער וואָס זיצט ביים טיש אַרבעט אין די פּלאַנטאַציעס פון די באַנאַנעס. אַ פעסטער ייד מיט ברייטע פּלייצעס, העכער פון מיטל־וווקס, מיט אַ רונד און אָפּגעברענט פּנים.

דער וואָס זיצט נעבן אים לינקס, אַרבעט יאָרן־לאַנג אין מאַראַנצן־סאַד, געפלאַנצט די ערשטע בוימער און איז זוכה איצט צו פּלעגן אַ שטח פון הונדערטער דונאַמס. אַ קליינער און אַ דאַרער, מיט אַ קליין פויגל־פּנים און קלוגע שאַרפע אויגן.

דער דריטער פירט אָן מיט דער אַרבעט אין ווייַנגאָרטן, אַ טאַטע פון פיר קינדער און פאַרמאָגט שוין אַן אייניקל. טאָג־טעגלעך שטייט ער אויף צו דער אַרבעט, ווען ס'איז טונקל סיי ווינטער און סיי אין די גרעסטע היצן זומער. זיין האַנט איז נאָך נישט מיד געוואָרן און זיין פוס נישט אָפּגעשוואַכט.

דער פערטער, אַ פעלאַך, אַן ערד־אַרבעטער, פאַרזייט און שניידט, מיט נאָך צענדליקער חברים. אַליין אַ ייד אַ מלומד, אָבער ער לאָזט זיך נישט אַריינציען אין קיין שום ענינים אַחוץ אין דער אַרבעט.

דער פינפטער אַ טראַקטאָריסט. אַ פעסטער בחור מיט ברייטע פּלייצעס, אַ גרויס און רויט פּנים, מיט אַ קליינער נאָז אין מיטן, ווי אַ באָב אויף אַן עפּל. איך זע נאָר זיין פּלייצע מיטן רויטן געפּאַלדעוועטן קאַרק, וואָס שפּריצט נאָך אויך איצט מיט גבורה. אַ ייד אַ שווייגער, וואָס אין געזעלשאַפט קען ער קיין וואָרט נישט אַרויסברענגען, נאָר אין פעלד

צערעדט זיך ביי אים דער גרויסער טראַקטאָר. זיין אַקער קעמט, קעמט די פעלדער.

אָט זיצן זיי דאָס „אַלטוואַרג״, איך זע זיי נאָך ווי דאַן מיט יאָרן צוריק, דער זעלבער ענטוזיאַזם פון טאָן, און בויען. דער זעלבער גייסט פון אומדערמידלעכן שאַפן. נאָר די האָר עטוואָס געזילבערט, די אויגן — מידער און דאָס געזיכט — צעשמיסן פון ווינט און רעגן, אויס־געברענט פון זון און פון חמסינען. דער רצון אָבער פון שאַפן איז אין זיי נישט אויסגעברענט געוואָרן, שטעקן נאָך אָן דעם יונגען דור אויך.

## דער גערטנער

דער גערטנער שערט היינט דעם גרינעם גראָזטעפיך, וואָס וואַקסט הינטער מיין פענצטער. איך קוק אַרויס אין דרויסן: די וואַלץ־מעסערלעך דרייען זיך מיט די רעדער, וואָס קאַטשן זיך געטריבענע דורכן קליינעם מאָטאָרל און יעדעס מאָל גיט זיך אַ הויב אַ גרינער רעגן פון אָפּגעשאָרענע גרעזעלעך. די קליינע שניידמאַשין אָטעמט שווער, ווי אַ ווילדע חיה און פרעסט דעם טעפיך, גלייכט אויס, שערט אָפּ דאָס צו הויכע גראָז, און די ערד גייט אַרויס פון אונטער די מעסערס אָפּגעשוירן, ווי אַ שאָף נאָכן וואָל־שניידן.

מיט אַ גראָבלע, וואָס פאַרמאָגט אַ סך אויסגעקרומט־לאַנגע און דינע ציין, ווי אויסגעבויגענע פינגער — שאַרט דער גערטנער צונויף די אָפּ־געשאָרענע גראָזן און מאַכט אַ גרין ווייך בערגעלע מיט גרין־גראָז. דאָס בערגעלע הויבט זיך, וואַקסט, ווערט העכער.

דער גערטנער זעט מיך שטיין ביים אויפגעפּראַלטן פענצטער. שטעלט ער אָפּ דאָס מאָטאָרל, וואָס מאַכט אָן אַ ליאַרעם, פאַרטויבט אויף אַ סך מעטערס אַרום. ער נעמט אַראָפּ דאָס היטל און ווישט זיך דעם שוויס מיט אַ גראָבן טוך, פאַררויכערט זיין סיגאַר אין מיינעם און פרעגט:

— נו, וואָס, חופש האָסטו היינט?

— ניין, — זאָג איך — איך בין געוועזן די נאַכט אויף דער וואַך.

באַדויערט ער דער גערטנער, וואָס זיין מאָטאָרל האָט מיך אויפ־געוועקט און זעצט זיך אַריין אין ראַם פון פענצטער, ער האָט חשק צו כאַפּן אַ שמועס. קוק איך אים אָן, אַ הויכער, אָן אויסגעדאַרטער... דער פנים־קאָליר — ציגלפאַרב, צעקנייטשט פון מי און צעשמיסן פון ווינט. שוין אַ סך יאָרן ווי ער פּוצט אַרום אונדזער בערגעל, מיט נאָך אַ בוים, מיט נאָך אַ גראָזטעפּיך, ווו נאָך דער אַרבעט קען מען אַוועקלייגן די מידע ביינער; ווער ווייסט, ווי אָרים וואָלט געווען דאָ אונדזער לעבן, ווען עס וואָלט נישט געווען זיין מסירת־נפש צו יעדן גרעזל און בוימל, בלום און קוסט, וואָס ער פאַרפלאַנצט דאָ און פלעגט זיי מיט זיינע הענט. היט זיי אָפּ אין די הייסע זומערטעג, זיי זאָלן פון חמסין חלילה נישט פאַרחלשט ווערן, און אין שטורעמדיקן ווינטער, די זאַווערוכעס זאָלן זיי מיטן וואָרצל נישט אויסרייסן.

געקומען איז ער דאָ מיט אַ צוויי־צענדליק יאָר צוריק פון רוסלאַנד. זייער הויפּל איז אין די פרילינג־טעג געווען איינגעטונקען אין בעז־בוימלעך, וואָס האָבן ווי שניי געשאָטן פון זיך זייערע בליטן; אין די אָוונטן פאַרשפּרייט אַ שמעקנדיקן דופט ביז צו פאַרטשאַדעט ווערן. זייער שטוב איז געשטאַנען מיט די פענצטער אין אַ קאַרשן־סאַד, וואָס האָט אין די זומער־חדשים אַראָפּגעשווערט מיט די צווייגן. ער געדענקט נאָך אין די קינדער־יאָרן, ווי ער פלעגט ליב האָבן פאַרקלעטערן אויף אַ בוים און די מאַמע זאָל נעבעך אים אַרומזוכן דעם תכשיט, זיך אויסרייסן דעם האַלדז, שרייענדיק ביז הייזעריק ווערן און ער זאָל פּלוצים דערשיינען דאַן, ווען זי האָט זיך שוין מיאש געווען אים צו געפינען.

די ליבע צום בוים און בלאַט האָט ער מיטגעבראַכט מיט זיך אַהער דאָ אין לאַנד און איז געוואָרן אַ גערטנער.

האָט ער געענדיקט אויסרויכערן דעם ציגאַר, צוריק אָנגעצונדן דאָס קליינע מאָטאָרל און זיך אַוועקגעלאָזן פאַרגלייכן דעם צווייטן טעפּיך פון ברייטע מצרישע גראָזן.

אברהם לעוו

# דאָס פּראָבלעם פון המשך

טבת. אָוונט. אַ כמורנער הימל. די וואָלקנס זענען הויך און שיטער, נישטאָ קיין אויסזיכט אַז עס זאָל אַראָפּגיין אַ רעגן. אין דרויסן איז קאַלט, גייסטו אַרויס לייכט אָנגעטאָן, הויבן אָן פון קעלט טרערן די אויגן. אָבער אין שטוב ברענט דער פרידמאַן־אויוון און שפּרייט אַן אָנגענעמע וואַרעמקייט. איך זיץ אין באַקוועמען פאָטעל און לייען די צייטונג. פיל ווי די מידקייט נאָכן טאָג אַרבעט וועפּט זיך אויס און וויקלט מיך איין אין אַ זעלישער רו. מיר איז אָנגענעם צו הערן דאָס ריטמישע שטילע קלאַפּן פון קליינעם פּירקאָנטיקן וועקזייגער, ליב איז מיר די מאַטע עלעקטרישע ליכט, וואָס פאַלט אויפן בלאַט, עס פאַרשאַפט מיר הנאה די געלע כריזאַנטעמען בלימעלעך אין דין־געשליפענעם בלומען־בעכער וואָס באַפּוצן מיין שרייבטישל. דורכן אָוונטיקן דרויסן קוקן אַריין אין פענצטער עטלעכעביימער, וואָס איך האָב מיט יאָרן צוריק אַליין פאַרפלאַנצט. דער עסקאַדיניע־בוים שטייט גרין אַ גאַנץ יאָר, צווישן די גראָבע בלעטער זעען זיך שוין די בליטן פון די פרוכט, וואָס וועלן ווערן געל און צייטיק ערשט אין פרילינג. לעם אים שטייט אין גאַנצן נאַקעט מיט דינע צווייגן, ווי אָפּגעשמיסענע ריטלעך, — דער מילגרוים־בוים, אָבער דערפאַר באַדעקט ער זיך אַרום שבועות־צייט מיט ווונדערלעך רויטער בליונג. דער חבוש־בוים פאַרמאָגט נאָך עטלעכע קראַנקע בלעטער, וואָס אויך זיי וועלן מסתם די ווינטן אַראָפּיאָגן, אָבער אין געקנוילט צווייגן יוירן שוין זאַפטן און פאַראַן שוין סימנים פון נייע קנאָספּן, וואָס פּיקן זיך אַרויס דורך דער דינער קאָרע.

דאָס גלאָז הייסע שמעקנדיקע טיי פאַרשאַפט פאַרגעניגן און ברענגט מיר צו טראָגן אַ וויטע דערמאָנונג, פון אַ סך יאָרן צוריק, ווי אַזוי עס איז זיך צונויפגעקומען די מזכירות, כדי צו באַשליסן וואָס צו טאָן מיט יענעם חבר, וואָס האָט מיט זיך מיטגעבראַכט אַן עלעקטרישן טשייניק. איז וויכטיק דען איצט צו דערציילן דעם באַשלוס? ווער וויל זיך איצט פאַרנעמען מיט דער היסטאָריע פון יענע טעג, ווען אונדזער הילצערן,

ברעטלדיק צימער איז באַשטאַנען פון פיר נאַקעטע ווענט, מיט אַ פענצ־טער אָן אַ פאָרהאַנג, מיט אַ פּראָסטן טיש אָן אַ בענקל.

אַ לאַנגן וועג אַדורך, אַ לאַנגן און אַ שווערן, ביז שטאַפּלענווייז זענען מיר דערגאַנגען, אַז אויך אַ חבר אין קיבוץ מעג האָבן אַ גוטן טיש, אַ באַקוועמע שטול, אַ בילד אויפן וואַנט, אַ ווייכע סאָפע, אַ ביכער־עטאַזשער־קע און אַ וואַנט־שראַנק, און דאָס וועט נישט מינערן חלילה דעם אידע־אַליזם און אונדזער פּיאָנערן־גייסט נאָך להפך, פאַרגרינגערט די אַרבעט און פאַרבעסערט די שטימונג.

אָט די אָנגענעמע מחשבות האָט מיר איבערגעריסן אַ לייכטער קלאַפּ אין טיר. עס איז אַריין מיין גוטער חבר אליקים, וואָס וווינט אין שכנות מיט מיר, אַ וואַנט איבער אַ וואַנט.

אליקים, אַ גוטמוטיקער ייד, מיט ברייטע פּלייצעס און גרויע שלייפן, געדיכטע ברעמען, ווו עס מישט זיך שוואַרץ און גרוי. אַ באַרעדעוודיקער. דורך אַלע יאָרן אין קיבוץ אַרבעט ער אין פּרדס, אין דעם מאַראַנצן־סאַד, וואָס ער האָט געהאָלפן פלאַנצן און שוין העכער דרייסיק יאָר, ווי ער וואַסערט, מיסטיקט און נעמט אַראָפּ די פּרוכט אין די ווינטער־חדשים.

ער איז דער פאַראַנטוואָרטלעכער אין דעם צווייג. צווישן די חברים וואָס אַרבעטן מיט אים איז שוין דאָ אַ גרויסער טייל פון די יונגע, פון צווייטן דור, — ווי מיר רופן אָן, די אין קיבוץ געבאָרענע קינדער. און אָט דער צווייטער דור, מיט וועלכע ער טרעפט זיך אָן טאָג־טעגלעך ביי דער אַרבעט און אין חדר־האוכל, — ברענגט אים נישט קיין נחת.

אליקים קלאָגט זיך שטענדיק אויף זיי: „זיי שטעלן אַ סך פראַגן און געפינען נישט קיין ענטפער. איך האָב אַן איינדרוק, אַז זייער וועלט איז פּוסט, זייער געמיט איז נישט מיט אונדז און מיט אונדזערע דרכים. אונדזער וועג איז זיי נישט צום הארצן, נישטאָ אין זיי אונדזער חלוצישער ברען צו דער אַרבעט, צו בנין־הארץ".

זיינע טענות קען איך שוין אויף אויסווייניק. אַליין אַ טאַטע פון דריי דערוואַקסענע זין, איז דער בכור זיינער, נאָכדעם ווי ער האָט זיך באַפרייט פון צה"ל, אַוועק פון קיבוץ. דאָס האָט אין זיין האַרץ איבערגעלאָזן אַ

טיפן ווייטיק און אַ מין פאַרשעמונג, כאָטש זיין זון איז נישט געווען פון די ערשטע וואָס האָבן פאַרלאָזן דעם קיבוץ. פאַר אים איז עס געווען אַ קנאַפּע טרייסט.

פון דאַן אָן איז זיין קוק אויף אונדזערע בנים געווען אַ פאַרדעכטיקער, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט אומצוטרוי אַפּילו צו די זין און טעכטער, וואָס לעבן מיט אונדז און מיט אונדזערע פּראָבלעמען.

איצט זיצט ער אַנטקעגן מיר און וואַרעמט זיינע גרויסע, רויטלעכע הענט ביים נאַפּט־אייוועלע און רויכערט בנעימותדיק זיין ליולקע וואָס הענגט אים אין ווינקל פון מויל.

אַז אליקים שווייגט, ווייס איך אַז עפּעס דריקט אים. לאָז איך אים שווייגן. מיר זענען צוויי אַלטע חברים נאָך פון קליאַסעווער יאָרן, ווו מיר האָבן אַדורכגעמאַכט הכשרה אין פוילן, איז אונדז גוט אַפילו ווען מיר שווייגן.

אָבער לאַנג האָט ער נישט געשוויגן, אַרויסגענומען די פּיפּקע פון מויל, אויסגעקלאַפּט עס אין אַשבעכער און אַ זשמורע געטאָן אויף מיר מיט די אויגן:

— נו, אברהמל, מען מאַכט אַ לעבן. דער ראַדיאָ שפּילט, אַ הייסע גלאָז טיי, אין שטוב איז וואַרעם און גאַנץ באַקוועם. אַוועק יענע יאָרן אין אָרעמקייט.

— איז וואָס בענקסטו אַזוי שטאַרק נאָך יענע טעג, ווען מיר האָבן נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט, נישט דערעסן צו דער זעט?

— ניין — זאָגט אליקים — נאָך יענע טעג בענק איך טאַקע נישט, נאָר נאָך יענעם יונגן פייער וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט, דאָס פייער וואָס האָט אונדז געגעבן כוח אויפצושטעלן קיבוצים, האַרעווען שווער און זיך אַליין באַגנוגענען מיט ווייניק. דעם אַמאָליקן שטורעמדיקן געמיט אונדזערן, ווער וועט ירשענען? ווו איז דער יורש?

ווייס איך דאָך, וואָס אים קוועטשט. גיס איך אים אָן אַ פרישע גלאָז טיי און שפּיגלענדיק זיך אין דער לויטערער ברוינקייט זאָג איך צו אים ווי אגב אורחא:

— מיינסטו, אַז מיט דיין זונס אַוועקגיין איז שוין עק וועלט? נישט דער ערשטער, נישט דער לעצטער איז ער. דער קיבוץ שטייט אויף פעסטע יסודות, נישטאָ דער כוח וואָס קען אים צעטרייסלען, אַפילו ווען איינצלנע פון אונדזערע קינדער ווילן נישט גיין אין אונדזער וועג.

אליקים האָט געשוויגן און געביסן זיין הילצערנע ליולקע, ווי ער וואָלט געוואָלט פון איר אַרויסבאַקומען אַ תשובה, אָדער ווי זי זאָל פאַר אים געפינען די ריכטיקע ווערטער.

— מיין זונס אַוועקגיין — זאָגט ער — האָט מיר נאָר געעפנט די אויגן זען אַביסל טיפער, זיך פאַרטראַכטן וועגן אונדזער המשך, די וואָס דאַרפן פאָרזעצן דאָס, וואָס מיר האָבן אָנגעהויבן. איך טרעף זיך מיט די זין און טעכטער ביי דער אַרבעט אין פּרדס. נישט איין מאָל הער איך זייערע שמועסן צווישן זיך און טייל מאָל דוכט זיך מיר, אַז זיי זענען גערעכט. מען קען נישט נעמען אַ שטיק יונג לעבן און זיי זאָגן: דאָס איז דער וועג, וואָס מיר האָבן אויסגעטראָטן, אַזוי דאַרפט איר ממשיך זיין. יוגנט וויל אַלע מאָל אַריינברענגען ענדערונגען, אָפּווייכן פון טאַטנס וועג אַמאָל צום בעסערן און אַמאָל חלילה צום ערגערן, אָבער וויל קיין מאָל נישט בלייבן אין די זעלבע ראַמען, אויפן זעלבן אויסגעטראָטענעם שליאַך, וואָס מען האָט פאַר זיי שוין אויסגעפּלאַסטערט.

ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט נייגעריקע אויגן אין שטילער דער־וואַרטונג, צי איך האָב אים פאַרשטאַנען, צי איך האָב גוט באַנומען זיינע רייד.

— אָ, — זאָג איך — אליקים, וואָס איז מיט דיר היינט געשען? אַט רעדסטו קעגן זיי און אַט ביסטו מיט זיי... אין תוך אָבער, טיף אין זיך ווייסטו גאַנץ גוט, אַז זיי זענען טייערע קינדער און ווי און וווּ זיי זאָלן נישט אַפּנויגן בלייבן זיי געטריי אָט די אידעאַלן, וועלכע מיר האָבן אין זיי פאַרפלאַנצט פון דער פריער יוגנט זייערער.

— יאָ, — האָט אַ ברום געטאָן אליקים און אַרויסגעבלאָזן אַ געדיכטן זייל רויך, ווי ער וואָלט געוואָלט מאַכן אַ מחיצה צווישן אים און מיר, — יאָ, איך קען זיי פאַרשטיין און וויל זיי פאַרשטיין, אָבער דאָך שרעקט מיך

די צוקונפט און געוואָלט האָב איך זוכה זיין צו זען, וואָס פאַר אַ פנים וועט האָבן דער קיבוץ, ווען עס וועט אים איבערנעמען דער צווייטער און דריטער דור. די זאָרג מיינע איז נישט נאָר וועגן די, וואָס פאַרלאָזן דעם קיבוץ פיזיש, נייערט אויך פון די וועלכע בלייבן דאָ מיט אונדז, אָבער זיי האָבן אים פאַרלאָזן אידעיש...

אַנטשוויגן איז געוואָרן אליקים, מיין אַלטער גוטער חבר, וואָס איז געווען פון די ראשונים דאָ אין קיבוץ, פאַרגלייבט אין וועג אונדזערן, אין דער פעסטקייט פון די קיבוצישע פונדאַמענטן און מיט אַ מאָל דערפילט אַז עפּעס האָט זיך אַ טרייסל געטאָן דער גלויבן. נישט נאָר ביי די יונגע, נאָר אויך ביי אַ טייל ותיקים, איז שוין איינגעלאָשן יענער פייער וואָס האָט ווונדער באַוויזן.

אָפּגעקילט איז געשטאַנען זיין נישט אויסגעטרונקן גלאָז טיי און לעם פאַרצעלייענעם טעלערל איז געבליבן ליגן זיין פאַרלאָשענע ליולקע.

— איך ווייס, אַז איך האָב איבערגעטריבן אַ ביסל — האָט ער געזאָגט זיך אויפהייבנדיק פון שטול, — עס איז נאָך דאָ אין אונדזער יוגנט גענוג פאַרבאַהאַלטענע כוחות, און זיי וועלן פאַרזעצן און אַנטוויקלען ווייטער. גייסטיקע ווערטן קען מען נישט איבערגעבן ווי אַ פאָן, מען דאַרף אַליין אויף דעם אַרבעטן, באַנייען און יעדעס מאָל פון דאָס ניי זיך פאַרמעסטן.

ער איז אַרויס און נאָך אים זיין שאָטן וואָס האָט זיך נאָכגעשלעפּט נאָך אים אומגעהייער גרויס.

אין צימער זענען געבליבן הענגען צווישן זיילן אָנגעפּיפּקעטן רויך מיין חברס ווערטער, וואָס זענען פול געווען מיט צער און גלויבן.

## דריי זענען מיר געווען

דער רעגן איז אַראָפּ געדיכט און געשמיסן קרום. אַנטקעגן ווינט איז דאָס גיין געווען שווער און האָט פאַרכאַפּט דעם אָטעם. אין פּרדס זענען מיר דריי, איך און נאָך צוויי חברים. אַלע זענען מיר אַנגעטאָן אין לאַנגע רעגן־מאַנטלען און דאָך האָבן די געדיכטע שטראָמעלעך וואַסער זיך אַדורכ־

געשפּאַרט דורך דער דינער גומי־באַדעקונג און אַריינגעדרונגען דורכן גראָבן אַרבעטס־רעקל און דורכן העמד ביז צום לייב.

דער רעגן האָט אונדז פאַרכאַפּט נאָכדעם, ווי מיר האָבן פאַרשלאָסן די גרויסע פּאַקשטוב פול מיט ליידיקע פעלדקעסטלעך צום נאָענטן מאַראַנצן־שניט. לכתחילה האָבן מיר זיך געלאָזן גיין מיטן ברייטן אינגערלעכן שאָסיי, ווו פון ביידע זייטן וועג וואַקסן הויכע ציפּריסן, אָבער זיי האָבן זיך געבויגן פון ווינט און יעדעס מאָל אַראָפּגעפּליוכעט אויף אונדז שטראָמען מיט וואַסער.

מיר זענען אַראָפּ פון וועג און אַריין צווישן די גרעיפּפרוכט־ביימער; זיך געשיצט אונטער אַ געדיכט־באַבלעטערטן בוים, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ שלל מיט פרוכט, דאָס רוב גרינע מיט ליכטיקע פלעקן. גראָבע טראָפּנס, ווי שוויס, האָבן אַרומגערינגלט דעם רונדן שאָלעכץ.

ראובן האָט געוואָלט שטאַרק פאַררויכערן, אָבער די הענט זיינע זענען געווען רויט פון קעלט און אויפגעלאָפן פון רעגן און ער האָט בשום־אופן נישט געקאָנט צוקומען צו דער בוזעם־קעשענע אונטערן רעגן־מאַנטל.

שמעון פרוווט אים העלפן און צוזאַמען מאַכט מען אַ דעכעלע פון די אויפגעשפּילעטע מאַנטלען און מען פאַררויכערט האַלטנדיק דעם פּאַפּיראָס אין דלאָניע פאַרקלעמט צווישן גראָבן און ווייז־פינגער. דורך די נאַסע צווייגן שלענגלט זיך אַ רויך ווי אַ ווייס וואָלקנדל און צערינט אין דער אַרומיקער נאַסקייט.

די שעה איז אַ פאַרנאַכטיקע. אונטערן בוים איז שוין די פינצטערניש געדיכט, אַזאַ וואָס פאַרווישט די שטריכן פון די געזיכטער.

אָבער איך קען זיי סייווי אויף אויסנווייניק, די פּנימער פון מיינע חברים, מיט וועלכע איך שפּאַן צוזאַמען קרוב צו דריי צענדליק יאָר, די טיפע קנייטשן ביי די שלייפן און אין די ווינקלען פון די אויגן. מיר איז גוט באַקאַנט זייער ציגל־ברוינע הויט צעשמיסן פון ווינט און איבערגעברענט פון זון און געפּאַלבט ביים קאַרק, ווי ביי שילדקרעט.

דורך דער פינצטערניש זע איך ראובנ׳ען, מיט די גראָבע ברוינלעכע

ברעמען אונטערן צעאַקערטן שטערן; די שיטערע געלבלעכע האָר ביי די שלייפן הויבן שוין אָן גרויען.

שמעון, פאַרציט שטאַרקער דעם רויך און דער רויטלעכער גלימער פון פאַפּיראָס פאַלט אויף זיינע אויסגעהאָרעוועטע הענט, צעפּלאַצטע פון קעלט און פון פייכטקייט; פון יאָרן האָרעוואַניע ליגט דער ברוד אין דינע שטרייפעלעך איינגעגעסן אין זיין הויט, וואָס קיין שום זייף וועט זיי שוין פון דאָרט נישט אַרויסוואַשן. ליב זענען מיר אָט די ערלעכע הענט, וואָס פאַרדינען זייער ברויט נישט נאָר פאַר זיך...

ליב איז מיר אָט דער שבט ותיקים, אַלט־איינגעזעסענע קיבוצניקעס, פאַרהאָרעוועטע מענטשן, וואָס ערלעך, אָן שום פּרעטענזיעס טוען זיי טאָג־טעגלעך די גרויע און שווערע אַרבעט. זיי זענען ווי דער אומבאַקאַנטער זעלנער, — מען זעט זיי נישט אין שטאָט, מען טרעפט זיי נישט אויף די פייערלעכע צוזאַמענקונפטן; זיי האַלטן נישט קיין רעדעס אויף געוויינלעכע מסיבות און אוודאי נישט אין כנסת. עס זענען שוין פאַראַן די, וואָס טוען עס אין זייער נאָמען, און כאָטש אויך זיי, די ריידער, זענען חברים פון קיבוץ, דאָך טיילן זיי נישט אָט דעם גרויען און מידן לעבן פון געוויינלעכן און פשוטן חבר, — וואָס נאָך אַ טאָג אַרבעט אין פעלד, בלייבט אים שוין נישט קיין סך צייט פאַר אַנדערע זאַכן און די מידקייט טרייבט אים אין בעט אַריין. שאַפט זיך דעריבער אַ ריס צווישן די, וואָס טוען די אַרבעט, און די, וועלכע רעדן וועגן אַרבעט.

אָט די געדאַנקען פּלאָנטערן זיך מיר איצט, אין דעם רעגנדיקן פאַר־נאַכט, קוקנדיק אויף מיינע צוויי חברים, וועלכע טוליען זיך צום פעסטן שטאַם פון געדיכט־באַבלעטערטן גרעיפּפרוכט־בוים. דער געדיכטער דרוי־סנדיקער רעגן האָט אונדז ווי אָפּגעריסן פון דעם אַרום, און אונדז דריי איבערגעלאָזן אויף אַן אינדזל.

לכתחילה איז צווישן אונדז געשטאַנען אַ געשפּאַנטע שוויגעניש. יעדער איינער פאַרוויקלט אין זיך ווי אַ יעזש. די מידקייט, די פייכטע קעלט, דאָס שטיין און וואַרטן, אַז פון משק זאָל אָנקומען אַ כלי־רכב און אונדז אַהיימפירן, האָט פאַרמאַטערט.

פלוצים האָט פון דער פּאַרנאַכט־דעמערונג אונטערן בוים זיך דער־הערט אַ שטים, דאָס האָט ראובן געוואָלט קענטיק צעטרייבן די שטילקייט. איך הער:

— פּונקט מיט אַכט און צוואַנציק יאָר צוריק בין איך געקומען אין לאַנד, אין אַ רעגנדיקן יאַנואַר־טאָג. דאָ, ווו מיר שטייען איצט איז נישט געווען קיין ביימער, נייערט אַ וויסטע ערד, אַ נישט־באַאַרבעטע. די ערד האָט געהערט צו אַ רייכן דייטש, וועלכער איז געזעסן אַלע זיינע יאָרן אין אויסלאַנד. אַ קליינעם טייל פונעם באָדן האָבן אַראַבער באַאַרבעט אויף זייער שטייגער, מיט אַ קליינעם אַקער אין וועלכן מאַן און ווייב פלעגן זיך איינשפּאַנען; דאָס וואַסער האָבן זיי געשעפּט פון נאָענטן ירקון מיט עמערס. נו, מען קאָן זיך פאָרשטעלן די גערעטעניש וואָס דאָ איז געווען... די דאַרע זאַנגען האָבן קיין מאָל נישט אויפגעהויבן די מאָגערע קעפּלעך מיט די קערנדלעך...

דער באָדן האָט נאָך דאַן צו אונדז נישט געהערט. מיר זענען נאָך דאַן געווען אַ קליינע גרופּקעלע פון עטלעכע צענדליק חלוצים און חלוצות אויפן בערגל. געוווינט דאָס רוב אין געצעלטן און נישט איין מאָל אין די ווינטערדיקע נעכט האָט דער ווינט אומגעוואָרפן די ברעזענטן אַרויסריי־סנדיק די קליינע סלופּקעלעך אויף וועלכע עס זענען געווען אָנגעצויגן די שטריק ווי זעגלען...

זאָגט שמעון:

— ווען דערציילסטו עס, אונדז? מיר זענען דאָך געקומען כמעט אין דער זעלבער צייט, ווער אַ יאָר פריער און ווער אַ יאָר שפּעטער. צוזאַמען דורכגעמאַכט דאָס שווערע שטיקל וועג. אוודאי האָט זיך דער אַרום געענדערט צום גוטן. מיר האָבן איצט באַקוועמע מעבלירטע וווינונ־גען, גוט געקליידט. און דאָך בענקט זיך מיר נאָך יענע טעג. נאָך די טעג, ווען דאָס אָרעמע געצעלט איז געווען ליב, און אויפן פּשוטן „פּח" איז געווען באַקוועמער צו זיצן, ווי איצט אין די פאָטעלן, וועלכע מיר פאַר־מאָגן...

עפּעס איז געווען דאַן אַן אינערלעכע רייכקייט, וואָס האָט גרינג גע־

מאַכט דעם שווערן וועג. די אַרבעט, די אידייע: בויען דאָס לאַנד, לעבן אַ לעבן פון אַ פּויער. אַ קאָלעקטיוו לעבן אויף דער אייגענער ערד. מיר זעצן עס פאָר, אָבער ווו איז די דעמאָלטיקע התלהבות? ווו איז די התלהבות ביי אונדזער יוגנט, די דאָ געבוירענע? מיר זענען געווען שיכור פון אַ גרויסער אידייע און זיי זענען ניכטער. ווער האָט זיי ניכטער געמאַכט?...

שמעון איז אַנטשוויגן געוואָרן. די אַלע פּראַגעס, די פּלוצלונג־אַרויס־געזאָגטע, זענען הענגען געבליבן אונטער דער בוימערשער פייכטקייט און די נאַסע צווייגן איבער אונדז, ווי אַ גרינער געצעלט.

איך האָב געקוקט צו שמעונ׳ען. ער איז געשטאַנען מיט דער פּלייצע צו מיר פאַרוויקלט אין אַ לאַנגן ברעזענט און אַרויסגעקוקט צום דרויסן. דער הימל אַ פאַרנאַכטיקער האָט זיך געלויטערט איבערן פּרדס, אָבער אין צפון־זייט, ביי די ראַנדן פון האָריזאָנט האָבן זיך ווידער געקליבן שוואַרצע און שווערע וואָלקנס, ווי פולע לאָגלען.

איך האָב געקוקט אויף זיין עטוואָס אויסגעבויגענער פּלייצע פון שטענדיקן זיך בויגן צו דער ערד וועלכע ער באַאַרבעט, געוווּסט וואָס עס דריקט שמעונ׳ען, וואָס אים טוט וויי:

זיין זון, דער בכור, האָט פאַרלאָזן דעם קיבוץ און אַוועק אין שטאָט. ס׳איז געווען בערך אַ יאָר נאָך דעם ווי ער האָט זיך אומגעקערט פון צה״ל. במשך פון דעם יאָר האָט ער געאַרבעט אויפן טראַקטאָר. שפּעטער האָט מען אים באַשטימט אַרבעטן אין קושטאַל. זיין אַוועקגיין האָט שטאַרק געטראָפן דעם קיבוץ. שמעונ׳ס זון איז געווען פון די ערנסטע בחורים, געטראָגן דעם יאָך מיט ליבשאַפט, מיט איבערגעבנקייט און פּלוצלונג... אַוועק.

אין קיבוץ האָט מען וועגן דער עזיבה לאַנג גערעדט און אַרומגערעדט און ווי עס טרעפט — אויך באַרעדט די עלטערן. שמעון, וועלכער איז פון זונס אַוועקגיין געטראָפן געוואָרן מער ווי אַלע, האָט געוווּסט פון די בייזע רייד, וועלכע זענען צו אים דערגאַנגען; האָט ער געטראָגן אין זיך דעם טאָפּלטן ווייטיק, דעם ווייטיק פון די שטעך־רייד, די נישט־פאַרדינטע און

דעם נאָך שאַרפערן ווייטיק, וואָס דער זון איז אַוועק פון טאַטנס וועג...

מיר זענען אַרויס פון אונטערן בוים און געשטאַנען ביים וועג און אָפּגעוואַרט אַז כלי־רכב זאָל אונדז קומען נעמען.

דער הויכער און ברייטפּלייציקער ראובן, האָט זיך אָפּגעטרייסלט פון די טראָפּנס רעגן, ווי אַ נאַסער הונט און זיך אַ קער געטאָן צו שמעוג׳ען:

— וואָס פאַר אַ טענות האָסטו צו אונדזער יוגנט? אונדז האָט די אידייע געבראַכט אין קיבוץ און פאַר זיי איז דער קיבוץ אַ נאַטירלעכע דערשיינונג, ווי די שטאָט, פאַר דעם וואָס איז געבוירן אין שטאָט. זיי דאַרפן ערשט קומען צו דער אידייע, זיי דאַרפן פאַרשטיין דעם אינהאַלט פון אונדזער לעבן און ווייזט אויס, אַז דאָס איז נישט גרינג.

ראובן איז אַ ווײַלע אַנטשוויגן געוואָרן, אַ וויש געטאָן מיט אַ נאַסער האַנט זיין נאָך נאַסער געזיכט און ממשיך געווען ווי פאַר זיך אַליין:

— אָן אַ אידייע, אַז מען זעט פאַר זיך די פרי־פאַרעלטערטע טאַטע־מאַמע, זייערע אויסגעבויגענע פּלייצעס, די צעאַקערטע פּנימער פון וועלכע זיי לייענען אַראָפּ, ווי פון אָפענע מגילות — לאַנגע, לאַנגע טעג פון אַר־בעט אין פעלד, אין די קאַלטע ווינטערדיקע פרימאָרגנס און אין די פּלאָ־מיקע זומער־טעג, אַ לעבן פון שווערע נסיונות און אויך איצט, אויף דער עלטער, ווי פריער טוט מען זיך מיען נישט וויסנדיק קיין מנוחה... אַז מען זעט פאַר זיך אַ גרוי לעבן, אָן דער גלאָריע, אָן דעם שיין אין וועלכער מיר האָבן עס פאַרוויקלט. ניין, ס׳איז אוממעגלעך צו פאָדערן פון אונדזער יוגנט התלהבות, כל זמן זיי האָבן נישט פאַרנומען די טיפקייט פון אונדזער אידייע...

ראובן איז שטיל געוואָרן און אויך מיר האָבן געשוויגן. עס האָט זיך נאָר געהערט דער דינער זיפּן פון רעגן אויף די בלעטער פון פּרדס. די טונקלעניש איז געוואָרן געדיכטער. ס׳האָט זיך דערהערט אַ ווייטער טראַקטאָר־גערויש און צוויי שטראָמען ליכט האָבן אַ פּלייץ געטאָן. געטאַפּט דעם פייכטן וועג. דאָס איז מען געקומען אונדז נעמען.

אָבער די דריי מידע יידן שטייען אויסגעשיילט פון אָרט און צייט

בים ראַנד פון מאַראַנצן־סאַד, שווייגעוודיקע, ווי זיי וואָלטן זיך צוגעהערט צו אַ ווייטן ניגון...

## ביקור חולים

שטיל, אַזאַ שטילקייט צו וועלכער שמעון איז שוין יאָרן־לאַנג נישט געווען געוווינט. זינט ער איז אין קיבוץ געפינט ער זיך אַלע מאָל אין אַ רעש. סיי ביי דער אַרבעט אין פעלד צי אין סאַד. שטענדיק איז מען אַרומגערינגלט מיט חברים און ווער רעדט נאָך דער אַרבעט אין גרויסן חדר־האוכל ביים עסן, ווען דער גאַנצער זאַל איז אָנגעפולט מיט רעש, מיט גערייד, מיט געטומל ווי אין אַ בינשטאָק.

נייך, אין משך פון אַלע יאָרן האָט שמעון נישט געהאַט ווען זיך צו פאַרטראַכטן ווי געהעריק, זיך אָפּרוען פונעם אַרום, זיך אַרומקוקן ווו מען איז אין דער וועלט; אַלע מאָל געווען פאַריאָגט; געטראָגן אויף זיך דעם שווערן יאָך פון זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן צווייג אין וועלכן ער אַרבעט. אַלע מאָל געווען פול מיט זאָרג, טאָמער וועט מען נישט צו דער צייט באַווייזן צו באַמיסטיקן די פעלדער, טאָמער וועט דער רעגן נישט אַראָפּ צו דער צייט. אָפילו ביינאַכט, ווען ער האָט שוין זיך געגרייט צום שלאָפן, נאָר דאָס קליינע לעמפל איבער זיין בעט האָט נאָך געברענט און באַלויכטן די צייטונג אין וועלכער ער האָט אַריינגעקוקט, — האָט נישט איין מאָל געטראָפן, אַז דער סדרן־עבודה פלעגט קומען, אָנקלאַפּן אין זיין טיר און אים זאָגן, אַז ער דאַרף געניטיק אַראָפּנעמען אַ מענטש פון דער צאָל וואָס מען האָט באַשטימט אים צו געבן. פלעגט זיך אָנהויבן אַ דינגעניש, וואָס פלעגט זיך פאַרציען ביז שפּעט אין דער נאַכט.

איצט איז שטיל אַרום אים. דער ווינט פון דרויסן רוישט נאָר אַריין דורך די ברייטע פענצטער פון הויז וואָס שטייט אין דער לעצטער שורה מיטן פּנים צום פעלד. דער רונדער וועקזייגער מיטן פּאַספּאַרנעם ציפער־בלאַט טיקעט מאָנאָטאָן אַראָפּ פון דער דעמבענער קליידער־שאַפע און מאַכט ווי נאָך שאַרפער די שטילקייט אינעם צימער.

שמעון איז קראַנק. שוין לאַנגע וואָכן ווי ער ליגט צו בעט. און ווייל דאָס איז נישט קיין סתם קראַנקייט מיט אַביסל היץ פון וועלכער מען ווערט גיך פּטור, נייערט אַ פאַרשלעפּטע אינעווייניקסטע קרענק, איז פאַרשטייט זיך, אַז דער קראַנקער פאַלט אַריין אין עצבות.

אין קיבוץ טרעפט, אַז אַ חבר פאַלט אַרויס פון דער שורה. די ערשטע טעג איז אַביסל שווערלעך, אָבער דערנאָך פאַרנעמט עמעץ אַנדערש זיין אָרט. די ערשטע טעג גייט מען נאָך צו אים אַריין, מען שמועסט וועגן דאָס און יענץ, דעם קראַנקן ווערט אַביסל גרינגער אויפן געמיט, ער פילט אַז ער איז נאָך נויטיק, ער פעלט אויס, מען דאַרף אים האָבן. אָבער וואָס לענגער זיין קרענק פאַרציט זיך ווערט ער אַלץ מער צוביסלעך פאַרגעסן, ווערט ווי אויסגעשלאָסן פון קרייז פון די אַרבעטנדיקע. זיין אָרט האָט שוין עמעצער פאַרנומען, ער פעלט שוין נישט אַזוי ביי דער אַרבעט, מען באַגייט זיך שוין אָן אים. אויך זיין עצה איז נישט נויטיק. מען הויבט אָן אַריינקומען זעלטענער, דער קראַנקער ווערט ווי פאַרשאַרט אין אַ זייט, ער הויבט זיך אָן פילן אַלס איבעריקער — און דאָס דערשלאָגט אים.

אמת, דאָ איז נישטאָ קיין פראַגע פון פרנסה. אַלץ פירט זיך ווי פריער, די קינדער לערנען, דעם קראַנקן שטעלט מען צו אַלץ וואָס ער באַדאַרף. אָבער דאָס דערפילן זיך אַז מען איז געבליבן אָן אַ זייט אין אַט דעם קאָכעדיקן קאָלעקטיוו וווּ יעדער איינער איז פאַרטאָן אין דער אַרבעט, דערשלאָגט. הויבט מען זיך אָן פילן וואָס ווייטער אַלץ איבעריקער. בפרט אין די פרימאָרגנס, ווען מען הערט די אייליקע טריט פון די חברים, יעדערער לויפט צו זיין אַרבעט און אַרום, אין אַלע הייזער בלייבט אַזאַ ליידיקע פוסטקייט. הויבט דער קראַנקער אָן צו פילן די פוסטקייט אין זיך, אין זיין געביין.

די און ענלעכע געדאַנקען האָבן געמאַטערט מיין חבר שמעונ׳ען אין די איינזאַמע שעהן ווען ער איז טעג־לאַנג געלעגן קראַנק אין זיין בעט. די פרוי, ווי געוויינלעך ביי דער אַרבעט; די צוויי קינדער זיינע, כאַפּן זיך אַריין צו אים אין די אָוונטן אויף עטלעכע געציילטע שעהן און ווערן

נעלם; יעדערער פון זיי איז פאַרנומען אין זיין אייגענעם קרייז, מיט אייגענע ענינים.

ער האָט פאַר מיך זיך נישט פאַרטרויט, אָבער איך האָב די פאַרביטער־רונג אַרויסגעלייענט פון זיין געזיכט. אים איז שווער געווען זיך צוגע־וויינען צו דעם מצב. און איך, מיט וואָס האָב איך אים געקאָנט טרייסטן?

אָבער אויב די ערשטע צייט האָט שמעון פאַרביסן פאַרשוויגן פון דעם וואָס עס טוט זיך אין זיין געמיט, האָט ער פאַר מיר אין איינעם אַן אָוונט, אַן עפן אויף געטאָן און אַנטפּלעקט די ווונד, וואָס פאַרשאַפט אים נישט ווייניקער גייסטיקע יסורים, ווי זיין קראַנקייט — פיזישע.

געווען איז עס אין אָוונט, ווען כ׳בין צו אים אַריין ווי שטענדיק נאָך דער אַרבעט און נאָכן טוש. איך האָב אים געטראָפן ווי געוויינלעך ליגן אין בעט. צווישן קאָלדרע און קישן האָט זיך אַרויסגעזען אַ טייל פון זיין בלאַסער באַק מיט אַ באָרדיקן אָנוווקס, וואָס איז שוין ווייזט אויס עטלעכע טעג נישט געראַזירט געוואָרן.

שמעון איז געשלאָפן, אפשר זיך געמאַכט שלאָפן, בכל אופן נישט אַרויסגעוויזן קיין סימן פון וואַך זיין, אַפילו נישט אַן עפן געטאָן אַן אויג, ווען די טיר האָט שאַרף אַ סקריפּע געטאָן הינטער מיר.

איך האָב דערווייל באַטראַכט שמעונ׳ס צימער, דער עיקר זיין גרויסע ביכער־שראַנק. ער איז אַ גרויסער ליבהאָבער פון ביכער און פאַרמאָגט אַ גאַנצע וואַנט מיט פּאָליצעס אין וועלכע עס זענען אַריינגעשטעלט הונדערטער ביכער אין יידיש, העברעיש און ענגליש.

קוק איך אויף די גראָבע רוקנס און אויף די זילבער און־גאָלד־גע־ליישטע אותיות, וואָס זענען אין זיי אַריינגעפּרעסט. טייל גוט־באַקאַנטע ביכער, טייל אומבאַקאַנט. נעם איך אַרויס דאָ און דאָרטן אַ בוך, מיש די דינע בלעטער, פאַרטיף זיך אין אַ שורה און מיט אַ מאָל פיל איך אויגן, כאָטש איך זע זיי נישט; — איך שטיי אויסגעדרייט מיט דער פּלייצע צום קראַנקן, — דאָך פיל איך ווי שמעונ׳ס אויגן דרינגען מיך אַדורך ווי רענטגען־שטראַלן. איך האָב זיך אומגעקערט מיטן פּנים צום בעט. דער קראַנקער איז געזעסן אָנגעלענט אויף דער רעכטער האַנט און געקוקט אין

מיין ריכטונג, געקוקט ווי ער וואָלט זיך געוואָלט דערמאָנען, ווער איז דער חבר וואָס שטייט אין צימער?

אין אָוונט־ליכט וואָס האָט אַריינגעשטראָמט דורכן ברייטן פענצטער, איז ער אויסגעקומען אַ סך עלטער ווי ער איז. פון אונטערן עטוואָס גרוי־לעכן לאָק האָר, וואָס איז אים שיטער צעפאַלן אויף זיין שטערן האָבן פיבערדיק אַרויסגעקוקט זיינע קלוגע אויגן.

נאָר באַלד האָט זיין נישט־אַרומגעראַזירט פנים זיך אַ קנייטש געטאָן אין אַ שמייכל:

— אַ שאָק מיט יאָרן נישט געזען דיך!

געוועזן ביי אים מיט דריי טעג צוריק. אין קבלת־פנים האָב איך דער־פילט די ביטערקייט, וואָס האָט זיך אים אָנגעזאַמלט אין משך פון זיינע קראַנקע טעג.

דער שמועס אונדזערער האָט זיך אויך אָנגעהויבן פירן שווערלעך. זעענדיק אַז אויפן בענקל לעם בעט ליגט אַ נישט געבונדענער באַנד פון „ד״ר זשיוואַגאָ״, האָב איך געפרוווט אַרויפפירן דעם שמועס וועגן פּאַס־טערנאַקן דעם ייד מיט דער קריסטלעכער נשמה, אָבער שמעון האָט פאַר־ביסן געשוויגן, זיך געוויקלט אין דער ווייסער קאָלדרע, מיך אָנגעקוקט פרעמד און ווייט, ווי די טעמע וואָלט אים דאָס מאָל לחלוטין נישט אָנ־געגאַנגען.

האָב איך גענומען דערציילן וועגן די גרויסע שאָדנס, וואָס די לעצ־טע קעלטן און ווינטן האָבן אָנגעטאָן אין אונדזערע באַנאַנען־פּלאַנטאַציעס — איך ווייס אַז צו דעם איז ער נישט גלייכגילטיק, ער אינטערעסירט זיך מיט אַלץ, וואָס קומט פאָר אין משק; בפרט אַז אַליין האָט ער געפלאַנצט די באַנאַנע־וועלדלעך און זיך מיטגעפרייט מיט זייער גוטער אַנטוויקלונג און פיינעם יבול, וואָס זיי האָבן געגעבן גלייך פון די ערשטע יאָרן. ער האָט מיך אויסגעהערט געדולדיק, אָבער אויך דאָס האָט זיין האַרץ היינט נישט גענומען. איך האָב דאָס דערקענט אָן זיינע הענט וואָס האָבן זיך יע־דעס מאָל פיבערדיק אַ וואָרף געטאָן, ווי זיי וואָלטן געוואָלט כאַפּן לופט און אָנגעכאַפּט דאָס ווייסע ליילעך.

אַ פֿײַנלעך שווײַגן איז אַרײַנגעטראָטן. די פֿאַרמאַכטע פֿענצטער האָבן פֿון שטאַרקן ווינט אין דרויסן זיך געטרייסלט, געקלאַפּט מיט די ראַמען אין די לויזע אושאַקן. ס׳האָט געטונקלט און כ׳האָב אָנגעצונדן אַ קליין טישלעמפּל, עס זאָל נישט שטערן דעם קראַנקן.

איצט איז שמעונ׳ס, פֿון ווינט־און־זון צעקנייטשט געזיכט געווען אין שאָטן. ס׳האָבן זיך נאָר אַרויסגעזען די פֿליישיקע ליפּן זײַנע ווי זיי וואָלטן זיך באַוועגט.

און אָט איז ער — אומגעריכט פֿאַר מיר — אַרויס מיט לשון:

— ווי לאַנג בין איך דאָ? — גיט ער מיך פּלוצלונג אַ פֿרעג — מיר זענען דוכט זיך געקומען צוזאַמען אין לאַנד אַרײַן און אין קיבוץ. שוין זעקס און צוואַנציק יאָר. די ייִנגסטע און בעסטע יאָרן אין לעבן פֿון אַ מענטשן. איך האָב אָט די יאָרן פֿאַרטאָן אין קיבוץ, שטענדיק ביי דער אַרבעט, ביי די פּשוטע אַרבעטן אין פֿעלד צי אין גאָרטן; אין אַלץ וואָס דאָ איז דאָ שטעקט אויך מײַן אַרבעט, מײַן שוויס. און דאָך די עטלעכע מאָנאַטן פֿון מײַן קראַנק זײַן האָבן צעטרייסלט מײַן זיכערקייט, מען האָט מיך אָפּגעשאַרט אין אַ זײַט פֿון לעבן און איך פֿיל זיך מיט אַ מאָל אומנויטיק און איבעריק צווישן חברים. אמת, זיי זאָרגן פֿאַר מיר און מען שטעלט מיר צו אַלץ וואָס אַ קראַנקער דאַרף האָבן, דאָך פֿיל איך ווי דאָס וואָלט מען מיר געשענקט, מיר אַ נדבה געגעבן, ווי דאָס וואָלט נישט געווען מײַנס, פֿאַרהאָרעוועט דורך יאָרן.

שמעון איז געבליבן שטיל. איך קוק אויף אים — זײַן פּנים, אַ מאַסקע, ווי נישט ער וואָלט מיט איין מינוט פֿריער אַרויסגעזאָגט אָט די שרעקלעכע רייד.

מיך האָבן אויפֿגערעגט שמעונ׳ס ווערטער און איך האָב כמעט אַרויסגעשריִען:

— האָסט אַ טעות, צי דען דאַרף אַזוי זײַן דאָס געפֿיל ביי אַ חבר וואָס ווערט קראַנק? ווער איז דען דער קיבוץ? איך, דו, ער, זי, יעדער איינער פֿון אונדז איז דאָך עלול צו זײַן קראַנק און טייל מאָל שווער און אויף לאַנג.

לכתחילה איז מיר אויסגעקומען, אַז כ׳האָב מיינע ווערטער געוואָרפן צו אַ ליידיק בעט. שמעון איז געלעגן ווי פאַרשטיינערט און זיך קיין באַוועג נישט געטאָן.

נאָר אָט איז צו מיר דערגאַנגען זיין שטיל קול, שוין אַ באַרויִק־טער, ווי ער וואָלט זיך פאַרענטפערט:

— איך באַשולדיק נישט קיינעם, אָבער דער מינדערווערטיקייטס־געפיל שטעקט אין יעדן איינעם פון אונדז וואָס פאַלט אַרויס פון דער אַרבעט אויף אַ לענגערער צייט. ווי שווער איז אַ קראַנקן אַריינצוגיין עסן אין חדר־האוכל ווען אַלע קומען פון דער אַרבעט. איך פרעג, פאַר וואָס איז אַזוי? ס׳איז דאָך זיין היים, און דאָך נישט קיין היים...

שמעון איז אַנטשוויגן געוואָרן, זיך אויסגעדרייט צו דער וואַנט. אויך איך האָב געשוויגן און זיך פאַרטראַכט. ס׳איז געווען וועגן וואָס צו טראַכטן און נאָכצוטראַכטן.

## פינף און צוואַנציק יאָר

ווען ראובנען איז נעכטן געוואָרן פופציק יאָר און גלייכצייטיק פינף און צוואַנציק יאָר צו זיין אַריינקומען אין לאַנד און אין קיבוץ, — האָב איך אין מיין קליינעם גאָרטן אָנגעריסן ראָזע נעגעלעך, רויטע רויזן און פינף גרויסע, ווייסע „כלות״. ווען איך האָב עס צו אים אַריינגעטראָגן, איז אין אָט דעם צימער פון אַלטן בחור קיינער נישט געווען און שטאַרק, שטאַרק האָט זיך געפילט אַז דאָ פעלט די צאַרטע אָבער זיכערע האַנט פון אַ פרוי. אויפן טיש זענען געלעגן אָנגעהויפט אַלטע צייטונגען און זשורנאַלן. דער „אוריאן״־־ראַדיאָ איז געווען צוגעדעקט מיט געדיכטן שטויב ווי מיט אַ גרוי טישטעכל. אין די ווינקלען, צעהאַנגען צויטן פון פּאַוועטינע, אַ האַלב גלאָז טיי איז געשטאַנען אויפן ביכער־שענקל און רעשטלעך פון פּאַפּיראָסן אויפן דיל.

איך האָב צוגעקליבן זיין צימער און זיך גענומען אויפזאַמלען די פאַרשטויבטע בלומען־בעכערס וואָס זענען געווען צעוואָרפן און צעשפּרייט

איבערן חדר. אין הויכן בעכער פון בלויען פאַרצעלאַן, וואָס איז זעלטן פּיין אַרומגעשליפן ביי די ברעגן האָב איך אַריינגעשטעלט די „כלות", אָנגעגאָסן מיט פריש וואַסער פון קראַן. דעם צווייטן בעכער, אַ קופּער־נער, אויסגעהאַמערט ווי די דלאָניע פון אַ מענטשלעכער האַנט מיט אָפענע פינגער, האָב איך געפונען אויף דער בגדים־שאַפע. אויסגעטרייסלט פון אים אַ צענדליק טויטע פליגן און עטלעכע אויסגעטרוקנטע שמעטערלינגען האָב איך אין אים אַריינגעשטעלט די רויטע רויזן. זוכנדיק נאָך בעכערס האָט זיך געעפנט די טיר און ראובן איז אַריין אין זיין באָדכאַלאַט און דער ברייטער האַנטעך פאַרוואָרפן אויפן לינקן אַקסל. דאָס איז ער איצט אָנגעקומען פון קאַלטן שפּריץ־באַד, וואָס ער האָט זיך גענומען נאָך דער אַרבעט. ער האָט אויפגעעפנט אַ פּאָר גרויסע שוואַרצע אויגן, דערזעענדיק מיך זיך פאַרען אין זיין וווינונג.

— און איך האָב געמיינט — זאָגט ער — אַז קיינער וויס נישט און געדענקט נישט מיינע יאָרן און וויפל איך בין דאָ אין לאַנד.

ער האָט געשמייכלט און די גרויע שלייפן זיינע האָבן מיטגעשמייכלט. די דינע קנייטשן אויף זיין טונקל געזיכט זענען פון צופרידנקייט ווי אויסגעגלעט געוואָרן און פאַרווייכט זיין שיין פּנים, ווי עס וואָלט זיך צעליכטיקט פון אינעווייניק.

— דו, ראובן, האָסט זיך פאַרגעסן מסתמא, אַז מיט פינף און צוואָנציק יאָר צוריק זענען מיר געפאָרן צוזאַמען פון ווילנע קיין ווין און פון ווין קיין טריעסט ווו מיר האָבן זיך אַרויפגעזעצט אויף דער שיף „איטאַליע" און די שיף האָט אונדז אין אַ שבתדיקן פאַרטאָג געבראַכט צו די יפוער שטורמישע ברעגן און פון תל־אביב דאָ אין קיבוץ.

— קען מען עס פאַרגעסן? — דאָס איז דאָך ערשט נעכטן געווען. קען מען פאַרגעסן וואָס עס איז נעכטן געווען? איך זע דאָך נאָך די אַראַבער אין ברייטע פלודערן וואָס האָבן אונדז פון שיף אין זייערע לאָדקעס אַריינגעטראָגן. אויב אַזוי איז דאָך עס טאַקע אונדזער ביידנס שמחה, איז לאָמיר מאַכן אַ לחיים...

און ראובן איז צו צו זיין שאַפּקעלע אין וואַנט און פון דאָרט אַרויס־

גענומען אַ פּלעשל קימעל־ליקער מיט צוויי גלעזלעך גרויס ווי קינדערשע געביילטע פויסטן. ער האָט אין זיי פון פּלעשל אַריינגעגאָסן די ליכטיקע פּליסיקייט וואָס האָט אין פאַרנאַכט געקראָגן אַן עטוואָס בלוילעכן קאָליר.

איך האָב געקוקט אויף מיין חבר וואָס די יאָרן און די האַרעוואַניע האָבן זיך אָנגעהויבן אָנזען אויף אים. אין זיין נאָך געדיכטער שוואַרצער טשופּרינע האָט זיך שוין אַריינגעמישט אַ גרויער לאָק האָר. זיינע גרויסע שוואַרצע אויגן אונטערן הויכן שטערן פון אַ תלמיד חכם האָבן מיך נאָך דעם צווייטן גלעזעלע אַדורכגעבויערט דורך און דורך, זיין בליק איז דאָס מאָל געווען ספּעציעל שאַרף אָנגעפילט מיט בענקשאַפט אַז איך האָב אָפּגעווענדט מיין קוק אַן אַ זייט.

ער האָט דערפילט מיין פאַרלאָרנקייט און גענומען רעדן:

— שוין פינף און צוואַנציק יאָר אַוועק, ווי פּוסט דאָס אָרט איז דאָ געווען און איצט שלאַנקע באַבלעטערטע בוימער, ווייסע הייזעלעך, גראָז־טעפּיכער, רעש פון קינדערלעך, גרינע פעלדער אַרום, געברום פון טראַק־טאָרן. דאָ איז פול מיט לעבן און מיר האָבן זיך פאַרגעסן, אַז נישט לאַנג צוריק האָט זיך דאָ וויסטעניש געשפּרייט מיט מדברדיקן הייסן זאַמד אָן אַ ברעקל שאָטן דורך פלאַמיקע טעג, מיט ווילדן געיאָמער פון די שאַקאַלן דורך די נעכט.

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן ווי ער וואָלט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, אַרויסגעקוקט אַ ווײַלע דורכן פענצטער אויפן אָוונטיקן דרויסן און ממשיך געווען:

— פינף און צוואַנציק יאָר קיבוץ איז אַ שפּאַר שטיקל וועג. האָט זיך דער קיבוץ געענדערט פאַר דער צייט, אָדער מיר האָבן זיך געענדערט? זע, אונדזערע באַקוועמע וווינונגען מיט קאַלט און וואַרעם וואַסער, ווי וויט זיי זענען פון יענע חלוצישע צריפים צונויפגעקלאַפּט פון דינע ברעטלעך געדעקט מיט בלעך, ווו מיר האָבן זיך געבראָטן אין די זומער־דיקע טעג און געפרוירן געוואָרן אין די ווינטערדיקע נעכט. מיר האָבן אַמאָל פאַרמאָגט איין אויבער־העמדל און אַ פּאָר כאַקי־הויזן, אָבער דער־פאַר אַ סך גלויבן אין אונדזער וועג, און היינט פאַרמאָגן מיר אַ סך באַק־

וועמלעכקייט אָבער דער גלויבן איז געוואָרן שוואַכער. מיר האָבן אין משך פון די צענדליקער יאָרן געשפּאַנט פּאָראויס און דאָך איז דער סך־הכּל נישט קיין גאָר געהויבענער ווי עס וואָלט געדאַרפט זיין.

ראובן האָט אָפּגעהאַקט, געבליבן שטיל. דאָס קליינע בעכערל מיט ווייז האָט זיך ווי פאַרלאָרן אין זיין גרויסער פויסט וואָס ער האָט זי גע־האַלטן פאַרקלעמט, ווי דעם געדאַנק זיינעם וואָס ער האָט אים פאַרקלעמט אין זיך און נישט אַרויסגעזאָגט אין גאַנצן. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס איצט אַרויסגערעדטע דורך ראובנען איז פון אַ לאַנגן ויכוח מיט זיך אַליין.

די פינצטערניש פון אָוונט האָט אויסגעפּילט די קליינע צוויי צימער־לעך. ס׳האָט זיך נישט געוואָלט אָנצינדן קיין ליכט. נישט דער ווייז און נישט די דערמאָנונגען האָבן קיין אויפמונטערונג נישט אַריינגעבראַכט.

שטיל איז מיין חבר געבליבן זיצן, מיר האָבן ביידע געשוויגן, נאָר דער הויכער טאָפּאָל־בוים ביים אָפענעם פענצטער האָט זיך אויף אַ גאָר ברייטן אופן צעשמועסט מיטן ווינט...

## מיין חבר ראובן

איך שטיי ווי צוגעקלעפּט צום פענצטער און קוק אַרויס אין דער נאַכט. אַ נאַכט, אַ האַרבסטיקע, אַ פינצטערע, וואָס פאַרבט אָפּ אַלץ אויף שוואַרץ, די הייזער, די בלומען — גערטנער, די ווייכע טעפּיכער גראָז, דעם הימל איבער זיי. אַלץ איז שוואַרץ און אין האַרץ דריקט אויך אַזאַ שווערער אומעט און ס׳איז נישטאָ אָן וואָס זיך אָנצוכאַפּן.

נאָר אָט, אין איינעם פון די אויסגעלאָשענע הייזעלעך לויכט אַרויס אַ פענצטער, וואָס שניידט זיך אַריין, ווי אַ ליכטיק אינדזעלע אין דער ימיקער שוואַרצקייט. די גאַנצע מחנה שלאָפט, דער גאַנצער קיבוץ שלאָפט נאָכן שווערן שווייסיקן טאָג פון מי, נאָר עמעצער איז וואַך, זיצט מן הסתם פאַרבויגן איבער אַ בוך, ווי אַמאָל די טאַטעס אונדזערע איבער זייערע הייליקע ספרים.

ס׳איז שפּעט נאָך האַלבער נאַכט. איך ווייס ווער דער עמעצער איז,

מיר איז באַקאַנט דער צער וואָס פּרעסט זיין האַרץ און לאָזט אים נישט איינשלאָפן אין אָט דער שפּעטער שעה. ווי וואָלט זיך מיר געוואָלט צוגיין און אָנקלאַפּן אין דער ליכטיקער שויב, אַריינגיין צו דעם חבר אין צימער, זיך זעצן אַנטקעגן אים און שווייגן. זאָל ער כאָטש פילן אַז נאָך עמעצער איז וואַך מיט אים אין אָט דער נאַכט. זאָל אָט די שווערע איינזאַמקייט אַזוי נישט דריקן מיט גאָר דער גרויזאַמקייט אירער אויף אים אַליין; אין צווייען אין גרינגער, איז לייכטער אַדורכצוטראָגן שווערע שטימונגען.

איך קאָן דעם חבר ראובן, וועמעס פענצטערל עס לייכט אין דער אַרומיקער פינצטערניש. שוין באַלד אַ פערטל יאָרהונדערט ווי מיר גייען צוזאַמען צו דער אַרבעט און פון פעלד, זיצן אָפט ביי איין טיש אָדער ליגן אויפן קילן גראָז — נאָך אַ זומערדיקן טאָג מי — און שמועסן.

זיצט ער איצט אוודאי, ווי זיין געוווינהייט איז, איבערגעבויגן איבער אַ בוך; אָבער ער זעט אוודאי נישט קיין שורות און נישט קיין ווערטער; ער לייענט נישט דאָס בוך, נייערט זיין אייגן לעבן...

אויך פאַר מיר גייען אַדורך זיינע יאָרן. מען איז דאָך דאָ אַזוי נאָענט, אַ הויז לעם אַ הויז, אַ טיר לעם אַ טיר; דעם חבר׳ס לעבן איז דאָך דאָ דורכזיכטיק, ווי דורך אַ גלאָז; קיין זאַך ווערט נישט פאַרהוילן פון אַ צווייטנס אויג.

ראובן איז אַהערגעקומען יונג, אַ צוויי און צוואַנציק יעריקער בחורל. דאַן זענען מיר נאָך אַלע געוועזן יונג. אויך די קיבוצים זענען דאַן געווען נאַקעטע שטיקער ערד, באַדעקט מיט געצעלטן און אויפגעשטעלטע הייזע־לעך פון האַלב־צעפוילטע ברעטער; צריפים האָבן מיר אָנגערופן די וווינונגען. ס׳זענען קיין בוימער נאָך נישט געווען, קיין ברונימער מיט וואַסער; די ברייטע שטחים אַרום זענען נאָך געלעגן אין זייער בתולה־דיקער פאַרווילדקייט, וואָס דורות האָט זיי קיין מענטשלעכע האַנט נישט צעאַקערט, נישט באַאַרבעט.

ער איז אַהער געקומען, ווי מיר אַלע, יונג און אין זיך געטראָגן די גרויסע אידייע פון איבערבויען אַ פאָלק. אַ פאָלק וואָס האָט לאַנגע דורות געלעבט אַ קליינבירגערלעך־קרעמעריש לעבן זאָל דאָ ווערן פּראָדוקטיוו.

ראובן האָט אַלע מאָל פײַנט געהאַט דעם טאַטנס קראָם, כאָטש ס׳איז געווען אַ גרויס רײַך שניטגעשעפט און האָט געגעבן גוט פּרנסה אויף אויס־צוהאַלטן אַ שטוב מיט קלײנוואַרג, מיט דינסטן, און אַז די קינדער זענען אונטערגעוואַקסן האָט אָט די קראָם דערמעגלעכט זײ צו פֿאָרן לערנען אין די נאָענטע שטעט. און טאַקע פֿון אײנער אַזאַ שטאָט, ווו ראובן האָט געלערנט, איז ער שוין נישט צוריקגעפֿאָרן אַ הײם נאָר איז אַוועק קײן קלעסאָוו, ווו ס׳איז געווען אַ קיבוץ־הכשרה און פֿון דאָרטן קײן ארץ־ישׂראל.

גלײַך פֿון שיף איז ער אַרײַן אין אַ קיבוץ, ער איז געקומען מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער ווי איך, און ווײַל בײַ מיר אין געצעלט איז גע־שטאַנען אַ לײדיק בעטל איז ראובן געוואָרן מײַן שכן און שותּף צום געצעלט פֿון זײַן ערשטן טאָג אָנקומען אין לאַנד.

ער האָט מיט ברען זיך אַרײַנגעוואָרפֿן אין דער אַרבעט און זײַנע ווײכע צאַרטע הענט פֿון אַ גימנאַזיסט זענען גיך באַדעקט געוואָרן מיט בלאָטערן און אײטערדיקע װוּנדן, וואָס די טוריע האָט אים אויסגעבראָטן.

ראובן האָט אין זיך דורשטיק געהאַט אַרײַנגעזאַפּט די רײד פֿון די ארץ־ישׂראל־שליחים וואָס זענען געקומען אין זײַן שטעטל רעדן וועגן דער גרויסקײט פֿון קיבוץ־לעבן. ס׳איז געפֿאַלן אויף זײַן יונג און גליאיק געמיט: דאָ אין לאַנד האָט ער עס פֿאַרווירקלעכט מיט זײַן לײַב און שווײס.

אין די פֿרימאָרגנס זענען מיר צוזאַמען געלאָפֿן מיט די טוריעס אויף די אַקסלען און מיט קערבעלעך שפּײַז אויף די אָרעמס. מיר פֿלעגן לויפֿן קילאָמעטערס ווײַט דורך זאַמדיקע שטחים צו באַאַרבעטן די פֿרעמדע פּרדסים. דאַן האָבן מיר נאָך קײן אײגענע נישט געהאַט.

יאָרן זענען אַוועק, יאָרן פֿון שווערער מי. דער קיבוץ איז זיך צע־וואַקסן און אַנטוויקלט. פֿאַרשווונדן זענען די געצעלטן און אויך פֿון די צריפֿים איז קײן סך נישט געבליבן. אינעווײניק אין די געמויערטע ווױנונ־גען האָט זיך באַוויזן פֿײַן מעבל. פֿאַרשוווּנדן איז דער „פּח" וואָס האָט געדינט פֿאַר אַ בענקל, און דער קאַסטן וואָס האָט געדינט פֿאַר אַ טיש. ס׳זענען שוין געווען שטולן און אַ מאָדערנער טיש. ס׳האָבן זיך שוין אין

אונדזערע צימערן באַוויזן פיין געשניצטע שאַפעס און שראַנקען מיט ביכער, פאָטעלן און ראַדיאָס. צוזאַמען מיט דער באַקוועמלעכקייט אין צימער איז אויך געוואָרן באַקוועמער צו לעבן, מען לויפט שוין נישט אַרבעטן אין די פרעמדע פּרדסים אונטער דער אויפזיכט פון אַ משגיח, אַ נוגש. אין אונדזערע גרויסע און פיין צעוואַקסענע פּרדסים האָבן אָנגע־הויבן פעלן הענט צו דער אַרבעט און אַ סך וויכטיקע אַרבעטן האָבן מיר שוין נישט באַוויזן אָפּטאָן אין דער צייט.

ראובן איז אַדורך אָט די אַלע יאָרן מיטן זעלבן חלוצישן ברען, וואָס האָט זיך אין אים אָנגעצונדן אין די ייִנגלשע יאָרן און אַזוי ערלעך איז ער פאַרבליבן אין זיין ווייטערדיקן גאַנג. אָבער אין זיין אייגן לעבן, אין זיין פּריוואַטן משפּחה־לעבן איז אים נישט געגאַנגען, דער גורל האָט אים ביטער געשלאָגן.

ער האָט חתונה געהאַט אין קיבוץ מיט אַ חלוצה און ווען זי האָט אים דעם ערשטן זון געבוירן, איז זי אַליין אַוועק פון דער וועלט, געשטאָרבן אַ וואָך נאָכן קינפּעט.

דער שווערער גורל זיינער האָט אים געשלאָגן, אָבער נישט דער־שלאָגן. ראובן האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט מיט נאָך מער ברען, גענומען אויף זיך וואָס מער יאָכן אין פּרדס און אין אָוונט האָט ער געפונען צייט פאַר געזעלשאַפטלעכע און פאַרשידענע ועדות, אויס־געפירט מיט ליבשאַפט אַלץ וואָס דער כּלל האָט אויף אים אַרויפגעלייגט און אויך אָפּגעשפּאָרט צייט פאַר אַ בוך.

ער איז געווען גאַנץ מיט זיין וועג, און ער האָט נישט באַמערקט די אַלע ענדערונגען וואָס קומען פאָר אין קיבוץ. אין די שמועסן מיט זיין זון האָט ער אים דערציילט וועגן זיינע באָבעס און זיידעס, פעטערס און מומעס וואָס זענען אומגעקומען אין פּוילן, אָפּגעמעקט און פאַרשניטן געוואָרן און נאָך זיך קיין זכר נישט געלאָזן. ראובן האָט זיין זון געוואָלט דערנעענטערן צו יענער וועלט פון נעכטן, צו יענע ערלעכע ייִדן, וועמענס בלוט עס פליסט נאָך אין זיין זונ׳ס אָדערן. אָבער ווי ווייט איז דער זון זיינער אַוועק פון זיידן, גאָר ווי פון אַן אַנדער פּלאַנעט.

קיין סך צייט האָט ער פֿאַרן זון נישט געהאַט. ראובן האָט זיך אויס־געלעבט אין דער אַרבעט, שטענדיק מיד און פֿאַריאָגט אין כלל־ענינים. שוין אין בעט ליגנדיק, פֿלעגט ער נעמען לייענען, דערנאָך פֿלעגט דאָס בוך בלייבן ליגן אָפֿן און פֿאַרגעסן.

דער זון האָט געלעבט זיין לעבן צווישן די אַלע זין פֿון קיבוץ. צייטנווייז ווען ראובן פֿלעגט באַטראַכטן דעם זון און זיינע חברים איז אים אויסגעקומען, ווי דאָ וואַקסט אויף אַ דור, וואָס נישט נאָר ער קען נישט זיינע זיידעס, נאָר אַפֿילו זיינע עלטערן.

די גאַנצע פֿרייד פֿון לעבן, דער גאַנצער אָנהאַלט זיינער איז געווען פֿאַר אים דער זון; דער זון וואָס איז אויסגעוואַקסן אַ שלאַנק דין בחורל, מיט עטוואָס חוצפּהדיק פֿאַרשייטע ברוינע אויגן אונטער שוואַרץ־געדיכטע ברעמען. ראובן האָט אין אים געזען אַ המשך פֿון זיין וועג, וועלכן ער האָט אָנגעהויבן און דער נייער דור וועט אויסברייטערן און פֿאַרשענערן.

דער זון האָט געענדיקט די מיטלשול און אַוועק אין צה״ל. די דרייסיק חדשים זענען גיך אַדורכגעלאָפֿן, ער איז געקומען צוריק צו זיין טאַטן, צו זיין קיבוץ. די ערשטע צייט האָט ער געאַרבעט אויפֿן טראַקטאָר, דער־נאָך אין קושטאַל ביז אין איינעם אַן אָוונט איז ער געקומען און זיך געזעגנט מיטן קיבוץ, מיטן טאַטן און אַוועק אין שטאָט.

ראובנ׳ס וועלט האָט זיך אַ וואַקל געטאָן. ער האָט פּלוצלונג דערפֿילט אַז ער האָט זיך נישט אָן וואָס אָנצוכאַפּן. אַזוי דערפֿילט זיך מסתּם אַ בוים ווען מען רייסט אים אויס פֿון וואָרצל.

אַ גרויסער עלנט איז אויף אים אַראָפּ כאָטש ער האָט זיך ווי פֿריער געפֿונען צווישן זיינע הונדערטער חברים. ער האָט שטענדיק געוווּסט אַז אַ מענטש קאָן זיך אַמאָל פֿילן אַליין און פֿאַרלאָזן אַפֿילו אין אַ רוישיקער געזעלשאַפֿט, אים איז עס געווען באַקאַנט פֿון דער ליטעראַטור, וועגן געוויסע העלדן וואָס מען האָט באַשריבן. אָבער אַז אויך דאָ אין קיבוץ?..

אויף דער לעצטער אסיפֿה האָט ראובן געבעטן מען זאָל אים באַפֿרייען פֿון די פֿאַרשידענע כלל־פֿונקציעס און אים לאָזן אַ שטיקל צייט צו רו. אין די אָוונטן נאָך דער אַרבעט פֿאַרשליסט ער זיך אַליין אין צימער.

דער פלוצלונגדיקער אַוועקגיין פון זון האָט אים צעטומלט; האָט אײַנגעשרומפּן זײַן וועלט. זײַ גרויסע, ברייטע קיבוצישע וועלט איז אים געוואָרן מיט אַ מאָל ענג און זײַן וועג, וואָס האָט זיך געדאַרפט ציען אין דער ווייטער ווייטעניש, איז ווי אָפּגעהאַקט געוואָרן.

ווי מחיצות וואָלטן צעפאַלן, זע איך אים דורך מײַן שויב, אין זײַן אײַנזאַמקייט, אין אָט דער שווערער שעה פון זײַן לעבן. זײַן מידער קאָפּ איז אָנגעלענט אויפן ברעג טיש, דאָס בוך ליגט אָפן און פאַרלאָזן, ווי פאַרלאָזן ער איז אַליין אין אָט דער נאַכט און פאַרשלאָסן אין זײַן אייגענעם צער.

## שמעון

ווען שמעון האָט אָנגעקלאַפּט אין מײַן טיר איז שוין געווען היפּש שפּעט, איך האָב שוין געטראַכט פון גיין שלאָפן: דאָס בוך איז שוין געווען פאַרמאַכט און דאָס נאָפט־אויוועלע לאַנג אויסגעלאָשן. ער האָט אַרײַנגעשטעקט זײַן קאָפּ אין דער טיר־עפענונג און געפרעגט: מ׳קאָן?

— אוודאי — זאָג איך אים — קום אַרײַן, וואָס פאַר אַ פראַגע?

שמעון איז אַרײַן און מיטגעבראַכט מיט זיך דעם שאַרפן דעצעמבער־ווינט. זײַן גרוי קורטקעלע איז נישט געווען אָנגעטאָן אויף די אַרבל, נאָר בלויז אַרויפגעוואָרפן אויף די אַקסל. ווען ער האָט זיך אַרײַנגעזעצט אין אײַנציקן געפלאָכטענעם שטול, וואָס שטייט דאָ ביי מיר אין צימער, האָט זיך פון אים זײַן קורטקע אַראָפּגעגליטשט און ער איז געבליבן אין גרינעם סוועטער, און דער האַלדז פאַרוויקלט אין אַ ווייס־ברוינעם שאַל מיט בלויע קעסטעלעך.

זײַן פּנים, פון איבערגעברענטער ציגל־פאַרב, ווי ביי מענטשן וואָס אַרבעטן יאָרן אין פעלד, איז איצט געווען רויט און פאַרלאָפן פון ווינט. די צוויי ברוינע וואָנצעס איבער זײַנע פולע ליפּן זענען איצט געהאַנגען שלאַבערדיק, ווי דער ווינט וואָלט זיי פאַרוויײט.

איך האָב זיך שטאַרק געוווּנדערט אויפן שפּעטן וויזיט פון מײַן חבר,

געוויינלעך שלאָפט ער שוין לאַנג אין דער־אַ צייט. נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט גלוסט זיך נישט אַרומשפּאַצירן און אַנקלאַפּן אין פרעמדע טירן, בפרט אַז מאָרגן איז אַ געוויינלעכער אַרבעטס־טאָג און נישט שבת.

איך האָב זיך אָנגעהויבן פּאָרען ביי דעם עלעקטרישן טשייניק, כדי צוצוגרייטן אַ גלאָז קאַווע פאַר שמעונען, וואָס איז געבליבן שווער זיצן אין באַקוועמען נידעריקן שטול. ער איז געזעסן שטיל, ווי ער וואָלט געדרעמלט און ווי נאָר צוליב דעם איז ער אַריין אַהער, כדי צו זיצן אין אָט דעם שטול.

ווען איך האָב אים צוגעטראָגן דאָס הייסע גלאָז קאַווע, האָב איך געמאַכט אַ גלייכגילטיקע מינע, ווי פאַר מיר וואָלט געווען אַ געוויינלעכע זאַך זיין שפּעטער וויזיט. איך האָב זיך באַמיט נישט אַרויסווייזן קיין שום נייגעריקייט, זיין קאַלט. אָבער דווקא מיין רויִקייט האָט אים אויפגערעגט, און ער שטופּט אָפּ פון זיך דאָס גלאָז קאַווע מיט ביידע הענט.

— ניין, נישט איצט, איך בין לגמרי נישט דאָרשטיק... זעץ זיך בעסער אַוועק און פאָרע זיך נישט אַרום מיר, דעם אַלטן בחור. ווי איך קום נאָר אַריין מיינט מען אַז מען איז מיר עפּעס שולדיק...

ער האָט אָפּגעהאַקט, געאָטעמט שווער, זיין גרוי קורטקעלע האָט זיך פון אים אין גאַנצן אַראָפּגעגליטשט, געבליבן ליגן מיטן לינקן פּוטערנעם זייט אין דער הויך, און אין טונקלקייט פון צימער איז אויסגעקומען, ווי עס ליגט אַ חיה ביי זיינע פיס.

איך האָב דערפילט אַז עפּעס דריקט אים אין דער היינטיקער נאַכט, פילט אים אָן מיט אומרו.

עס האָט זיך מיר דערמאָנט זיין צעבראָכן לעבן, זיין לעבן, וואָס איז ווי אַוועק אָן אַ זייט. ער האָט זיך דאָ אין אונדזער גרויסער משפחה נישט אויפגעשטעלט קיין אייגן פאַמיליע־לעבן און יאָרן זענען אָפּגערונען און ער האָט זיך אַלץ מער פאַרוויקלט אין זיין איינזאַמקייט. פון זיין בחורישן צימער האָט קיין מאָל זיך נישט געהערט קיין פרויען־געלעכטער און נישט דאָס טייערע קינדערשע געוויין. פון דער אַרבעט קומענדיק, פלעגט ער זיך פאַרגראָבן אין אַ בוך, און אָפט אַזוי איינשלאָפן, נישט פאַרלעשנדיק

דאָס ליכט, ביז דער גרויער מאָרגן פלעגט אים אויפוועקן צו דער אַרבעט אין פעלד אַריין.

קוקנדיק איצט אויף אים, טויכט אויף פאַר מיר דאָס מיידל צוליב וועלכער זיין לעבן איז אַוועק אָן אַ זייט.

מיט אַ צען יאָר צוריק איז צו אונדז אין קיבוץ געקומען פון קפריסין אַ יונג שיין מיידל פון אַ יאָר ניינצן, אַ פריש צעבליטע רויז, מיט אַ ווונדער־לעך ליכטיקער הויט, מיט בלויע אויגן אונטער אַ שיינעם גלאַטן שטערן, און מיט אַ קאָפּ קאַשטאַנענע האָר, וואָס נעמען אַריין ווי אין אַ ווונדערלעכן ראַם דאָס שיינע געטאָקטע געזיכט, דעם ווייסן האַלדז.

עפּעס נישט קענטיק זענען אויף איר געווען די שרעקלעכע מלחמה־יאָרן, וואָס זי האָט אַלס קינד דורכגעמאַכט אין רוסלאַנד, ווו זי איז דאָרט פאַרוואָגלט געוואָרן מיט אירע עלטערן, אַנטלויפנדיק פון דייטש. דערנאָך די סיבירער קעלטן, ווו זיי זענען פאַרשיקט געוואָרן און איר טאַטע האָט דאָרט געאַרבעט אין די שאַכטעס.

ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט איז זי געווען אַ רונדע יתומה. אַ משפּחה פון וואַרשע האָט זי מיטגענומען אויפן צוריקוואַנדער פון פּוילן, דורך דייטשלאַנד, פאַריז, איטאַליע. די „אומלעגאַלע״ שיף אויף וועלכע זי איז געפאָרן קיין ארץ־ישראל, איז באַשאָסן געוואָרן דורך די ענגלענ־דער און פאַרשלעפּט געוואָרן קיין ציפּערן.

נאָך אַ האַלב יאָר אויפן אינדזל איז זי אָנגעקומען אין לאַנד. די וואָס האָבן זיך מטפּל געווען מיט די עולים האָבן זי אָפּגעשיקט אין קיבוץ.

צו אונדז אין קיבוץ איז זי אַריינגעפאַלן ווי אַ ליכטיקער שטראַל פון שארית־הפליטה. קיינער האָט נישט געקאָנט פאַרבייגיין גלייכגילטיק די שיינע יידישע טאָכטער רחל.

שמעון, וואָס איז שוין דאָן געווען אַריבער די דרייסיקער, אַ וותיק אין קיבוץ, איז ממש פון ערשטן טאָג צו איר צוגעקלעפּט געוואָרן, איר נאָכגעגאַנגען ווי אַ שאָטן, געהיט אירע טריט. געטאָן אַלץ כדי צו פאַר־גרינגערן איר איינבירגערן זיך צווישן אונדז. רחל האָט עס אָבער נישט באַמערקט אָדער זיך געמאַכט נישט באַמערקן. די ליבע, וואָס האָט זיך

צעפלאקערט ביי שמעונען אין האַרץ האָט געברענט אינעווייניק, שטיל, און פאַרברענט זיין האַרץ. ווען רחל האָט פאַרלאָזן דעם קיבוץ איז ער אַרומגעגאַנגען ווי אַ נישט היגער, ווי עס וואָלט אים געוואָרן פרעמד דער באָדן דאָ אויף וועלכן ער האָט געלעבט און געאַרבעט שוין באַלד צוועלף יאָר.

די ערשטע צייט איז ער נאָך פון מאָל צו מאָל געפאָרן אין שטאָט צו רחלען, פון דאָרט פלעגט ער קומען פינצטער ווי די ערד. שפּעטער — אויפגעהערט. זי האָט חתונה געהאַט אין תל־אביב מיט עמעצן אַנדערש און שמעון האָט זיין וויטיק פאַרטאָן אין אַרבעט. דער ערשטער אַרויס אין פעלד און דער לעצטער געקומען פון דער מי. מיט דער שקיעה פלעגט מען זען זיין הויכע פיגור אָנקומען פון די פּרדסים, מיט דער ברייטער טוריע פאַרוואָרפן אויפן אַקסל.

אָט זיצט ער איצט קעגן מיר. די יאָרן האָבן שוין זיין וווּנד פאַרהיילט, און אפשר נאָר כלפי חוץ. אַ סך ווייסן דאָ נישט פון זיין איבערלעבונג, זיין אַלט־בחורישקייט איז שוין געוואָרן אַ געווייגלעכע זאַך.

נאָך דעם אָוונט, מיט זיין פלוצלינגדיקן שפּעטן אַריינקום צו מיר, האָב איך דערקענט אויף זיין פּנים, ווי אָט די אַלטע וווּנד וואָלט צוריק אויף דאָס ניי זיך געעפנט. ער איז געזעסן אַזאַ שווייגנדיקער און גלייכ־צייטיק, ווי אַ סוד וואָלט געדריקט אויף אים, אַ סוד, וואָס ער ספקט, אים דערציילן אָדער נישט?

מיר האָבן ביידע שווייגנדיק גערויכערט. דער קאַלטער ווינט האָט יעדע ווילע אָנגעטראָגן אויף די שויבן הויפנס מיט דינעם רעגן, אַ בליץ האָט זיך געצונדן און ס'האָט זיך געהערט אַ וויט דונערן, ווי מ'וואָלט געקייקלט שווערע שטיינער אויף אייזערנע בלעכן. אין צימער ביי מיר איז געווען ביטער קאַלט און ס'האָט געצויגן אַרונטערצוקריכן אונטער דער וואַרעמער קאָלדרע. און דאָ זיצט שמעון און כ'ווייס נישט וואָס פלוצלינג? און כ'ווייסט נישט וואָס אין מיטן דערינען?

אפשר האָט שמעון איבערגעלייענט מיינע געדאַנקען. ער האָט האַסטיק

זיך אַ הויב געטאָן פון שטול, צעריבן דעם נישט דעררויכערטן פּאַפּיראָס אין אַש־שיסעלע און געזאָגט:

— ווייסטו ווען איך האָב געטראָפן היינט אין מיין צימער, קומענדיק פון דער אַרבעט?

ער האָט אָנגעקוקט מיין פאַרשלאָסענעם שווייגן און אַרויסגעזאָגט דאָס איינע וואָרט:

— רחלען!

איך האָב אים אָנגעקוקט פאַרוווּנדערט.

— יאָ, שטעל זיך פאָר מיין איבעררעשונג. היינט אוונט, אַריינגייענדיק אין מיין צימער, האָב איך געפילט אַז עמעץ איז דאָרט דאָ. כ׳האָב געמאַכט ליכטיק און צו מיין גרעסטער איבעררעשונג געטראָפן רחלען שלאָפן אויף מיין בעטל, יאָ, רחלען, די זעלבע רחל ווי מיט צען יאָר צוריק, בלויז עטוואָס פולער געוואָרן און עטלעכע דינע קנייטשן שניידן דורך איר אַלבאַסטער ווייסע הויט פון שטערן.

— פון פּלוצלינגדיקן ליכט אין צימער האָט רחל אויפגעעפנט די אויגן, מיך דערזען און רויט געוואָרן ווי אַ קליין מיידעלע...

— איצט איז שפּעט. נישט אַלץ וואָס זי האָט מיר דערציילט קאָן איך דיר איבערדערציילן. ס׳איז איר לכתחילה געווען גוט און די גוטסקייט האָט זיך גענומען קייקלען באַרג אַראָפּ. דער מאַן איז איר געשטאָרבן און געלאָזן מיט אַ קליין קינד. זי איז ווידער עלנט, אין איר עלנטקייט האָט זי זיך דערמאָנט אָן מיר און וויל גיין אין קיבוץ. איך וועל שטעלן די פראַגע אויף דער נאָענטסטער זיצונג פון דער מזכירות, אַז מען זאָל זי אָננעמען. אגב, וואָס איז דיין מיינונג?

שמעון האָט גערעדט אָפּגעהאַקט, מיט נישט קיין פאַרענדיקטע זאַצן, ווי ער וואָלט נאָך נישט געקומען צו זיך פון דער גרויסער איבעררעשונג פון רחלס פּלוצלינגדיקן קומען.

— וווּ איז זי איצט? — האָב איך אים געפרעגט.

— איך האָב איר דערווייל, אויף דער היינטיקער נאַכט אָפּגעגעבן מיין

צימער, איך וועל טאַקע נעכטיקן ביי דיר, און מיר וועלן גלייכצייטיק באַטראַכטן רחלס ענין.

— געוויס דאַרף מען זי צונעמען אין קיבוץ — האָב איך געזאָגט, זעענדיק ווי שמעונס פּנים איז פּלוצלינג געוואָרן אויפגעלעבט און אויס־געלייטערט, — אָבער עס דאַרפן נאָך קלאָר און אויפגעקלערט ווערן אַ סך זאַכן. דאָס קאָן מען טאָן מיט אַ רויִקן קאָפּ. לאָמיר עס לאָזן אויף מאָרגן, דערווייל כאַפּן אַ שלאָף...

אין דער פינצטער האָב איך געהערט ווי שמעון דרייט זיך אויף זיין געלעגער פון איין זייט אויף דער צווייטער, דער שלאָף איז קאָנטיק פון זיינע אויגן פאַרוואָגלט געוואָרן.

ווער קאָן וויסן וואָס קומט פאַר אין האַרץ פון אַזאַ איינעם, וואָס האָט איבערגעווייטיקט אַלע יסורים און שוין משלים געווען מיט דער איינזאַמקייט פון זיינע טעג, ווען פּלוצלינג קומט די ליבע און אַ האַלב־פאַרגעסענע געשטאַלט רייסט זיך צוריק אַריין אין דער אויסערלעכער רויִקייט, נאָך אַזויפיל יסורים.

ענדלעך איז שמעון איינגעשלאָפן מיט אַ געזונטן שלאָף, וואָס ער־לעכע און מידע מענטשן וויסן פון אים. איך ליג און טראַכט, ווי מאָדנע עס איז דעם גורלס וועגן, וואָס פירט צונויף אַ האַרץ מיט אַ האַרץ דורך פאַרשיידענע זיגזאַגן און שטרויכלונגען פון לעבן.

## לוי וואַסערשטראָם

פאַר מיר, ווי פאַר אַלע חברים פון קיבוץ, איז געווען אַ גרויסע איבערראַשונג דער פּלוצלינגדיקער אַוועקגיין פון אַלטן בחור לוי וואַסער־שטראָם. נאָך דעם ווי ער איז צענדליקער יאָרן געווען מיט אונדז, גע־אַרבעט געטריי און געווען איבערגעגעבן, האָט ער איצט, אין עלטער פון אַריבער פופציק, זיך אויפגעהויבן און אַוועק אין שטאָט, פון וועלכער ער האָט אַלע מאָל געווייכט.

טעג דורך אַנאַנד האָב איך זיך נישט געקענט באַפרייען פון דער

געשעעניש. געזוכט, געוואָלט געפינען די סיבה, וואָס אַזוינס האָט אים באַוויגן צו דעם לגמרי נישט גרינגן שריט אין דעם עלטער, ווען מענטשן זענען שוין על־פּי־רוב גוט איינגעאָרדנט און ער, לוי, איז אַרויס פון קיבוץ מיט הוילע צען פינגער, אָנצוהייבן בויען זיין לעבן פון דאָס ניי.

וואָס האָט אים געטריבן דערצו? ווו איז מיט איין מאָל אַהינגעקומען זיין התלהבות און זיין פאַרגלויבטקייט אין אונדזער וועג און אין קאָמונע־לעבן? איך האָב זיך געגריבלט, געפּרוווט צונויפבינדן פעדעם פון שטיקלעך אָפּגעריסענע שמועסן, וועלכע ס׳פלעגט מיר פון צייט צו צייט אויסקומען צו פירן מיט אים ביי דער אַרבעט, ביים טיש אין עסזאַל, אָדער ווי נאָענטע שכנים, אין די אָוונטן.

אַזוי זיך גריבלענדיק האָט אויפגעטויכט פאַר מיר די הויכע, עטוואָס איינגעבויגענע געשטאַלט פון לוי וואַסערשטראָם, זיין גאַנג פון, און צו דער אַרבעט, שטענדיק אין זיך פאַרשלאָסן. און האָט אָט ער זיך פּלוצלינג אויפגעהויבן, ווי אַ מאַן וועלכער אַנטוישט זיך אין זיין געליבטע, און פאַרלאָזט דעם קיבוץ, די חברים, די פעלדער און וויינגערטנער, אין וועלכע ער האָט זיין שוויס און זיינע יונגע יאָרן פאַרקנאַסטן; אַוועק אין אַ האַרבסטיקן פרימאָרגן און אַוועק מיט אַ לייכט וואַליזקעלע און — מיט אַ שווערן געמיט.

* * *

אין משך פון לאַנגע יאָרן איז לוי וואַסערשטראָם טאָג־טעגלעך אויפגעשטאַנען צו דער אַרבעט. ער איז געווען פון די ערשטע וואָס זענען געקומען אין עסזאַל פרישטיקן. אין אָט די פרימאָרגן־שעהן האָט מען נאָך דאָס רוב טישן נישט באַוויזן צו גרייטן, אָבער אויף געציילטע פון זיי, די וועלכע זענען געשטאַנען נאָענט צו דער קיך, זענען שוין געווען אָנגעשטעלט פולע טשייניקעס מיט קאָכעדיקן טיי. אין די געפלאָכטענע קערבעלעך זענען געווען אָנגעשניטן גאַנץ דיקע רייפטלעך פריש ברויט.

אין די קאַלטע ווינטערדיקע פרימאָרגנס איז לוי אַריינגעקומען פאַרוויקלט אין זיין דריי־פערטלדיקן גרויען אַרבעטס־רעקל. ביים אַריינגאַנג אין עסזאַל פלעגט ער פון רגילות שטענדיק כאַפּן אַ קוק אויפן הילצערנעם

באַשייבלטן טאַוול, ווו עס זענען געווען צעהאַנגען פֿאַרשיידענע מעל־דונגען און ידיעות, און זיך לאָזן גיין דורך די לאַנגע שורות פֿאַרמייקע־טישן. דער שווערער טראָט פֿון זיינע באַפּאַדקעוועטע שיך האָט אָפּגע־הילכט אויף דער שטיינערנער פּאַדלאָגע פֿון ליידיקן זאַל. מיט גרויסע זופּן האָט ער שטייענדיקערהייט געטרונקען דעם הייסן טיי, פֿאַרוויקלט אין ציַיטונגס־פּאַפּיר אַ צוויי פּענעצעס ברויט מיט פּוטער און זיך אַוועק־געלאָזן צו דער אַרבעט אין פּרדס.

פֿאַרנאַכט האָט מען אים געזען זיך אומקערן פֿון די סעדער, זיין פּנים גרוי, ווי די גרודעס טרוקענע ערד און צעשמיסן פֿון זון און ווינט. די שיטערע האָר האָבן זיך אים געקלעפּט צו זיין הויכן שטערן און די לאַנגע מידע הענט האָבן אים אַראָפּגעשווערט פֿון ביידע זייטן, ווי געוויכטער.

אין די זומער־פֿאַרנאַכטן, אָן אָפּגעפּרישטער נאָכן קאַלטן טוש, אין אַ וויס העמדל, זיצט לוי אויף זיין קליינער טעראַסע, לייענט, רויכערט, זעלטן פֿאַרפֿירט ער מיט עמעצן אַ שמועס. ער איז מער שווייגער ווי ריידער.

אַזוי איז ער יאָרן־לאַנג געגאַנגען צו, און פֿון דער אַרבעט. צוזאַמען מיט אַלעמען שטילערהייט געשלעפּט דעם יאָך. אויך אין די שבתדיקע טעג איז ער געווען פֿון די ערשטע צו יעדן רוף, ווו נאָר אַ גיוס ביי וועלכן עס איז אַרבעטס־צווייג; ווו מען האָט נאָר געדאַרפֿט צושטעלן אַן אַקסל איז ער געווען, ווי די חלוצישע התלהבות פֿון די יונגע יאָרן וואָלט זיך אין אים נישט אויסגעוועבט.

פֿון שטענדיק זיין פֿאַרטאָן אין דער אַרבעט און אין פֿאַרשיידענע כלל־ענינים, האָט לוי וואָסערשטראָם אַליין נישט באַמערקט, ווי די יאָרן האָבן זיך געקליבן, געזאַמלט, איבערגעלאָזן גרויע פּאַסמעס האָר אין זיינע שלייפֿן און טיפֿע קנייטשן. ווי פֿאַלדן, אויף די טונקעלע באַקן פֿון זיין עטוואָס לענגלעך געזיכט.

איין מאָל האָט ער שוין געזאָלט זיך פֿאַרבינדן מיט אַ מיידל, איז אויסגעבראָכן די באַפֿרייונגס־מילחמה און ער איז פֿרייוויליק אַוועק. ווען

ער איז געקומען צוריק, נאָך לאַנגע חדשים, איז דאָס מיידל שוין געווען פאַרהייראַט.

אוודאי האָט עס אים ווי געטאָן און באַליידיקט, אָבער קיינער האָט נישט געוווּסט פון דעם, פאַר קיינעם האָט ער זיין צער נישט פאַרטרויט און ווי שטענדיק — די זעלבע איבערגעגעבנקייט פאַר זיין היים, פאַר דעם קיבוץ.

* * *

אין איינעם אַ טאָג האָט לוי צונויפגענומען זיין פעקל בריוו און ביכער, אַריינגעוואָרפן אין האַנטערענצל עטלעכע העמדער און אַוועק פון קיבוץ. איז קיין וווּנדער נישט, וואָס זיין פּלוצלינגדיקער אַוועקגיין האָט אַרויסגערופן גרויס שטוינונג ביי אַלע חברים. עס טרעפט פון צייט צו צייט אַז עמעצער פאַרלאָזט דעם קיבוץ, אָבער דאָס רוב איז עס איינער פון דער נייער עליה, וועלכער קען זיך נישט צופּאַסן צום קאָמונע־לעבן און בענקט נאָכן אייגענעם טעפּעלע... אָדער עס גייט אַוועק עמעצער פון דעם יונגוואַרג צוליב אַ ליבע, אָדער דאָס שטאָטישע לעבן האָט אים פאַרלאָקט. נאָר אַן אַלטער חבר, און ווער נאָך — לוי וואַסערשטראָם! — איז עס געווען איינע פון די גרעסטע איבעררראשונגען. וועגן דעם פאַל האָט מען גערעדט וואָכן־לאַנג, ווו נאָר עס פלעגן זיך טרעפן עטלעכע חברים.

כל זמן לוי איז געווען מיט אונדז האָבן מיר אים כמעט ווי נישט באַמערקט. ס'איז געווען אַ פאַרשטענדלעכע זאַך, און אַנדערש קען נישט זיין, אָבער אַז ער איז אַוועק האָט מען דערפילט דאָס ליידיקע אָרט, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט. און נישט נאָר ביים טיש און ביי דער אַרבעט האָט ער געפעלט, נאָר ווי ביי יעדן איינעם אין האַרץ וואָלט געבליבן אַ פּוסט־קייט, ווי ס'וואָלט אָפּגעהילכט אין אונדז די טריט פון דעם אַוועקגעגאַנגע־נעם און אונדז פאַרשעמט.

איך האָב זיך געפילט שטאַרק געטראָפן פון לויס אַוועקגיין. נישט געקענט עס אַזוי לייכט אַראָפּשלינגען. אפשר דערפאַר ווייל מיר זענען געווען יאָרן־לאַנג שכנים, אַ טיר לעבן אַ טיר, אָפט געשמועסט. מיר איז

גוט באַקאַנט געווען זיין שטעלונג צו אונדזערע ענינים, צו פאַרשיידענע חברים.

ער פלעגט אָפט זיך אַרויסכאַפּן מיט אַ ביטער וואָרט אויף די חברים כלל־טוער, וועלכע לעבן יאָרן־לאַנג אין שטאָט און קומען נאָר אויף אַ שבת צו קינד און ווייב, צו בייטן אַ געפּרעסט העמד און זיי האַלטן זיך פאַר די אמתע קיבוצניקעס, זענען די טאָן־געבער אויף די פאַרזאַמלונגען און פּסקענען הילכות קיבוציזם.

לוי, ווען מענס גיין אין קיבוץ איז געווען אידעיש פאַרבונדן מיט פיזי־שער אַרבעט, האָט נישט געקענט באַנעמען די וועלכע פריידיקן אַ גאַנץ לעבן וועגן אַרבעט און זיי אַליין טרעפט מען אַזוי זעלטן ביי דעם.

„דאָס וווינען אין קיבוץ — האָט ער זיך אַמאָל פאַר מיר פאַרטרויט — און נישט אַרבעטן פיזיש, מאַכט נאָך נישט דעם מענטשן פאַר אַ חלוץ אָדער אַ קיבוצניק".

ער אַליין האָט אין די יונגע יאָרן אַוועקגעוואָרפן דאָס שטודירן און אַוועק אויף הכשרה און פון דאָרט אין ארץ־ישראל, אין קיבוץ. געווען שטענדיק ביי דער אַרבעט, און אַז מען האָט אויף אים אַרויפגעצוווּנגען אַ פונקציע, האָט ער עס געטאָן בשלימות, אָבער נאָך דעם האָט ער זיך אומגעקערט צוריק צו זיין אַרבעט אין פּרדס.

„איך האָב מורא זיך צו דערווייטערן פון פיזישער אַרבעט, — האָט ער מיר אַמאָל געזאָגט. — ווייל דאַן דערווייטערסטו זיך אויך פון גרויען חבר וואָס גייט טאָג־טעגלעך אין יאָך און דאָס שאַפט אַ ריס, דוכט זיך, אַ קליינער שפּאַלט, אָבער דערנאָך ווערט עס גרעסער און גרעסער — אַ גאַנצער תהום. אין קיבוץ זענען שוין פאַראַן אַזעלכע סימנים, אַ וווּנדער נאָר אַז מען טוט גאָרנישט צו דעם".

געווען איז ער אַ שווייגער, אָבער דאָך פלעגט ער אַרויסזאָגן — אַזוי שווייגנדיק — גאַנץ אָריגינעלע מחשבות, און ווידער חדשים געשוויגן.

דאָך האָב איך געוווּסט, אַז נישט די „אַפּיקורסישע" מחשבות זענען געווען דער גורם פון זיין אַוועקגיין, נייערט ס'איז דאָ עפּעס טיפערס וואָס האָט אים שטאַרק פאַרווונדעט און דערפירט צום פאַרלאָזן דעם

קיבוץ. מיר האָט זיך געדוכט, אַז פאַר לוין, דעם איינגעגלויבטן אין אונדזער וועג, איז עס געווען אַ מין זעלבסטמאָרד.

* * *

אַנומלט, קומענדיק אין שטאָט צוליב פאַרשיידענע ענינים, האָב איך באַשלאָסן אים אויפצוזוכן. קיין גענויעם אַדרעס האָב איר נישט געהאַט, אָבער בערך ווו ער האָט זיך פאַרקליבן האָב איך געוווּסט.

דער אָוונט איז צוגעפאַלן ווען איך האָב געטראָפן די גאַס. אַ שטיל געסל מיט נייע אויסגעבויטע פירשטאָקיקע הייזער אין צפון־זייט פון תל־אביב, ביים ירקון. אַרום — קליין געפּלעגטע גראָז־טעפּיכער און פיין־אַרומגעשאָרענע נידעריקע קוסטעס. זעלטן איז דאָ דורכגעפאָרן אַן אויטאָ. דאָ האָבן קינדער זיך געשפּילט אויף די ראָגן, יונגע פּאָרלעך האָבן שפּאַצירט אין קילן אָוונט נאָך דער בייטאָגיקער חמימה. מאַמעס האָבן גע־שטופּט קינדער־וועגעלעך, פון די אויבערשטע באַלקאָנען האָבן נייגעריקע אויגן געקוקט אַראָפּצו, אויף די דורכגייער. ס׳האָט דאָ געשמעקט מיט דאָרפישקייט, מיט פאַרשטאָט.

איך בין געבליבן שטיין ביי אַ טיר אין טונקעלן קאָרידאָר, אויפן דריטן שטאָק. אויף מיין קלונג האָט אַן עלטערע פרוי אַרויסגעקוקט דורכן שמאָלן שפּאַלט פון דער געעפנטער טיר, נאָר איידער זי האָט נאָך באַוויזן פרעגן צו וועמען איך דאַרף, איז שוין הינטער איר געשטאַנען לוי וואַסער־שטראָם און האַרציק געשמייכלט צו מיר.

לכתחילה האָט זיך אונדזער שמועס נישט געקלעפּט, געפּלאָסן שווער און זייטיק, סתם־ענינים, וועטער, פּאָליטיק... מיר איז געווען מאָדנע אים צו זען אין אַן אַנדער ליכט, אין אַן אַנדער סביבה און דאָס האָט געשאָפן ווי אַ מחיצה צווישן אונדז ביידן. ס׳האָט אַ ווינט פון פרעמדקייט געבלאָזן, ווי נישט יאָרן־לאַנג וואָלטן מיר געגאַנגען אין זעלבן תלם, געגעסן ביים זעלבן טיש און פון זעלבן ברויט.

די עלטערע פרוי האָט אַריינגעטראָגן טיי און צובייסן. נאָכן טיי, ביים רויך פון אונדזערע סיגאָרן, איז די פרעמדקייט צערונען. ער האָט דער־ציילט וועגן זיך מיט געציילטע ווערטער: אויף זיין אויסקומעניש פאַר־

דינט ער, און וויפל דאַרף דען אַ מענטש? יאָרן לעבן אין קיבוץ האָט אויסגעלערנט צו זיין אַ מסתפק במועט.

און איך האָב אים דערציילט ווי עס האָט געווירקט אויף די חברים זיין פלוצלינגדיקער אַוועקגיין, ווי איבערראַשט אַלע זענען געווען, וואָס דווקא ער, דער אַלטער און איבערגעגעבנסטער חבר האָט פאַרלאָזן דעם אָרט צו וועלכן ער איז יאָרן געווען צוגעבונדן? עפּעס לייגט זיך עס קיי־נעם נישט אויפן שכל, שווער צו באַנעמען.

לוי האָט מיך אָנגעקוקט מיט זיינע ברוינע קורצזיכטיקע אויגן דורך די גראָבע ברילן־גלעזער, אַ קוים באַמערקבאַרער שמייכל האָט אַ לויכט אויף געטאָן אויף זיין פּנים:

„ניטאָ שוין די פריערדיקע כוחות און אין קיבוץ טאָר מען נישט אַלט ווערן. אַ פּשוטער חבר פון דער שורה קען זיך נישט דערלויבן אַזאַ לוקסוס. מען דאַרף תמיד זיין יונג. יינגער פון דעם יינגסטן".

איך האָב זיך געוווּנדערט. וואָס פאַר אַ שייכות האָט איינס צום צווייטן און וואָס איז עס פאַר אַ רייד?

ער האָט די פאַרוווּנדערונג אָראָפּגעלייענט פון מיין געזיכט און פאַר־געזעצט:

„צו די מחשבות בין איך געקומען דעם לעצטן ווינטער, אין פּרדס,ביים שניידן די מאַראַנצן. אויפן לייטער אַרויף און אַראָפּ, מיט אַ שווע־רער טאָרבע דערצו, קלעטערט זיך שוין נישט אַזוי גרינג אין די יאָרן. און געווען איז דאָס נאָך אַ רעגן, ווען דער שוואַרצער באָדן ווערט פעט און קלעפּיק און דער לייטער זינקט אין בלאָטע, און בלאָטע קלעפּט זיך צו דיינע שיך און די שטאַפּלען פון לייטער ווערן גליטשיק. יענעם טאָג איז מיר די אַרבעט נישט געגאַנגען. פון די פעלדקעסטלעך אַרום מיר, וועלכע איך האָב געדאַרפט אָנפילן, איז אַ גרויסער טייל געבליבן ליידיק. כ'בין געבליבן הינטערשטעליק לגבי די יינגערע שניידערס, און ביי פרישטיק האָב איך געהערט ווי מען וויצלט זיך אויף מיין חשבון, אויף מיין נישט דעקן די צאָל קעסטלעך. אַ גאַנץ קרייזל איז דאָרט געשטאַנען, יונג און אַלט, און מען האָט געציילט וואָס יעדער האָט געמאַכט, און דאָס ציילן

האָט מיך פאַרשעמט, ווי מען וואָלט געטאַפּט די מוסקלען, ווי דער צוטרוי וואָלט זיך אָפּגעטאָן פון חבר צו חבר. ניטאָ שוין אַמאָליקע יאָרן״...

כ׳האָב געזען ווי זיינע לאַנגע און טרוקענע פינגער ציטערן, ווען ער האָט אָפּגעקלאַפּט אין אַשבעכער די רעשטלעך איבערגעברענטן טאַבאַק פון זיין פּאַפּיראָס. די לינקע באַק האָט ביי אים נערוועז אַ ציטער געטאָן, אַ זאַך וועלכע איך האָב ביי אים קיין מאָל פריער נישט באַמערקט.

„און דאָס איז אַלץ?״ האָב איך זיך געוווּנדערט, „האָט דאָס וויצלען זיך געמאַכט אַן איבערקערעניש אין דיין חלוציש לעבן? אַזוי שוואַך איז געווען דיין וועג צווישן אונדז? מיר האָבן דיך געהאַלטן פאַר איינעם פון די אַמשטאַרקסטן פאַרגלויבטע אין אונדזער קיבוצישן גאַנג״.

ער האָט אַ לענגערע צייט געשוויגן, געקוקט אויפן גליענדיקן פּינטל פון פּאַפּיראָס, דערנאָך פאַרזיכטיק אַוועקבלאָזנדיק דעם אַש, האָט ער געזאָגט:

„ניין, אוודאי איז דאָס נישט געווען די סיבה פון מיין אַוועקגיין פון אייך, אָבער דאָס האָט מיר געגעבן אַ שטויס. דורך לאַנגע נעכט נאָכ־טראַכטן וועגן אונדזער לעבן בין איך געקומען צו טרויעריקע מסקנות: אין אונדזער קאָמונע שאַצט מען נישט אָפּ די האָרעוואַניע פון אַ חבר, מען פאַרגעסט זיינע צענדליקער יאָרן פון אַרבעט, וואָס ער האָט אַריינ־געלייגט אין אָט דער קאָלעקטיווער היים. מעג ער זיין ווי לאַנג אין קיבוץ, איז יעדער טאָג פאַר אים אַ ניי בלאַט, ווי ערשט נעכטן וואָלט ער געקומען און דאַרף שטיין טאָג־טעגלעך פון דאָס ניי פאַרן ניסיון געפעלן צו ווערן דער געזעלשאַפט. יאָרן אַרבעט פון אַ חבר, אַ וותיק, איז ווי מיט קרייד פאַרשריבן אויף אַ שולטאָוול אויף דער וואַנט און יעדע שמאַטע קען עס אָפּווישן. און מען ווערט דאַך פון טאָג צו טאָג עלטער. אמת, אונדזער גע־זעלשאַפט פאַרזיכערט קראַנקע און אַלטע מאַטעריעל, אָבער איז זי מסוגל צו פאַרזיכערן אויך זייער כבוד?״...

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן. אויך איך האָב געשוויגן. אַזעלכע טענות זענען עפּעס געווען מאָדנע צו הערן פון לוי, דעם שווייגנדיקן בחור, וועלכער האָט יאָרן־לאַנג געאַרבעט געטריי און איבערגעגעבן; וועלכער

איז אין קיבוץ געווען דורך אַלע יאָרן ווי אַ מוילאייזל — געשלעפּט דעם יאָך אָן אַ קרעכץ צו געבן. עפּעס איז מיר אַרויפגעשוווּמען אין געדאַנק דער פּסוק: „אויב אין די צעדערביימער האָט זיך אַריינגעכאַפּט אַ פלאַם, איז וואָס וועט שוין זיין מיט די נידעריקע קוסטעס?״...

לוי האָט לאַנגזאַם אויסגעטאָן די ברילן און מיט אַ שטיקל צייטונגס־פּאַפּיר גענומען ווישן די פאַרהויכטע גלעזלעך. מיט די קורצזיכטיקע אויגן האָט ער אויף מיר אַזוי זייטיק אַ קוק געטאָן און געזאָגט:

„נו, נעם נישט ערנסט די רייד, די רייד פון אַן אַלטן בחור, וואָס זענען זיי אַנטקעגן דעם גרויסן אויפטו? דאָס פאָלק איז גוט, אַרבעט און האָט אויפגעבויט דאָס ווונדערלעכע ווערק. איז גוט וואָס אויך מיינע צוויי צענדליק יאָר ליגן פאַרקנאָטן אין קיבוץ. אוודאי איז דאָ פעלערן, אויב נישט דער דור, וועט עס דער צווייטער דור פאַרריכטן... טייטשט נישט אויס מיין אַוועקגיין פון אייך, אַז ס׳איז צוליב אַנטוישונג. פאַרשיידענע סיבות האָבן דערצו געבראַכט״.

זיינע אָפּגעהאַקטע רייד האָבן מיך גאָרנישט קלוג געמאַכט און איך האָב דערפילט אַ צעמישונג אין זיי. דער פריערדיקער קיטרוג און דאָס איצטיקע פאַרגלעטן, האָט מיר געמאַכט קלאָר, אַז ער איז אַליין נישט גאַנץ מיט דעם וועג וואָס ער האָט אויסגעקליבן.

די שעה איז שוין געווען שפּעט. כ׳האָב זיך געאיילט נישט צו פאַר־שפּעטיקן דעם לעצטן אויטאָבוס צו מיין דאָרף.

אין דער אָפענער טיר האָט מיר לוי נאָכגעשריען: „גריס די חברים!״ און צער איז געלעגן אין זיין קול.

## די מטפּלת

נאַכט. אין דרויסן פּאַטשט אַ דיקער רעגן געמישט מיט אַ קאַלטן ווינט. דער שטורעם האָט פאַרנאַכט אָנגעהויבן אַנטרייבן וואָלקנס שוואַרצע און איצט גיסט אָן אויפהער. די פינצטערניש איז ממש ווי אין חומש שטייט: „וימש חושך״.

אין אונדזער גרויסן חדר־האוכל איז שטיל און ליכטיק, אַלע זענען שוין אַוועק, אפילו די תורנים. זיי האָבן שוין פּאַרענדיקט צוקלייבן דעם עסזאַל נאָכן אָוונט־ברויט, צעשטעלט אַלץ אויף אַן אָרט, אויסגעקערט. אויסגעטאָן די קורצע געבלימלטע פאַרטעכלעך, אויסגעשווייַנקט ביים הייסן קראַן וואַסער און עס אויפגעהאָנגען אין קיך כדי צו האָבן זיי אויף מאָרגן ווידער ריין און טרוקן.

אַלע זענען אַוועק, פאַר וואָס אָבער זענען געבליבן ברענען אַלע לאָמפּן? אַ רגילות אַזאַ? אָדער וואָס עס געהערט צו אַלעמען געהערט צו קיינעם נישט? איך בין אַליין אין חדר־האוכל. אָפּט האָב איך ליב צו בלייבן איינער אַליין צווישן די ריינע טישן אוןליידיקע שטולן. אַ גאַנצן טאָג האָט דאָ געררוישט, ווי אויף אַ וואָקזאַל — ריכטיקער — ווי אין אַ רע־סטאָראַן, אַ חוצן עסן ווערן דאָ דערליידיקט פאַרשיידענע לויפיקע ענינים און נישט אַלע מאָל אין דער שטיל, גאָר אָפּט אָפּילו מיט קולות און ברקים.

האָב איך ליב אין די שפּעטע אָוונט־שעהן זיך איינהערן צו דער שטילקייט, וואָס הערשט דאָ אין זאַל. מיר דוכט דאַן, ווי די ווענט אַליין רוען זיך אויך אָפּ פון דעם בייטאָגיקן גערודער, פון דעם פאַרשמייעטן געלויפעריי פון די דיזשורנדיקע, וואָס פירן די וועגעלעך מיטן עסן צו די טישן. צום גערעדעריי פון די חברים כאַפּט זיך נאָך אַריין אַ גרילץ פון אַ נישט געשמירט ראָד...

דריי ותיקים האָבן פאַרבייגייענדיק זיך אַריינגעכאַפּט אין חדר־האוכל, ווי פרומע יידן פאַרבייגייענדיק אַ בית־המדרש און אפשר האָט זיי דער שטורעם פאַריאָגט אַהער.

איך קען זיי גוט די דריי: גערשנזאָן, דער ברייטפּלייציקער אַרבעטער אין דער פלחה (פעלד־לאַנדווירטשאַפט.) אבנר — אין די קושטאַלן און דינה — אין בית־תינוקות. שוין צענדליקער יאָרן ווי זי אַרבעט ביי די זויגלינגען. גלייך נאָך זייער געבוירן ווערן, ווי נאָר די יונגענקע מאַמעס ברענגען זיי פון שפּיטאָל און ווייסן נאָך אַליין נישט ווי צו אומגיין מיט די עופעלעך, נעמט זיי דינה אַריין אין איר מלוכה.

דורות האָט זי שוין באַוויזן צו דערציען. פון אירע ערשטע אָרויסלאָזן

— די תינוקות, וואָס מען האָט צו איר געבראַכט מיט אַ צוואַנציק, דרייסיק יאָר צוריק, זענען שוין אַליין עלטערן פון דערוואַקסענע קינדער, וואָס האָבן אין משך פון יאָרן זיך צעוואַקסן אין הויכע ברייטפּלייציקע מענער און שלאַנקע פרויען, ווי יונגע ביימער — וואָס באַפעלקערן איצט דעם קיבוץ. זיי פירן אָן מיט פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעטס־צווייגן, זיי זענען אין מיליטער־דינסט, ביי די גרענעצן, טייל האָבן שוין באַוויזן אָנטיילצונעמען אין די לעצטע צוויי מלחמות פון ניינצן זעקס און פופציק, און ניינצן זיבן און זעכציק. אין משך פון די יאָרן האָט מען שוין דעם בית־תינוקות איבערגעטראָגן אויף אַן אַנדער אָרט, איבערגעבויט, פאַרגרעסערט און פאַרשענערט.

זאַכן ווערן פאַרענדערט, אויסגעריבן, אָפּגענוצט. האָט מען טאָקע געביטן פון צייט צו צייט די בעטלעך, די מאַטראַצן, די ליילעכער. דינה איז מיט די יאָרן פאַרעלטערט געוואָרן, פון איר אַמאָליקער שיינקייט איז קיין שפּור נישט געבליבן, פון אירע גערדיכטע שוואַרצע צעפּ זענען איצט געבליבן שיטערע קורצע האָר, פון איר מאַטאָוער גלאַטער הויט געבליבן פאַרהאַרטעוועטע קנייטשן אַרום די אויגן, אַרום די ליפּן און אונטער איר דינער גאָמבע. די ציין פון דער צייט האָבן אכזריותדיק אַרומגערעטושירט אירע אַמאָליקע איידעלע שטריכן; די שווערע בראשיתדיקע טעג, — ווען די אַרבעט איז געווען שווער, קיין ברויט צו דער זעט, נאָך וואַסער האָט מען געדאַרפט גיין קילאָמעטערס — האָבן גיך אַ תל־געמאַכט פון איר שלאַנקן גוף און צאַרטער הויט.

אַ סך געדענקען נישט אַפילו איר נאָמען, מען רופט זי די מטפּלת (אויפזעערין) פון די קינדער, ווייסט מען שוין, אַז דאָס מיינט מען דינהן. זי איז די, וואָס באַגלייט די זויגלינגען ביז זייער קינדערישער רייפקייט, ביז זיי גייען אַריבער אין רשות פון קינדער־גאָרטן. זי לערנט זיי שטעלן די ערשטע טריט, געוווינט זיי איין צו ריינקייט און ווי צום אויפפירן זיך ביים עסן; זי גיט אַכטונג, ווען זיי קריגן און רייסן זיך אַרום צווישן אַנאַנדער פאַר אַ צאַצקע.

די קינדער זעען זי טאָג־טעגלעך, ווען זי לאַכט, ווען זי איז אין כעס, שרייט אָדער גלעט, דערציילט זיי אַ מעשהלע אָדער וואַשט זיי אַרום.

גאָר די רויִקייט, ליבע און צאַרטקייט, דאָס וועלן טאָן אַלע מאָל דאָס בעסטע פאַר זיי, גאָר די וואַרעמקייט פון איר מיידל־האַרץ האָט זי גע־שענקט אַלע יאָרן די קינדער. אפשר דערפאַר האָט דינה קיין אייגן פאַמיליע־לעבן נישט אויפגעבויט, זיך נישט פאַרבונדן מיט אַ חבר; קיין מאָל קיין צייט נישט געהאַט פאַר דעם, כאָטש אין אירע יונגע יאָרן האָט זי נישט איין בחור־האַרץ צעבראָכן, ווייל ווייטער פון אַ לייכטן פלירט איז מיט איר נישט געגאַנגען. דער וואָס האָט געמיינט מיט איר ערנסט, זי זאָל זיין די מאַמע פון זיינע קינדער איז אַוועק פון איר אַן אַנטוישטער און פאַרביטערטער, מיטנעמענדיק מיט זיך דעם שטילן פייער פון אירע גרויסע וואַרעמע אויגן, וואָס שיינען אַרויס פון איר מאַטאָוון פנים. אָט דער שטילער פייער איז לאַנג געבליבן טליען אין זיין פאַרבענקט האַרץ.

מיט די יאָרן האָבן קנייטשן גענומען זיך באַזעצן אויף איר מיד געזיכט, גרויע האָר האָבן זיך גענומען מערן און די, וואָס האָבן געזוכט איר נאָענטקייט זענען ווייניקער און ווייניקער געוואָרן. איר וועלט — איז די קינדערוועלט אין וועלכער זי געפינט זיך און פירט נאָך אָן. אָבער אויך דאָ זענען אַריינגענומען געוואָרן ייִנגערע מטפּלות און זי ווערט צו ביסלעך אַרויסגעשטויסן, איר שמייכל לאָקט שוין נישט אַזוי דאָס קינד, עס איז שוין מער געמאַכט, ווי נאַטירלעך, עס קומט שוין מער פון גע־וווינהייט, פון אָנשטרענגונג ווי פון אינעווייניקסטער אַרויסשטראַלונג. ווער נאָך, ווי אַ קינד איז אַ מבין און דערפילט דעם אונטערשייד.

דאָס אַלץ האָט זיך מיר דערמאָנט איצט, ווען איך האָב זי געזען אַריינקומען אין דער שפּעטער שעה מיט צוויי באַגלייטער, אַלטע קיבוצ־ניקעס ווי זי. אויסגעהאָרעוועטע יידן פון צענדליקער יאָרן פראַצע, אָבער דאָס חלוצישע פייערל פון יענע אַמאָליקע יונגע יאָר, האָט זיך אין זיי נאָך נישט אויסגעלאָשן.

זיי זענען טאַטעס פון דערוואַקסענע זין אין צה״ל, און גערשנזאָן האָט

שוין אַפילו חתונה געמאַכט זיינע צוויי יונגע טעכטער און פאַרמאָגט שוין אייגנס דריי אייניקלעך.

דינה האָט זיך אַרויסגעוויקלט פון אירע פּייכטע שאַלן און געבליבן שטיין אַ קליינע, אַ דאַרע, נאָר אַ רירעוודיקע ווי איר געוווינהייט; זי איז גלייך אַרויפגעלאָפן די עטלעכע טרעפּלעך צו דער קיך און איידער מיר האָבן זיך געזעצט צום טיש איז דינה שוין געווען צוריק מיט פאַרצעלייענע קוביקעס טיי אויף אַן אַלומיניום־טאַץ.

אבנר האָט פריער אָנגעשטאָפּט זיין געשניצטע ליולקע, דער טאַבאַק איז געווען פייכטלעך און זיך נישט אַזוי גרינג אָנגעצונדן. ער האָט געזויגן דעם מונדשטוק און יעדעס מאָל אויסגעשפּיגן די ביטערקייט, דערנאָך זייטיק אַריינגעקוקט אין פעסעלע, צי דער טאַבאַק האָט זיך שוין גענוג פאַנאַנדערגעטליעט ווי עס דאַרף צו זיין; טיף פאַרצויגן און אַרויסגעלאָזן קלעמבעס מיט געדיכטן ווייסן רויך דורך דער נאָז אין מויל — צוגערוקט דאָס טעפּעלע צו זיך, אַריינגעוואָרפן צוויי ווייסע קייקעלעך סאַכאַרין, אַריינגעקוקט ווי דאָס ברוינע וואַסער האָט אַ זאָד געטאָן און דאַן דער־לאַנגט אַ הילכיקן זופּ.

נאָר סיי־ווי האָט דינה גערעדט צו גערשנזאָגנען, קענטיק דאָס איז אַ המשך פון אַ פריערדיקן שמועס, וואָס דער אָנהויב זיינער שטעקט נאָך אין דרויסן, איידער זיי זענען אַריין אין חדר־האוכל.

אירע דינע ליפּעלעך האָבן קוים זיך צוגערירט צום פאַרצעליי פון ספּל, דערפאַר האָבן זיי זיך גיך באַוועגט ביים ריידן. גערעדט האָט זי וועגן יונגן דור, וועגן די הקרבה זייערע (צוויי זין פון קיבוץ זענען געפאַלן). כאָטש ס'איז שוין לאַנג נאָך די יוני־טעג, האָט זי גערעדט ווי נעכטן וואָלטן די בנים זיך אומגעקערט פון שלאַכטפעלד.

— ניין, — הער איך ווי דינה זאָגט — מיר האָבן זיך גאָרנישט וואָס צו שעמען מיט אונדזערע סאַבּרעס, פון דרויסן זענען זיי אַמאָל שטעכיק, אָבער אינעווייניק זענען זיי זיס, טאַקע ווי די סאַברע־פּרוכט. גרייט זיך מקריב זיין פאַרן צווייטן.

אבנר, וואָס איז געווען פאַרטאָן מיט רויכערן זיין ליולקע און נאָכקוקן

ביז וואַנען עס דערגרייכט דער רויך, האָט פּלוצלינג, זייטיק אַריינגעוואָרפן:

— יאָ, מיר האָבן עס געזען. די קיבוצישע באַוועגונג איז נאָר פיר פּראָצענט פון גאַנצן יידישן ישוב, אָבער אין דער זעקסטאָגיקער מלחמה איז געפאַלן קרוב צו צוויי הונדערט בני־הקיבוץ, פינף און צוואַנציק פּראָצענט פון אַלע געפאַלענע קעמפער.

אָפּגעזאָגט און אבנר האָט צוריק זיך פאַרשלאָסן אין שווייגן.

דינה האָט אַ טרויעריקן שמייכל געטאָן, עטוואָס שעמעוודיק אויפגע־הויבן אירע אויגן צו אונדז און געזאָגט:

— און דאָך, אַזאַ קליין וואָרט ווי „שלום" איז זיי שווער אַרויס־צוזאָגן. אָט די קורצע באַגריסונג, וועלכע שאַפט אַ ליכטיקן קאָנטאַקט פון איינעם צום צווייטן, פון יונגן חבר צום וותיק, אָט דאָס קורצע וואָרט וואָס ווישט אָפּ פרעמדקייט, גלייכגילטיקייט, דווקא דאָס וואָרט פעלט זיי.

זי איז אַ ווײַלע אַנטשוויגן געוואָרן, באַטראַכט אירע צעבראָכענע נעגל ווי זי וואָלט ביי זיי געזוכט די פּאַסיקע ווערטער און מוסיף געווען.

— מיר טרעפן זיך דאָך אָן מיט זיי טאָג־טעגלעך אויף אונדזערע שמאָלע טראָטואַרן, אָבער זיי מאַכן זיך נישט באַמערקן דעם עלטערן חבר. מיר, וואָס שטאָלצירן מיט אונדזער דערציונג, פאַר וואָס זענען מיר גע־שטרויכלט געוואָרן אויף דעם געביט?

דינה האָט פאַרדעקט מיט אירע דאַרע הענט דאָס פויגל־פּנים אירס און אַנטשוויגן געוואָרן. געשוויגן האָבן אויךביידע אַלטע חברים, אונטער־שפּאַרנדיק די מידע, גרויע קעפּ אויף די עלנבויגנס; נאָר דער דרויסן האָט נישט געשוויגן. דער רעגן האָט ווילד געפּאַטשט אין די גרויסע שויבן און אַ הילכיקער דונער האָט זיך ערגעץ געקייקלט.

## אַ ווינטערנאַכט

אין דרויסן רעגנט. אין ליכט פון די פּראָזשעקטאָר־לאָמפּן — וועלכע זענען צעהאָנגען אונטער די בעטאָנענע געזימסן אַרום עסזאַל — זעט דער דינער אָבער געדיכטער רעגן אויס, ווי אַ פאָרהאַנג פון בריליאַנטענע

טראָפּנס וואָלט אַראָפּגענידערט אויפן גרויסן חדר־אוכל און פאַרוויקלט אים אין אַ דורכזיכטיקן גרינעם שלייער.

ביים אַריינגאַנג אין קאָרידאָר פון עסזאַל, לעם די ברייטע טירן פון מאַטאָוון גלאָז, ליגט דער וואָלף־הונט רעקס אויפגעדרייט אין אַ בייגל אויפן ראָגאָזשענעם טרעטער. דעם לאַנגן שנוק זיינעם פאַרדעקט דער נאַסער ווידל און דורך די האָר פינקלען אַרויס אַ פּאָר בלוט־פאַרלאָפענע ברוינע אויגן.

אין זאַל האָב איך אויפגעהאַנגען דעם גלאַנציקן רעגנמאַנטל מיטן ווייכן היטל אויף איינעם פון די ביינערנע הענגערס, פאַרקעמט ביים שפּיגל די שיטערע האָר, אָפּגעווישט מיט אַ קורץ האַנטעכל דאָס געזיכט, אָבער וויפל איך האָב געווישט זענען פאַרבליבן סימנים פון פייכטקייט אין די קנייטשן און אין אָנוווקס אויף די באַקן.

עפּנענדיק די טיר צום עסזאַל, האָט אַ פליייץ געטאָן אַ שטאַרקע ליכט וואָס האָט געשטראָמט פון די נעאָן־לאָמפּן אין די ווינקלען פון די סופיטן און פון די באַרנע־לעמפּלעך איינגעמויערט אין די ווענט און פאַרשרויפט מיט מאַטאָווע אַבאַזשורן. דער אַנטקעגנאיבערדיקער רונדער עלעקטרישער זייגער מיט די פאָספאָר־ווייזערס האָט געוויזן פינף און פערציק מינוט צו עלף. דער חדר־אוכל איז שוין געווען ליידיק. די ריין צוגעקליבענע טישן גלאַנצן מיט די פאַרשיידענע קאָלירן פון זייערע פאָרמייקע־טאָוולען. די בילדער קוקן שטום און פייערלעך פון די ווענט מיט שטילע פּאַסטאָראַלע געמעלן.

ליידיק שטייט דער גרויסער זאַל. עולם האָט שוין לאַנג פאַרענדיקט דעם אָוונטברויט און אַוועק צו זיך, אין די באַקוועמע דירות, זיך אָפּרוען נאָכן שווערן אַרבעטסטאָג. ווער עס זיצט ביים אָפענעם ראַדיאָ, צי ביי אַן אָפן בוך; מען שמועסט זיך דורך געמיטלעך מיט אַ חבר אָדער מיט דער אייגענער פרוי. דער אָנגעצונדענער „פייערסייד" שפּרייט, ווי פון אַ קליינעם קאַמין, אַ מחיהדיקע וואַרעמקייט איבערן צימערל ווו עס איז אַזוי אינטים און אָנגענעם, בפרט אַז אין דרויסן בושעוועט אַזאַ קאַלטער שטורעמדיקער יאַנואַר־ווינט און פּאַטשט מיט שאַרפן שניידיקן רעגן.

מיין בליק בלאָנדזשעט איבערן גרויסן זאַל, און אין אָט דער ליכטי־קייט שפּיגלט זיך נאָך שאַרפער אָפּ די ליידיקייט. דאָ איז דריי מאָל אין טאָג פול מיט רעש ביי די מאָלצייטן. חברים שרייען זיך איבער פון איין טיש צום צווייטן, אָדער עס הילכט אָפּ הייסער געלעכטער פון דער יונגער חבריה ביי די ווינקל־טישן, ווו זיי האָבן זיך ליב, טייל מאָל, אָפּצוזונדערן פון די עלטערע חברים. עס רודערן אַרום די האַנט־וועגעלעך, די תּורנים (דיזשורנע) צעפירן אויף זיי דאָס עסן צו די טישן, און איבער אַלעמען, ווי רויך פון סיגאַרן, הענגט דאָס זשומענדיקע גערײדערײ.

דערפאַר איז אפשר מיר אַזוי פרעמד און מאָדנע אָט די שטילקייט אין וועלכער איך בין פּלוצלינג אַריינגעפאַלן. און מחשבותן זענען אַרויפ־געשווומען וועגן יענע יאָרן, ווען חברים זענען זיך נישט צעלאָפן יעדער איינער אין זיין געצעלט, נאָכן אָוונטיקן אָרעמען מאָלצייט, וואָס איז באַ־שטאַנען פון אַ האַלב איי, אַ שטיקל ברויט און פאַרסאַכאַרינעטע טיי.

ווי לאַנג צוריק איז עס געווען? סך־הכל קאַרגע דריי צענדליק יאָר. דער חדר־האוכל איז נישט געווען אַזאַ אויסגעפּוצטער פּאַלאַץ, נייערט — אַ הילצערנער באַראַק צונויפגעקלאַפּט שיטער פון אַלטע ברעטער און צוגעדעקט מיט איבערגעפוילטע קאפּליעס. ווינטער האָט דער רעגן אַריינ־געשמיסן, זומער האָט דער חמסין־ווינט הייסן שטויב אָנגעטראָגן דורך די שפּאַרעס, מיט זיי באַזאַלצט די מאָגערע זופּ אין אונדזערע טעלער. דאָך פלעגט מען זיך נישט צעלויפן פון דעם צריף אין די אָוונטן, נייערט בלייבן אויף די ערטער, אַ יונגע, פאַרבענקטע כאַליאַסטרע פון בחורים און מיידלעך. מען איז געזעסן צונויפגעדריקט גוף צו גוף. עמעצער פאַרציט אַ ניגון, מיט אַ מאָל ברעכט אויס אַ שטורעמדיקער ווילדער טאַנץ — וואָס מיר מידקייט, ווער מיר בענקשאַפט... אַלץ פאַרשווינדט. טאַנץ פאַר־שיכורט די חושים, צינדט אָן הייסע פלעמלעך אין די יונגע אויגן. די לייבער צעהיצט, דער שוויס רינט; הענט פאַרפלאָכטן אויף טאַליעס, אויף אַקסלען, איין גרויסע צונויפגעגאָסענע האַרמאָניע; פאַרווישט זענען מחי־צות, אַלץ טראָגט זיך אין ווירבל ביז כלות הנפש.

ניטאָ שוין לאַנג דער הילצערנער חדר־האוכל, מיט אים זענען אויך

אַוועק די יונגע יאָרן. עס זעען זיך שוין דאָ אַ סך געבויגענע פּלייצעס, גרויע טשופּרינעס איבער שטאַרק צעקנייטשטע שטערנס, ווי די שווערע יאָרן וואָלטן אין די קנייטשן זייערע שפּורן פאַרקריצט; די פּנימער פון זון איבערגעברענט און פון ווינט אויסגעשמיסענע, האָבן די פאַרב פון איבערגעברענטע ציגל, אונטער די אויגן — קישעלעך, פון אָפּגעשפּאַרטע קראַנקייטן און פון נעכט נישט דערשלאָפענע.

ויקם דור חדש — אַ זוניקער, אַ ליכטיקער דור, וועלכער איז ממשיך אין וועג פון די עלטערן דאָס קיבוצישע לעבן. מיטן יונגן דור צוזאַמען איז אויך די טעכניק אַריינגעדרונגען אין אַלע ווינקעלעך. די שווערסטע אַרבעט ווערט שוין געמאַכט דורך מאַשינען, געטריבן פון עלעקטרישע מאָטאָרן, פון דיזלען. מען דאַרף זיך שוין נישט ברעכן מיט דער טוריע אונטער דיביימער, מען דאַרף שוין נישט נאָכגיין נאָכן אָקער און אונטער־שמייסן דאָס פערדל ביים אויפרייסן אַ בייט. אויף די פעלדער זעט מען הייבמאַשינען, קאָמביינען, דרעשמאַשינען, טראַקטאָרס שלעפּן הינטער זיך גרויסע אָקערס, וואָס רייסן אויף טיפע בייטן. דאָס לעבן איז געוואָרן גרינגער. פאַרשווונדן שוין פון לאַנג די לייוונטענע ביידלעך, פאַרגעסן די דינע ברעטלדיקע וווינונגען, עס שטייען איצט פיינע בנינים פאַרשאָטנט אונטער צעוואַקסענע ביימער.

ויקם דור חדש — דעם יונגן דור לעבט זיך שוין גרינגער, אַוועק די יאָרן פון אויפרעגונג, יאוש און ווייטיק. אויך זיי האָבן נאָך פּראָבלעמען זיך צו ראַנגלען, אָבער אין אַ סך אַ ברייטערן פאַרנעם, נישט אין די ענגע גרענעצן אין וועלכע די עלטערן האָבן זיך געטאָפּטשעט. די טעכניק וואָס איז אַריינגעפירט געוואָרן אין דער לאַנדווירטשאַפט האָט פאַרברייטערט די האָריזאָנטן, דערמעגלעכט באַוויזן אַ סך מערער אין ווייניקער אַרבעטס־שעהן. איז געבליבן מער צייט פאַרן קינד, פאַר דער היים, פאַר אַ בוך און פאַר אַנדערע פאַרשיידענע פאַרוויילונגען. נישטאָ ביי זיי יענע מיד־קייט, יענע עלנטקייט, וואָס האָט געפּייניקט זייערע עלטערן, און זיי האָבן געזוכט בחברותא פאַרטאַנצן ביז פאַרגעסונג דעם הונגער, די בענקשאַפט נאָך די נאָענטסטע מעבר לים.

דער נייער דור איז מײלן ווייט פון דעם, ער זוכט שוין נישט קיין וואַרעמקייט אין די ווענט פון עסזאַל, מעגן זיי זיין פון בעטאָנענע בלאָקן און נישט פון ברעטער. דאָס איז אַ דור אָן בענקשאַפט, וואָס קוקט פאָרויס צו אַ גרויסער נייער תקופה און ער פאַרגעסט טיילמאָל דעם עבר...

* * *

זיך פאַרטראַכט וועגן נעכטיקע טעג און מיין גלאָז טיי איז דערווייל אָפּגעקילט געוואָרן. אין דרויסן שטורעמט נאָך אַלץ. עס דונערט און בליצט, דער רעגן פּאַטשט אָן אויפהער אין די פענצטער און פילט אָן מיט אומהיימלעכקייט אַפילו דאָ, אין ליכטיקן זאַל. ערגעץ דורך אַן אָפן־געבליבענעם פענצטער דערטראָגט זיך אַהער דער רעש פון דיביימער מיט זייערע גרין־באַבלעטערטע קעפּ, וואָס דער שטאַרקער ווינט טרייסלט מיט זיי, ווי יידן מיט לולבים אין קלויז סוכות־צייט.

ווען איך האָב זיך שוין געלאָזן צום אַרויסגאַנג האָב איך דערזען אין קאָרידאָר דריי פאַרוויקלטע געשטאַלטן ווי דער שטורעם וואָלט זיי דאָ אַריינגעוואָרפן. דריי געשטאַלטן, פאַרוויקלט פון אויבן ביז אַראָפּ, נאָר די אויגן האָבן אַרויסגעפינקלט פון די וואָלענע שאַלן און געשטריקטע באַ־שליקן. דאָס וואָסער איז פון זיי אַראָפּגערונען ווען זיי האָבן זיך גענומען אַרויסשיילן פון די גראָבע מאַנטלען און יעדער טראָט זייערער האָט געלאָזן שפּורן אויף די ווייסע באַלאַטעס פון דער פּאָדלאָגע.

אין חדר־האוכל האָבן זיי זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ טישל, אַראָפּגענומען די קוילן־גאַרטלען, די „עוזיס" אין די לעדערנע שיידן אַוועקגעשטעלט לעם זיך.

די וועכטער פון דער ערשטער משמרת האָבן שוין צוויי מאָל אַרומ־גערינגלט דעם קיבוץ און איצט זיך אַריינגעכאַפּט דערוואַרעמען ביי אַ גלאָז טיי.

די נאַכט־דיזשורנע האָט פון קיך אַריינגעבראַכט הייסע קאַווע מיט פרישע סענדוויטשן, אַוועקגעשטעלט אַ קליין פאָרצעליי־קריגעלע מילך און מיט אַ זיסן שמייכעלע צוגעווונקען צו די דערפראָרענע יונגען:

„געכאַפּט כאָטש אַ מסתבן?" (אַן אַריינדרינגלער).

„דו, דינה, קענסט רויִק גיין שלאָפן ביי דיינע זויגלינגען", האָט זיך אָפּגערופן אילן, דער בחור מיט די ברייטע באַקנבערד, „האָסט היינטיקע וואָך גוטע שומרים, איינע אין איינע, אַלע קצינים"... (אָפּיצערן).

יוחנן און יגאַל האָבן זיך אויף דעם יונג־חנעוודיקן מיידל נישט אומ־געקוקט, געווען פאַרטאָן אין קייען די געשמאַקע פּוטערברויטן און עס אַראָפּשווענקען מיט הילכיקע זופּן. ביי יגאָלן האָט זיך ביי יעדן קיי מיט־געטרייסלט קאָמיש זיין שמאָל שוואַרץ בערדל, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט זיך אומקערנדיק פון דער מלחמה. זיין בלאַס פּנים האָט געגלאַנצט, ווי באַשפּריצט פון דינעם טוי אָדער שוויס.

די דריי זענען קינדער געבוירענע אין קיבוץ. לאַנג פאַרענדיקט דאָס מיליטער־דינסט אין צה"ל און שוין באַוויזן זיך אָפּטובלען אין דער בלוּ־טיקער „זעקס־טאָגיקער מלחמה". צוריקגעקערט, אַראָפּגעוואָרפן די כלי־זין, געוואָרן ווידער פּשוטע פעלד־אַרבעטער, זיי האָרעווען אין די בוימוואָל־פּלאַנטאַציעס. היינטיקע וואָך איז זייער ריי צו זיין די שומרים פון קיבוץ.

דינה איז נאָך געבליבן שטיין. דאָס אַריינקומען פון די דריי שומרים האָט צעטריבן די אומהיימלעכקייט, וואָס האָט אויף איר געדריקט אין דער שטורעמדיקער נאַכט, זיצנדיק אַליין אין הויז פון די שלאָפנדיקע זויגלינגען.

דינה האָט זיך געוווּנדערט וואָס איך זיץ דאָ נאָך אַזוי שפּעט אַליין? זיך פאַרענטפערט: ווען זי וויס, וואָלט זי לאַנג מיר געבראַכט עפּעס צו טרינקען. מיט אַ פופצן מינוט צוריק איז זי אַריין אין מטבח צוגרייטן נאַכטמאָל פאַר די שומרים. דינה האָט מיר דערווייל אויך איבערגעגעבן אַ גרוס פון אייניקל.

„ער שלאָפט גאַנץ רויִק", האָט זי געלאַכט, „אים קימערן נישט די דונערן און די בליצן, נישט דער געדיכטער שניי וואָס פאַלט אויף ירושלים און אויף צפת, נישט דער זיידע וואָס וואַנדערט אַרום אין די נעכט". די שומרת־לילה האָט געלאַכט אויף אַ קול, אירעציין האָבן געבלאַנקט וויס ווי שניי דורך אירע פולע, האַלב־אָפענע רויטע ליפּן.

די חברה ביים טיש — זאַט און דערוואָרעמט — האָבן זיך אָנגע־שטעקט מיט דינהס געלעכטער און מיטגעלאַכט.

„דינה!“, האָט זיך אָפּגערופן אילן און אָפּגערוקט דאָס לײדיקע גלאָז, „מיר האָבן באַשלאָסן מאָרגן אין דער פרי זיך אַראָפּכאַפּן קײן ירושלים. יוחננס דזשיפּ שטײט סײ װי לײדיק, צוליבן רעגן קען מען אין פעלד נישט אַרױספאָרן. קום, פאָר מיט, מען װעט כאַפּן אַ קוק װי עס זעט אױס ירושלים אָ באַדעקטע מיט שנײ, די כותל־מערבי, דעם גאַנצן אַרום. ביסט נאָך דאָרט קײן מאָל נישט געװען“.

„און שלאָפן?“ האָט דינה געפרעגט, פאַרשאַרנדיק בעת מעשה די געדיכטע שװאַרצע האָר, װאָס זענען איר געפאַלן איבער די אױגן.

„שדים זאָלן שלאָפן אין אַזעלכע שנײיִקע טעג“, האָט יגאל געלאַכט, צעקאָמענדיק מיטן נאָגל פון גראָבן פינגער זײנע דין־צוגעשאָרענע װאָנצעס אױף רעכטס און לינקס.

„דאגה נישט װעגן שלאָפן“, האָט דער שװײגנדיקער יוחנן זיך אָפּ־גערופן, „אין מײן דזשיפּ זענען דאָ גענוג פעלדקאָלדרעס, װעסט זיך קענען אײנװיקלען און שלאָפן דעם גאַנצן װעג“.

איך בין געזעסן און זיך אײנגעהערט מיט אײן אױער צום רעגנדיקן דרױסן, איך האָב שױן געװאָלט אַװעקגײן צו זיך אין װױנונג — מיטן צװײטן אױער האָב איך אױפגעכאַפּט אָפּגעריסענע זאַצן װאָס אילן האָט דערצײלט. ירושלים האָט אים דערמאָנט יענע טעג װען ער האָט אין אַלט־שטאָט מלחמה געהאַלטן.

— „...האָט מיט מיר געטראָפן אַ מאָדנע זאַך. אין מיטן די בלוטיקע קאַמפן, אַרום מיר טױטע, פאַרװוּנדעטע, קױלן פליען פון אַלע זײטן... פּלוצלינג — די כותל מערבי... איך בין שיעור נישט אומגעפאַלן פון אַ קױל, צי פון דער שאַרפער איבערלעבונג... איך, דער זיגער... איך, מיטן „עוזי“... איך בין געשטאַנען לעם דער װאַנט אַ טיף גערירטער און געװײנט“...

אַ שטאַרקער בליץ, אַ שטאַרקער דונער האָט ערגעץ געטראָפן אין אַן עלעקטרישן סלופּ, אין חדר־אוכל איז פינצטער געװאָרן.

אבֿרהם לעוו

# אַן עלנטע פּרוי

די אמתע ווינטערטעג זענען שוין אָנגעקומען. די פֿלוצלינגדיקע געדיכטע רעגנס האָבן אָנגעטרונקען צו זאַט די גרינס־און בלומען־גערטנער, פּרדסים און סעדער; שאָדן אָנגעטאָן די בוימוואָל־פֿעלדער, ווו מען האָט נאָך נישט באַוויזן איין גאַנצן אַראָפּצונעמען די געצייטיקטע וואַטע פֿון די טרוקענע שטענגלעך.

איצט ציִען זיך שיינע נאָוועמבער־טעג. די זון וואַרעמט אַזוי מילד. פּלוצלינג האָט זי פֿאַרלאָזן איר זומערדיקן ברי. דער דרויסן גרינט און שמעקט מיט פֿייכטן גראָז און פֿוילונג פֿון די נישט אויפֿגעקליבענע פּרוכט אונטער דיביימער. עס פֿלאַטערן אַרום זינגעוודיקע שוועלבעלעך און די וואַראַבייטשיקעס, די שטענדיקע היגע איינוווינער. איצט איז צום כאָר נאָך צוגעקומען דער פֿויגל וואָס קומט דאָ נאָר אויף איבערווינטערן, דער פּרוש (אסקעטן־פֿויגל) און דער נחליאלי (טייך־פֿייגל) אויף זיינע הויכע פֿיס מיטן לאַנגן עק, מיר טרעפֿן אים דאָ ביי אַלע טייכעלעך און וואַסערן. נישט אומזיסט רופֿט מען אים טייך־פֿויגל.

דער אָוונט פֿאַלט צו פֿרי און קאַלט. זיצט מען היינטער פֿאַרמאַכטע טירן. זומער אויף אַריינגיין צו אַ חבֿר דאַרף מען נישט אָנקלאַפּן, טיר און פֿענצטער שטייען אויפֿגעפּראַלט; קענסט אַריינקומען ווען דו ווילסט, כאַפּן אַ שמועס, טרינקען אַ גלאָז טיי, ריידן אַ ביסל רכילות, ווי געוויינלעך, הערן אַ טשעקאָווע פֿאַרלויפֿעניש וואָס האָט געטראָפֿן ביי דער אַרבעט מיט דעם, מיט יענעם. אין די ווינטער־אָוונטן איז שוין אַ פּראָבלעם. די פֿאַרמאַכטע טיר איז ווי אַ גדר וואָס צוימט אָפּ איינעם פֿון צווייטן. שטייסט הינטער דער געשלאָסענער טיר און טראַכטסט: אָנקלאַפּן? יאָ? ניין? אפֿשר איז יענער אין אַ שטימונג פֿון נישט אויפֿנעמען געסט? אפֿשר שלאָפֿט ער? טוט עפּעס וואָס ער וואָלט נישט געוואָלט עמעצער זאָל באַמערקן? דיין האַנט בלייבט הענגען איבער דער טיר. סוף־סוף, טראַכסטו זיך, האָב איך זיך דאָך מיט אים היינט געזען ביי דער אַרבעט, אין עסזאַל, אויפֿן חצר, און דו גייסט אַוועק, די האַנט בלייבט דיר הענגען ווי זי וואָלט נאָך

נישט באַשלאָסן, יאָ אָנקלאַפּן, נישט אָנקלאַפּן? אָבער די פיס שפּאַנען שוין ווייטער.

אַזוי שפּאַנענדיק האָב איך זי געטראָפן. ווי שטענדיק, אין מענער־הויזן, דער קאָפּ און די אַקסלען פאַרוויקלטע אין אַ וואָלענער פאַטשיילע מיט אַראָפּהענגענדיקע גראָבע פראַנדזן, ווי פראָסט־צעפּלעך פון אַ בלעכענעם דאַך.

„אביגיל" — פרעג איך — „פון וואַנען גייסטו אַזוי שפּעט?"

„פון קינדערהויז" — ענטפערט זי — „איינגעדעקט דאָס אייניקל און נאָך עטלעכע קינדערלעך וואָס האָבן פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די קאָלדרעס".

מיר גייען און שווייגן. זי איז דאָ פון די וותיקות. געקומען מיט דער עלייה פון רוסלאַנד, סוף די צוואַנציקער יאָרן, אַ יונג קינד, פאַר די זיבעצן. דאָ חתונה געהאַט, אין קיבוץ אויפגעבויט איר היים, געבוירן דריי זין מיט דריי טעכטער. געאַרבעט אין פעלד און אין קיך, אין גרינס־גאָרטן און אין קושטאַל. ווו דער סדרן־עבודה האָט זי איינגעאָרדנט, איז זי געגאַנגען אָן קווענקלעניש, מיט געטריישאַפט געאַרבעט אין יעדן צווייג יאָרן לאַנג.

אָבער דער גורל איז געווען נישט גוט צו איר. דער מאַן, איינער פון די וויכטיקסטע בחורים אין קיבוץ — איז איר יונג אַוועקגעשטאָרבן פון אַ שווערער קראַנקייט. שפּעטער, אַז די קינדער זענען אונטערגעוואַקסן, האָבן זיי די מאַמע פאַרלאָזן. ווער עס האָט חתונה געהאַט און איז אַריבער אין אַן אַנדער קיבוץ, אָדער גאָר אַוועק אין שטאָט. ביי אביגילן איז געבליבן דער יינגסטער זון, געבליבן מיט אונדז אין משק, חתונה געהאַט, באַגליקט די מאַמע מיט אַן אייניקל.

ווען די שנור האָט פאַרשוואַנגערט צום צווייטן מאָל איז געווען ערב די „זעקס טעג". דער יונגער טאַטע איז אין מלחמה אַוועק און שוין נישט געקומען צוריק, געפאַלן ביי די טויערן פון ירושלימער אַלטשטאָט. דאָס צווייטע אייניקל האָט שוין געטראָגן איר זונס נאָמען.

דער זון פון איר זון איז קענטיק נישט בכוח געווען די באָבע צו טרייסטן. אביגיל, די שלאַנקע שטאָלצע פרוי, וואָס האָט שלום געמאַכט

מיט איר אַלמנהשאַפט, מיטן אַוועקגיין פון אירע קינדער אויף אַנדערע דרכים, איבערלאָזנדיק די מאַמע אויף מיטעלע יאָרן אַליין, אין קיבוצישער איינזאַמקייט, ווען פון איר גרויסער משפחה איז זי דאָ געבליבן מיט איר יינגסטן זון.

זי האָט זיך איינגעבראָכן באַקומענדיק די טרויער־ידיעה פון צה״ל. די עלטער האָט אויף איר מיט אַ מאָל אַ שפרונג געטאָן, ווען פריער האָט זי אויסגעזען יינגער פון אירע זעכציק, איצט איז זי געוואָרן אויסגעבויגן, ווי אַ זקנה פון זיבעציק. קנייטשן האָבן דורכגעאַקערט איר געזיכט, אויב פריער האָט מען זיי קוים אַרויסגעזען, זענען זיי איצט געוואָרן פאַרטיפט, ביי די שלייפן אַרום די אויגן, אַרום דער גאָמבע. אויך ווי עס וואָלט פאָר־געקומען אַ מעטאַמאָרפאָזע אין איר כאַראַקטער: אַלע מאָל אַ מילדע פרוי, היינט — בייסיק, מיט תרעומות אויף אַלץ. אָבער ווער עס קאָן זי, פאַרשטייט און איז מוחל.

מיר זענען געגאַנגען אויפן אינעווייניקסטן שאָסיי, די ברייט־צעצווייגטע באָקסער־ביימער פון ביידע זייטן, איבער אונדז, ווי אַ דאַך, האָבן אַדורכ־געלאָזן פון צייט צו צייט אַ כזית הימל. ווען מיר זענען שוין געווען נאָענט ביים וואַסערטורעם, האָב איך איר פאָרגעלייגט אַריינגיין צו מיר אין שטוב אויף אַ גלאָז טיי. זי האָט זיך געקווינקלט:

„איך וועל אוודאי שטערן? דיינע שלאָפט שוין?״ הערנדיק אַז נישט, האָט זי מסכים געווען.

טייבל איז געזעסן לעבן ראַדיאָ, וואָס האָט שטיל געשפּילט, און גע־לייענט אַ בוך. ווען מיר זענען אַריין האָט זי זיך אַרומגענומען מיט אביגילן, איר געהאָלפן זיך אַרויסשיילן פון דער טערקישער פאַטשיילע און זיך גענומען פּאָרען ביים עלעקטרישן טשייניק.

די עלנטע פרוי איז געזעסן צווישן מיר און מיין פרוי ביים שמאָלן פאָרמייקע־טישל. דער גוטער קאַווע־ריח האָט זיך געשפרייט פון טשייניק צוזאַמען מיט דער פּאַרע און אָנגעפילט דאָס קליינע צימער מיט אַן אומזעבאַרער רויִקייט. אויך אביגילס מיד פנים, פון יאָרן שווערע האָרעוואַ־ניע, איז ווי עטוואָס אויסגעלייטערט געוואָרן, גענומען אויסזען מילדער,

ווי עמעץ וואָלט די פּאַרטיפּטע קניטשן אירע עטוואָס אויסגעפּרעסט. זי האָט געזופּט פון איר קליינעם פּאַרצעלייענעם טעפּעלע די שוואַרצע קאַווע, און מיט די אויגן אַרומגעבלאָנקעט איבער אונדזער דירהלע און אָפּ־געזיפצט:

„שוין לאַנג נישט געווען ביי איך. דוכט זיך אַז עפּעס האָט זיך דאָ געענדערט, די ביכער־פּאָליצעס זענען פולער געוואָרן, די גאַרדינען — לענגער, און אויך דאָס פּאַרמייקע־טישל איז דאָ נאָך נישט געווען".

„יאָ" — זאָגט טייבל — „מען זעט זיך אַזוי אָפט אין פאַרשיידענע ערטער אין קיבוץ אַז מען פאַרשפּאָרט אַריינגיין צו אַ חבר אין שטוב כאַפּן אַ שמועס".

אביגיל האָט אויסגעטרונקען איר קאַווע, אָפּגערוקט פון זיך דאָס גלאָז און אַרויסגענומען פון איר קורצן זשאַקעטל אַ פּעקל פּאַפּיראָסן אין אַ געלער, ווייכער פּאַקונג, פאַררויכערט אָן מיין אָנגעצונדן שוועבעלע, געבלאָזן דינע זיילן רויך פון מויל און געשוויגן.

געלאָזן די צוויי פרויען אַליין, בין איך אַריין אין צווייטן קלענערן צימערל, זיך צוגעלייגט אויף דער זאָפע און אַריינגעקוקט אין דער טאָג־צייטונג. שטיקלעך אָפּגעריסענע רייד פון די וויבערשע שמועסן זענען צו מיר דערגאַנגען. אביגיל האָט זיך געקלאָגט וועגן איר עלנטקייט. די יונגע אלמנה, איר שנור, וויל זי אויך פאַרלאָזן, האָט בדעה צו נעמען די קינדער און זיך אומקערן אין שטאָט צו איר טאַטע־מאַמע.

כ'האָב אפשר איינגעדרעמלט, אָבער פּלוצלינג האָב איך דערהערט ווערטער וואָס האָבן געצויגן מיין נייגער. איך האָב מיט אַ מאָל דערפילט, אַז די אַלטע, צעוויטיקטע קיבוץ־פרוי רעדט זאָרגפולע רייד, נישט נאָר וועגן זיך, נייערט אירע רייד פאַרמאָגן אמתן וועלכע דער קיבוץ גייט פאַרביי. דאָס זענען אמתן וועלכע מען טאָר נישט פאַרבייגיין נאָר ווידמען צייט און כוחות די לאַגע צו ענדערן, לייזן דאָס פּראָבלעם. אויב אונדזער דור האָט פאַרשפּעטיקט, זאָל מען כאָטש פאַרהיטן דעם צווייטן דור יונגע טעכטער פון דער אַ ביטערניש.

איך האָב זיך אויפגעהויבן און אַריין צו זיי. אביגיל האָט זיך שוין

ווידער געוויקלט אין איר דיקן שאַל גרייט צום אַוועקגיין. זי איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן הויכן ביכערשראַנק, מיטן ווייזפינגער, פאַרגעלט פון ניקאָטין — פון פּאַפּיראָסן וואָס זי דעררויכערט ביזן סוף — האָט זי ווי געוואָרנט טייבלען וועלכע איז געשטאַנען לעם איר, מיט אַ האַלב קאָפּ נידעריקער, און זיך דאַרשטיק איינגעהערט צו אירע רייד.

ווען איך בין אַריין איז זי אַנטשוויגן געוואָרן, אַרומגענומען טייבלען, זיך געקושט מיט איר: „שפּעט, איך דאַרף שוין גיין".

איך האָב איר פאַרגעלייגט באַגלייטן — זי ווינט אין צווייטן עק פון קיבוץ. דער דרויסן איז געווען קאַלט, דער הימל הויך און אויסגעשטערנט, ווען מיר זענען אַרויס פון די אינעוויייניקסטע שמאָלע אַלעען אויפן ברייטן שאָסיי, וואָס רינגלט אַרום דעם קיבוץ, זענען אונדז צווי קליינע קעצלעך פאַרלאָפן דעם וועג, זיך געריבן ביי אונדזערע טריט, ווי אויך אויף זיי וואָלט געדריקט די נאַכטיקע שטילקייט.

אביגיל האָט זיך אָנגעבויגן, אויפגעהויבן איין קעצל און געדריקט צו איר שאַל. דאָס צאַרטע באַשעפעניש האָט זיך תמימותדיק געטוליעט צום וואַרעמען בוזעם און געברומט פון נחת.

אין דעם רוב אַרומיקע ווייסע הייזעלעך איז שוין געווען פינצטער. ערגעץ ווו האָט נאָך געליכטיקט אַ פענצטער. דער גרויסער עסזאַל, אַ פאַרוויקלטער אין גרינס, האָט אין דער פינצטערניש אויסגעזען ווי אַ ריזיקער מאָנומענט וואָס איז דאָ אויפגעשטעלט געוואָרן נאָך אַ פאַרגאַנגענעם דור.

דאָס קעצל, דערפילנדיק די ריחות פון דער נאָענטער קיך, האָט אויסגעפּלאָנטערט אירע נעגל פון שאַל און אַראָפּגעשפּרונגען.

„איך האָב זיי ליב, די שטומע באַשעפענישן" — האָט אביגיל געזאָגט — „אַפילו די פאַלשע, די קעץ, אָבער באַריידן קענען זיי נישט. טרייבן נישט קיין רכילות".

זי האָט אפשר געשמייכלט דאָס זאָגנדיק, אָבער איר אונטערשטע העלפט געזיכט איז געווען פאַרוויקלט.

מיר האָבן זיך פאַרדרייט רעכטס, פון ביידע זייטן האָבן געררושט די

לײדיקע קוקורוזע־שטענגלעך. די קאַשטאַנעס מיט די צײטיקע קערנער האָט מען שוין פון לאַנג אַראָפּגענומען, איצט שורשען די אויסגעטריקנטע בלעטער בײם קלענסטן װינטל.

פון װײטן האָט זיך שוין געזען דער בלאָק הײזער װוּ אביגיל װױנט. אויפן שטײנערנעם בריקל איז די עלטערע פרוי געבליבן שטײן און פאַר־רױכערט. פאַרן ליכט פון שװעבעלע האָב איך דערזען איר מיד געזיכט, װאָס איז װי פאַרשטײנט, ברױן, מיט שאַרפע קנײטשן בײ אירע שלײפן — אַ קאָפּ װי פון לײם אויסגעקנאָטן און אין זון פאַרהאַרטעװעט. דעריבער אפשר האָב איך זיך געװוּנדערט די ערשטע מינוט װען דער קאָפּ האָט אָנגעהויבן רײדן:

„האָסט נאָך צײט אַ װײלע? קום אַרײן".

זי האָט געעפֿנט די טיר. אינעװײניק אין שטוב איז געװען פינצטער. עס האָט זיך דורך אַן אָפן פענצטער אַרײנגעטראָגן דאָס גערױש פון די טרוקענע קוקורוזע־בלעטער. אין צימער איז געװען קאַלט. זי האָט פאַר־צױגן אַ פאָרהאַנג און אויפגעעפנט דאָס עלעקטרישע ליכט, װאָס האָט באַלויכטן אַ פײן געשניצט טישל, געבעטע שטולן, אויפן װאַנט דער פאָרטרעט פון איר מאַן אין אַ היטל פון אַ גאַפיר, װען ער איז פאַר די ענגלענדער געװען אַ ײדישער שוטר. געלע כריזאַנטעמעס זענען אין אַ שטײנערנעם בעכער געשטאַנען אויף אַ קלײנעם, שײנעם מאָזאַאיק־טישל. אביגיל האָט עפּעס פיבערדיק אַרומגעזוכט, אַ גרויער לאָק, װעלכער האָט זיך צעשױבערט אויף איר שטערן, האָט װי געמסרט אויף איר אינערלעכער צעשטרײטקײט.

דערנאָך האָט זי זיך אַװעקגעזעצט לעם מיר.

„איך װעל דיך לאַנג נישט אויפהאַלטן" — אירע פינגער האָבן גע־ציטערט װען זי האָט גענומען דעם פּאַפּיראָס צום מויל — „עפּעס שטופּט מיר דער נאַר, פאַר אַן אַלטן גוטן פרײנד זיך אַראָפּרײדן עטװאָס פון האַרצן. אָבער װעט דען װײניקער דריקן?" — די פראַגע האָט זי אַרויס־געזאָגט שטיל, װי זי װאָלט זיך אַלײן עס געפרעגט און ממשיך געװען — „מײן לעבן װײסטו דאָך. יעדער טראָגט זײן גורל. אין מײנע אומגליקן איז

קיינער נישט שולדיק. אָבער פאַראַן זאַכן וואָס דער קיבוצישער וועג פאַר־זיכערט, אָבער פירט קיין מאָל נישט אויס. אפשר פאַר יחידים, אָבער דער כלל געניסט נישט״.

זי האָט מיטן ווייזפינגער פון דער רעכטער האַנט אַראָפּגעשאַרט די טליענדיקע אַש אין שילדקראָטענעם אַש־בעכער און טיף פאַרצויגן:

„אַ יונגינקע בין איך געקומען אין קיבוץ, פאַר די אַכצן. איך האָב מיט פרייד און גלויבן זיך איינגעהערט צו אונדזערע דברנים, אַז דאָס קיבוץ־לעבן באַפרייט די פרוי פון שווערן ווייבערשן יאָך, עפנט פאַר איר גרויסע מעגלעכקייטן זיך צו קענען גייסטיק אַנטוויקלען. זי וועט האָבן אַ סך פרייע צייט, נישט פאַרשוואַרצט ווערן ווי אונדזערע מאַמעס. איך האָב יאָרן לאַנג געגלייבט אַז דער טאָג וועט קומען. אָבער וואָס איז געווען די ווירקלעכקייט: די פרוי אין קיבוץ אַרבעט דאָס רוב ביי באַדינונגען אין קיך, אין עסזאַל, אין וועשעריי, אין די קינדערהייזער. אין שווערע באַדינגונגען, מיט געשפּאַנטע נערוון. דער אַרבעטסטאָג פון דער חברטע איז לענגער. זי האָט אויך דעם יאָך פון ריין האַלטן איר פריוואַטע שטוב, אַכטונג געבן אויף די קינדער ווען זיי קומען אין די אָוונטן פון שול, פון גנון און נאָך פאַרשיידענע לאַסטן וואָס עס פאַלט אויף דער פרוי אין קיבוץ.

„איך האָב געגלייבט, געהאָפט, אָבער די האָפענונג איז צערונען צוזאַמען מיט די יאָרן״. זי האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם. אָוועקגעשטעלט דעם אַשבעכער אויפן ביכערשענקל. זיך האָסטיק אַ קער געטאָן צו מיר, זעענדיק אַז איך פאַרקנעפּל דאָס רעקל האָט זי געזאָגט:

„איילסט זיך אַוועקצוגיין, עס איז שוין טאַקע שפּעט. טייבל וועט זאָרגן. נאָר נאָך איין וואָרט. איצט בין איך איבער די זעכציק. אָפּגעהאָרע־ווען אַ לעבן, בין קראַנק און מיד. געבליבן אַליין. דער עלנט דריקט. מען רעדט: קיבוץ — איין משפּחה. וווּ? ווען? קיינער עפנט נישט קיין טיר, קיינער באַמערקט מיך נישט, עמעץ וואַרפט מיר צו אַ מאָל אַ קאַלטן ׳שלום׳, אַ וואָרט פון יוצא וועגן. אמת, עקאָנאָמיש בין איך פאַרזאָרגט,

עסן און טרינקען פון דאָס בעסטע; אָבער טייל מאָל איז שווערער פאַר־טראָגן עלנטקייט ווי הונגער..."

וואָס האָב איך געקענט ענטפערן?

„דער נייער דור וועט לערנען פון אונדזערע פעלערן" — האָב איך שטיל אַרויסגעשטאַמלט. און געוווּסט ווי נישט גערעכט איך בין.

## פריידעלע

פריידעלע איז אויסגעאָנגען פאַרנאַכט אַרום זיבן אַ זייגער אין שפּיטאָל.

די פאַרשאָלטענע קרענק האָט אָפּגעפרעסן איר גאַנץ לייב און פאַרן טויט זענען נאָר געבליבן אויסגענאָגטע דאַרע ביינער.

די קרענק האָט זי געפרעסן לאַנגזאַם, נישט געאײַלט זיך, זיכער געווען מיטן אייגענעם זיג, אַז די וואָרצלדיקע געוויקסן אירע וועלן שוין דעם קרבן אַ לעבעדיקן נישט אַרויסלאָזן.

אויך מיר, אירע נאָענטע חברים, האָבן געוווּסט, אַז אירע טעג זענען געציילטע און דאָך האָבן מיר נישט געוואָלט משלים זיין מיט דעם און געהאָפט די גאַנצע צייט — כּל זמן זי האָט נאָך געאָטעמט, — אויף אַ נס. לעבן מיר דאָך אין טעג פון אַזעלכע אויסערגעוויינלעכע דערגרייכונגען; איין דערפינדונג יאָגט איבער די צווייטע. איז ווער ווייס — האָט זיך פאַרבאָרגענערהייט געטראַכט — אפשר וועט מען אויסגעפינען אַ מיטל צו דער־אָ פאַרשאָלטענער קרענק, און פריידעלע וועט געראַטעוועט ווערן. אָבער ווייזט זיך אויס, אַז ס'איז גרינגער צו דערפינדן — ווי מען זאָל אומברענגען מיליאָנען מענטשן מיט איין באָמבע, איידער איין מענטש ראַטעווען פון די נעגל פון טויט.

פריידעלע איז געשטאָרבן; געבליבן נאָך איר איז דער קליינער בלומען־גאָרטן אַרום דער טעראַסע, — וועלכן זי האָט אַזוי אייפערדיק אָפּגעהיט אַפילו אין אירע קראַנקע טעג. אַ גערטעלע, וואָס האָט ווי אַ וווּנדערלעכער בלומען־בוקעט אַרומגעקרייזט איר שטוב מיט ראָזע און

רויטע רויזן, מיט פיינע שלאַנקע און ווייסע „כלות״, מיט פיאָלעטע גלאַדיאָלן און דינע איידל־שמעקנדיקע באַרדאָ־נעגעלעך. זי האָט זיי אַליין באַוואָסערט אַלע אויפֿדערנאַכט נאָך די הייסע שרב־עדיקע טעג, אָדער נאָך די וואַרעמע מזרח־ווינטן. זי האָט געהיט איר גאָרטן ווי דאָס וואָלט געווען איר איינציקער אָנהאַלט אין אָט די קראַנקע טעג אירע.

איר בן־יחיד איז אַוועק אין צה״ל. דער מאַן האָט ליב זיך צו מישן און מיטלעבן מיט אַלע ענינים אין קיבוץ און מיט פּאַרטיי־ענינים אויסערן קיבוץ, און אַפֿילו מיט דער וועלט־פּאָליטיק, נאָר נישט מיט דעם, וואָס טוט זיך אַרום אים. האָט ער נישט באַמערקט און נישט דערזען דעם טיפֿן עלנט פֿון זיין — פֿאַר דער צייט — פֿאַרעלטערטער און קראַנקער פֿרוי.

האָט זי די טראַפּנס לעבן. וואָס איר גוף האָט נאָך פֿאַרמאָגט, אַריינגעטאָן אין בלומען־גאָרטן. זיך פֿאַרטאָן אין דעם, געטראָגן בלומען צו די שכנות אין די שבתים און יום־טובים און סתם אַזוי אויף אַ שמחהלע, אַ בר־מצווה אָדער געבורטסטאָג.

ווי אַ געניט־אינטעליגענטער מענטש האָט זי געוווּסט פֿון איר נאָענטן סוף. מען האָט זי נישט געקאָנט אָפּנאַרן נאָך דעם ווי מען האָט זי אַ היים געבראַכט נאָך דער ערשטער אָפּעראַציע. די ווייטיקן, וואָס האָבן זיך באַנייט האָבן עס איר אויסדערציילט, די שלאָפֿלאָזע פֿיינפֿולע נעכט האָבן עס געסודעט איר אין אויער. אָבער דאָס, וואָס זי האָט געקאָנט אויסבאַהאַלטן אין זיך, האָט פֿריידעלע פֿאַרבאָרגן פֿון אַ פֿרעמד אויג. און אין די טעג פֿלעגט זי יעדן איינעם אַנטקעגנטראָגן אַ שמייכל פֿון אַ מאַסקע אויף איר בלייכן געזיכט.

אַזוי איז זי אַרומגעגאַנגען צווישן אונדז ביז די ווייטאָקן האָבן זיך געשטאַרקט. ווען איר צעוויטיקט לייב האָט נישט געקאָנט מער איינהאַלטן דעם געשריי, האָט מען זי אַוועקגעפֿירט אין שפּיטאָל.

נעכטן האָבן מיר פֿריידעלען אָפּגעפֿירט צו איר אייביקער רו אויף אונדזער אייגענעם בית־עולם, וועלכער ליגט אַן אַרומגעצאַמטער ביים ראַנד פֿון אַ פֿעלד. אַרום גרינט, עס בליען פֿעלדבלימלעך, וואָס יעדעס פֿאַרמאָגט זיין אייגנאַרטיקן ריח, צוזאַמען — אַ סימפֿאָניע פֿון וווּנדער־

לעכע ריחות, וועלכע וועקן דיך צום לעבן; און אין מיטן, — שורות פון גרויע געגאָסענע שטיינער, וואָס דערמאָנען אָן טויט און דאָס גיכע פאַר־וועלקן. יונגע ליגן זיי דאָ אונטער די שטיינער. דער טויט האָט זיי פון אונדזער מיט אַרויסגעריסן.

* * *

ווען איך קוק אַרויס דורך מיין פענצטער, זע איך פריידעלעס פאַר־יתומט גערטנדל; זע איך די ליידיקע טעראַסע ווו זי איז די לעצטע מאָנאַטן פון איר לעבן האַלב־געזעסן, האַלב־געלעגן אין איר לייוונטענעם ליגשטול און אַריינגעקוקט אין אַ בוך און אפשר אַריינגעקוקט אין זיך און דערזען ווי איר קורץ לעבן האָט אויסגעברענט אַזוי זייטיק, ווי אויס־גערונען צווישן די פינגער אָן טעם און אָן שום הנאה. ווער ווייס, וואָס אַ מענטש טראַכט אין שאָטן פון נאָענטן טויט.

צו אונדז אין קיבוץ איז פריידעלע געקומען פון פוילן אַלס חלוצה מיט עטלעכע און צוואַנציק יאָר צוריק.

דער חלוצישער שטראָם פון יענע יאָרן, וועלכער האָט פאַרפלייצט פוילן, האָט זי אָוועקגעטראָגן פון דער העברעישער שול ווו זי האָט גע־לערנט אין איר שטעטל אין אַ הכשרה־פונקט אין אַ וואָלינער דערפל. דאָרט האָט זי צוגלייך מיט אַלע חלוצים געאַרבעט אין די שטיינהאַקערייען און אין די אָרטיקע טאַרטאַקן. די צאַרטע הויט פון אירע הענט איז פאַר־האַרטעוועט געוואָרן; פענכערס זענען אויפגעלאָפן אויף אירע פינגער פון דעם האַמער מיט וועלכן זי האָט גאַנצענע טעג צעקלאַפּט שטיינער אויף שצעבל, פון שלעפּן ברעטער פון טאַרטאַק און זיי סטאַבלירן, — אַן אַרבעט וועלכע עס טוען געוויינלעך מענער; אָבער מיר האָבן דאָך געוואָלט איבערשטייגן די גויים, — האָבן די זעלבע אַרבעט געטאָן ביי אונדז מיידלעך ערשט פון שולבאַנק אַראָפּ.

פריידעלעס שיין געזיכט איז געוואָרן אָפּגעברענט, האָט פאַרלאָרן די פריערדיקע ווייכקייט, ווי זיך פאַרצויגן מיט עפּעס האַרטס, — אָבער די אידעלע שטריכן און די טיף־גרינע אויגן האָבן נישט געלאָזן אַזוי לייכט באַמערקן די ענדערונג, וואָס איז אין איר פאַרגעקומען.

נאָך לאַנגע מאָנאַטן אויף הכשרה איז פריידעלע מיט אַ גרויסער מחנה צעזונגענע חלוצים אָפּגעפאָרן פון פוילן, מיטן באַן קיין טריעסט און פון איטאַליענישן פּאָרט מיט אַ שיף קיין יפו.

אין קיבוץ ביי אונדז האָט מען זי אויפגענומען מיט ליבשאַפט. אַנ־שטאָט אין אַ געצעלט האָט מען זי איינקוואַרטירט אין אַ צריף. אין קליינעם ברעטערנעם צימערל איז איר בעטל געווען דאָס זעקסטע: די ענגשאַפט איז געווען גרויס, אָבער לויט יענע יאָרן איז עס געווען אַ גאָר גרויסע דערגרייכונג.

טראָץ דער הכשרה, וואָס פריידעלע האָט דורכגעמאַכט אין פוילן, איז איר דאָך שווער געווען די ערשטע יאָרן זיך איינלעבן אין גרויסן קיבוץ. דער שטענדיקער רעש האָט זי דערדריקט, דער געזשוש ווי אין אַ בינשטאָק, האָט זי דערשלאָגן.

פון שטענדיק אָן אַן אין־זיך־פאַרשלאָסענע, אַ טיף אינדיווידועלע נאַטור האָט זי געליטן פון דעם קאָזאַרמע־לעבן אין קיבוץ ווו מען דאַרף עסן שטענדיק צוזאַמען צווישן הונדערטער מענטשן; זיך וואַשן אין דער אַלגעמיינער מקלחת, אַנטפּלעקן פאַר צענדליקער ווייבלעך און מיידלעך דאָס נאַקעטע לייב, איר לייב, וועלכעס זי האָט פאַר זיך אַליין עס געשעמט צו אַנטפּלעקן. קיין מאָל נישט האָבן קיין אייגן ווינקעלע, כדי קאָנען בלייבן מיט זיך אַליין. ביי דער אַרבעט און נאָך דער אַרבעט זיין אויס־געשטעלט שטענדיק צו זיין צווישן אַ סך אויגן און אויערן.

דאָך איז זי פון דעם לעבן נישט אַנטלאָפן, ווי דאָס האָבן געטאָן אַנדערע, נאָר געבליבן טריי אירע חלוצישע אידעאַלן, זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט מיט ברען, מיט איבערגעגעבנקייט. פאַרנומען אַ וויכטיקן אָרט אין צווייג אין וועלכן זי האָט געאַרבעט. אָבער נאָך דער אַרבעט האָט זי זיך געהאַלטן אַביסל פון דער ווייטן. ליב געהאַט איינזאַמקייט. מען האָט זי געקענט געפינען אין מאַראַנצן־סאַד אָדער אויף אַ שטיין אין זייט פון דער מחנה.

מיר זענען דאַן אַלע געווען יונג און פאַרבענקט. די שאַרפע בענק־שאַפט נאָך די נאָענטע, וועלכע מיר האָבן איבערגעלאָזן דאָרט מעבר

לים, האָט אונדז געגאַגט. מיר האָבן זיך געהאַלטן אַלע צוזאַמען און אין די אָוונטן האָבן איבערן בערגל געהילכט אונדזערע לידער און פלאַם־פייערדיקע טענץ.

פריידעלע האָט אין זיי נישט אַנטיילגענומען, זי איז געווען ווי אַן איידעלער פלאַנץ, וואָס יעדער לייכטער באַריר שאַדט עס.

* * *

יאָרן זענען געגאַנגען. פריידעלע האָט זיך פאַרבונדן מיט אַ חבר. אַ מאַמע געוואָרן. דאָס רוישיקע און שווערע לעבן וואָס האָט זי לכתחילה געשראָקן און זי האָט פון אים זיך געוואָלט דערווייטערן האָט איר איינגע־שלונגען אין זיך. פריידעלע האָט געאַרבעט אין גרינסגאָרטן; אָפט האָט מען געקאָנט הערן איר קלאָר שטימעלע, וואָס האָט זיך צעטראָגן איבער די ברייטע פעלדער און אָפענע פליינען. אָפטער האָט מען שוין געקאָנט באַמערקן, ווי איר קליין אָבער שלאַנק פיגורל האָט זיך אַריינגעדרייט און אַריינגעפלאָכטן אין אַ פלאַמיקער „האָראַ" צוזאַמען מיט אַלע טאַנצנדיקע.

אויסערלעך האָט זיך פריידעלע מיט גאָרנישט אונטערשיידט פון אַלע אַנדערע. זי איז איינגעגלידערט געוואָרן אין דער גרויסער משפחה פון קיבוץ. געטראָגן דעם יאָך גלייך מיט אַלעמען. אָבער די גאָר נאָענטע, וועלכע האָבן זי גוט געקענט, האָבן שוין פון צייט צו צייט געהאַט באַ־מערקט ווי איר פריילעכע שטימונג לעשט זיך ביסלעכווייז אויס און אַ שווערער אומעט פאַרציט אירע גרויסע גרינע אויגן.

איז עס פון איבערמידקייט? איז עס געווען בענקשאַפט נאָך עפּעס, וואָס זי האָט נישט דערגרייכט, וואָס איז אַדורך פאַרביי איר? און אפשר די אַנונג פון נאָענטן סוף?

דורך די יאָרן האָט דער קיבוץ מיט ריזן־שריט געשפּאַנט פאָרויס, זיך צעוואַקסן מיט בנינים, זיך צעשפּרייט אין שטח. ס׳איז געוואָרן באַ־קוועמער צו לעבן אין די פיינע וווינונגען. מען האָט שוין פאַרגעסן די פריערדיקע ענגשאַפט. אַ חבר האָט שוין נישט געדאַרפט גיין אין דער אַלגעמיינער מקלחת, ער האָט געהאַט אַן אייגענע, אַ באַזונדערע. מען האָט שוין געקאָנט זיין אַליין...

נאָר פריידעלע איז שוין דאַן געווען לאַנגע יאָרן קראַנק. נישט גע־קאָנט פון דעם אַלעם געניסן, און דווקא איצט האָט זי געוואָלט אַנטלויפן פון דעם אַליין־זיין אין וועלכן די קרענק האָט זי פאַרוויקלט און שוין נישט אַרויסגעלאָזן פון די הענט.

## די לעצטע באַגלייטונג

צוליבן מרחק איז דער ארון מיטן ניפטר געפירט געוואָרן דורך אַ טראַקטאָר. אויף דער וואַכעדיקער פלאַטפאָרמע איז דער קאַסטן — פון נישט געהובלטע ברעטער — געווען איבערגעדעקט מיט אַ שוואַרץ טוך, און אויפן טוך — פאַרשיידנפאַרביקע פעלד־בלימלעך, געפלאָכטן אין קרענץ.

אין ארון ליגט דאָס קליינע, האַרבאַטע און אויסגעדאַרט גופל פון דעם אַלטן בחור, דעם וותיק — אַבראַמסאָן. מיר אַלע האָבן אים גוט געקאָנט אין משך פון לאַנגע יאָרן — דעם שטילן איינזאַמען חבר, וואָס האָט זיך תמיד געהאַלטן זייטיק, געלעבט אַ לעבן פון אַ נזיר. נישט קוקנדיק אויף זיין שוואַך גופל האָט ער אָבער געוואָלט אַרבעטן נאָר ביי פיזישער אַרבעט און נישט פאַרפעלט קיין טאָג; זיך קיין מאָל נישט געקלאָגט אויפן געזונט און נישט אַריין צו אַ דאָקטער ביז ער איז געפאַלן ביי דער אַרבעט, געפאַלן און זיך שוין נישט אויפגעהויבן. אַ בלוט־אויסגוס אין מוח, האָבן די דאָקטורים פעסטגעשטעלט, און צום באַוווסטזיין איז ער שוין נישט געקומען.

פון צייט צו צייט האָט זיך עטוואָס אַ וואַקל געטאָן די פלאַטפאָרמע און דער ארון, ווען די ברייטע גומענע רעדער זענען אַרויף אויף אַ האַרטער גרודע ערד. הינטערן וואָגן האָט זיך געצויגן אַ גרויסער עולם, אַ טייל אין אַרבעטס־קליידער, און אַ טייל וואָס האָט שוין באַוויזן זיך וואַשן און איבערטאָן. פון ווייטן איז אויסגעקומען, ווי עס ציט זיך איין לאַנגער צוג פון אַ גרויער מענטשן־מאַסע, אויסגעהאַמערט פון איין שטיק. האָסטו זיך אָבער דערנענטערט — זענען אַרויסגעשווומען פנימער פון

פאַרשיידענע קאָלירן: רויטע, בלאַסע, טונקעלע, געזיכטער מיט בערד און אָן בערד. מענער און פרויען, וואָס אַ טייל פון זיי האָבן געריעדט און באַוועגט מיט די הענט. אמת, די רייד זענען געווען שטילע, די באַוועגונגען — געלאַסענע, דאָך האָט עפּעס ווי געטאָן און פאַרשעמט: אַזוי באַגלייט מען אַ חבר אויף זיין לעצטן וועג? אַזאַ שעה איז גוט ווען מען שווייגט, מיט אויגן און מחשבה אַריינגעטאָן אין זיך; אַ טראַכט טאָן וועגן מענטשלעכן סוף, וועגן דעם וועמען דו באַגלייטסט צו זיין אייביקער רו.

ערשט נעכטן געטראָפן זיך מיט אים ביי דער אַרבעט אין פעלד, צי ביים וואַרשטאַט; ביים עסן אין חדר האכל, אָדער ביי אַ גלאָז טיי... איז מאָדנע צו זען, ווי עמעצער פון די באַגלייטערס גיט אַ שמייכל צו אַ צווייטן, אָדער מען שמועסט וועגן געוויינלעכע טאָג־טעגלעכע ענינים.

דער וועג צום קיבוצישן בית־עולם פירט דורך אַ סטעזשקע. נעכטן האָט דאָ געדעגנט, אָבער דעם לייכטן רעגן האָט דער זאַמדיקער באָדן גיך איינגעזאַפּט.

לינקס פון דער סטעזשקע ציט זיך אַ פעלד מיט פּאַרזייטער קוקורוזע. איצט, אין מערץ, זענען די גרינע, זאַפטיקע שטענגלעך נישט העכער ווי עטלעכע צענטימעטער פון דער ערד. רעכטס — וואַקסט אַ יונגער פּרדס. די מאַראַנצן קוקן ווו־נישט־ווו דורך די געדיכטע ברייטע בלעטער אויף גאָטס וועלט — גאָלדענע אויגן. די לופט, ווי דער הימל, איז קלאָר און לויטער. אַן עראָפּלאַן פליט נידעריק, ווי ער וואָלט אָפּגעבן כבוד די לוויה און באַלד טוט ער זיך אַ הויב אויף און פאַרשווינדט אין די הייכקייטן.

איך גיי מיט די לעצטע פּאַרשפּעטיקטע באַגלייטער, עטוואָס דערווייטערט פון עולם. לעבן מיר שפּאַנט אליקים דער „תרבותניק". ער איז דער קולטור־טוער פון קיבוץ, אויך דער רעדאַקטאָר פון וואָכנבלעטל, געדרוקט אויף אַ שרייבמאַשין און אָפּגעקאָפּירט דורך אַ סטענסל אין עטלעכע הונדערט עקזעמפּליאַרן; דאָס איז די אינעווייניקסטע צייטונג וואָס ברענגט ידיעות וואָס טוט זיך צווישן חברים און נייעס וועגן יבול

פון אונדזערע פעלדער. אליקים ברענגט אַראָפּ פון צייט צו צייט אַ רעד־נער, אַ טעאַטער־טרופּע.

ער איז רונד, ווי אַ קליין ביר־פעסל, אָבער רירעווודיק, און איז אויס־געמישט אין אַלע ענינים, ווייס וואָס עס טוט זיך ביי יעדן איינעם און האָט ליב אַליין אַ סך צו ריידן, אָבער מיט געדולד אויסצוהערן אַ צווייטן.

ווייל מיר זענען אָפּגעשטאַנען פון די באַגלייטער, איילן מיר זיך איצט אונטער, ווילן זיי דעריאָגן. אליקימס שווערער גוף פרייכט פון אָנשטרענגונג, זיינע ליפּן זענען עטוואָס בלוי און קליינע ווייסע שוים־בלעזעלעך אין די ווינקלען. ער גייט און הערט נישט אויף צו ריידן, פּאַטשן מיט די פרעמדע ציין און פּאַמפּקען דעם פאַרלאָשענעם פּאַפּיראָס, וואָס ער לאָזט פון מויל נישט אַרויס.

ער דערציילט מיר וועגן ניפטר, וואָס איז געקומען אין לאַנד און אין קיבוץ מיט אַ פערציק יאָר צוריק:

„געקומען איז ער צו אונדז מיט דער פערטער עלייה, אין ניינצן צוואַנציק פינף. מיר זענען נאָר וואָס אַרויף אויפן באָדן וואָס דער קרן־קימת האָט אונדז צוגעטיילט. עס רעדט זיך אַזוי באָדן, געווען איז עס אָבער אַ וועלדל מיט ווינקיקע עקאַליפּטוס־ביימער, פון וועלכע מ׳האָט דעם באָדן נישט אַרויסגעזען. צווישן די ביימער האָבן מיר אויפגעשטעלט געצעלטן און גענומען אויסקאָרטשעווען די עקאַליפּטוסן. וואַסער איז נישט געווען קילאָמעטערס אַרום. געווען זענען אָבער שלענג און שאַקאַלן...״

אליקים האָט זיך אַ ווײַלע פאַרקלערט, אַרויסגעשפּיגן דעם צעקייטן סיגאַר פון מויל, זיך אָפּגעשטעלט, מיר אַריינגעקוקט אין פּנים:

„געקומען איז ער אין אַ הייסן יוני פאַרנאַכט, די מאָסקיטן האָבן געשטאָכן ווי נאָדלען. חברה זענען געלעגן אין שאָטן פון די לייוונטענע ביידלעך, נישט אַרומגעוואַשענע נאָכן שווערן טאָג אַרבעט, געטריבן די קאָמאַרן און געקייט די ערד... און אָט, מיט אַ מאָל באַווייזט זיך אַ יונג בחורל מיט אַ היפּשן הויקער און מיט אַ קליין טלומיקל אונטערן אָרעם, גרויס ווי אַ טלית־זעקל. ער פרעגט אויפן מזכיר און דערציילט אים, אַז

ער איז אַ חלוץ פון ליטע. געשיקט האָט מען אים אַהער... פון דער היים איז ער אַ בוכהאַלטער...

„מיר האָבן אַלע מיט באַוואונדערונג אויסגעגלאָצט די אויגן אויפן ייִנגל מיטן אויסגעאיידלטן פּנים פון אַליוּר־קאָליר. איבער זיינע געדיכטע שוואַרצע ברעמען האָט זיך געשפּרייט אַ הויכער שטערן פון אַ תּלמיד־חכם. ער איז געשטאַנען עטוואָס געבויגן און זיינע הענט זענען אויס־געקומען לענגער, ווי דאָס רוב ביי אַ הויקער.

„מיט שטוינונג האָט די חברה געקוקט אויפן בעל־מום: צו וואָס קען ער דאָ טויגן?

„דער קיבוץ האָט זיך דאַן נאָר וואָס געגרינדעט. אַרום און אַרום איז געווען וויסט. די עטלעכע צענדליק בחורים און מיידלעך האָבן געהאָרעוועט שווער פון פינצטער ביז פינצטער, אין פרעמדע פּרדסים, און טייל — ביים צוגרייטן דעם אייגענעם באָדן, אויסקאָרטשענען ביימער, אַקערן און פלאַנצן. און אַלע געלעבט אין פּאַלאַטקעס און נישט דערעסן צו דער זעט.

„מיר האָבן זיך אַליין געפרעגט: וואָס קען טאָן דאָ דאָס בחורל מיט די מילדע, גרויסע ברוינע אויגן? אַוועקזעצן ביי דער בוכהאַלטעריע? האָבן מיר קיין ביכער נישט געפירט, נישט געווען נאָך וואָס צו פאַרשרייבן אין ביכער.

„אָבער די תּמימות פון דעם אַבראַמסאָן און זיין ערלעכקייט האָט אונדז צוגעצויגן גלייך פון די ערשטע טעג. נישט געקוקט אויף זיין מום, איז ער מיט אַלע אויפגעשטאַנען פאַרטאָג צו דער אַרבעט, נישט געוואָלט אָפּשטיין פון קיינעם, נישט געוואָלט מען זאָל אים איינאָרדענען ביי גרינגערע טועכצן. זיין פרישטיק — אַ שטיקל טרוקן ברויט, און דאָס ברעקל הערינג צום ברויט פלעגט ער נישט אָנרירן — אַ וועגעטאַריער, לא עלינו. אַפילו דאָס האַלבע איי, וואָס יעדער חבר פלעגט קריגן צום אָוונט־מאָלצייט האָט ער אויך נישט גענומען, ווייל דאָס קומט פון אַ בעל־חי. פון וואַנען האָט דאָס ייִנגל געשעפּט כּוח? איז טאַקע אַ רעטעניש".

אליקים האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, גענומען פאַררויכערן אַ צווייטן פּאַפּיראָס, דער ווינט האָט געלאָשן די שוועבעלעך. ער האָט באַטראַכט

יעדעס אויסגעברענט שוואַרץ קעפּל, פאַרן אַראָפּוואַרפן דאָס שוועבעלע אויף דער ערד, ווי ער וואָלט געזוכט אין דעם — און נישט אין ווינט די סיבה הלמאי עס האָט זיך פאַרלאָשן?

אָנבלאָזנדיק אויף מיר אַ פול מויל מיט רויך, האָט דער „תרבותניק" געזאָגט:

„שוין אָפּגעלאָפן באַלד פערציק יאָר פון יענעם טאָג, ווען אַבראַמסאָן איז געקומען צו אונדז... איצט באַגלייטן מיר אים אויף זיין לעצטן וועג. וואָס האָב איך מוסיף צו זיין? האָסט דאָך אים געקענט ווי איך, אין די לעצטע צענדליקער יאָרן. ווי האָבן מיר אים אָנגערופן ביים לעבן: נזיר, למדוואָווניק! געלעבט איינזאַם אין רוישיקן לעבן פון קיבוץ. געווען אַ מין רואה־ואינו־נראה. נאָך דער אַרבעט אין זיין פּריוואַט־צימערל — איבער ביכער, איבער ספרים. זעלטן פלעגט ווער אַריינגיין צו אים. קיין פאַמיליע־לעבן נישט אויפגעשטעלט. אין קהלשע ענינים זיך נישט גע־מישט. וואָס פאַר אַ זכר וועט נאָך אים בלייבן? ער וועט פאַרגעסן ווערן נאָך איידער גראָז וועט פון זיין קבר אַרויסשפּראָצן. וואָס ווייס דער יונגער דור וועגן די חלוצים, וואָס זענען אַהער געקומען מיט דער דריטער, פערטער און פינפטער עלייה? איצט גייען זיי אַוועק, ווער וועט זיי גע־דענקען, ווער ווייס זייערע מעשים? זענען זיי דאָך די פונדאַמענטן פון אונדזער היינטיקער מדינה, אָט די אַלמונים".

אליקים איז געשטרויכלט געוואָרן אָן אַ גרודע ערד און שיעור נישט אומגעפאַלן. די לוויה־באַגלייטער האָבן זיך שוין היפּש דערווייטערט. אליקים האָט זיך אויסגעגלייכט און טייטלענדיק מיט זיין אָן־נאָגלדיקן ווייזפינגער פון דער רעכטער האַנט אויפן באַגלייטנדיקן עולם האָט ער מוסיף געווען:

„זע, ווער עס באַגלייט דעם ניפטר — דאָס רוב די אַלטע חברים. ווו זענען די קינדער, די דאָ געבוירענע? אַ דור וואַקסט אויף אשר לא ידע את יוסף... עס וואָלט כדאי געווען אַרויסגעבן אַ לעקסיקאָן פון אָט די ראשונים, אָט די פּשוטע אומבאַקאַנטע חלוצים — וואָס שטאַרבן אויס — זאָל כאָטש זייער געדעכעניש נישט אָפּגעמעקט ווערן".

מיר האָבן מיט גיכע טריט אַנגעיאָגט דעם עולם און מיין באַרעדעוו־דיקער חבר איז אַנטשוויגן געוואָרן אין אָנבליק פון דער „מיטה", וואָס מען האָט שוין איצט געטראָגן אויף די אַקסל.

עס האָט זיך אַ שפּרייט געטאָן פאַר די אויגן דער ברייטער אַרומ־געצוימטער שטח פון בית־הקברות, איינגעטונקט אין גרינס. די צוויי לאַנגע שורות שטיינערנע מצבות — וואָס זענען ווי פון דער ערד אַרויס־געוואַקסן — האָבן מיט די אויף זיי בולטע, אָדער פאַרטיפטע אותיות דערמאָנט די נעמען פון די וואָס ליגן אונטער זיי. די זון — אַ פייערדיקער קנויל — האָט זיך געגליטשט אַראָפּ־צו, איבער פּרדסים און פעלדער, צום תל־אביבער ים. אַ קילער ווינטל האָט געגלעט דאָס שוואַרצע טוך פון ארון, וואָס איז געווען אויפגעהויבן העכער און ווי געשוווּמען איבער די קעפּ פון דער מענטשן־מאַסע.

דער עולם האָט זיך שוין געזאַמלט אַרום דעם אָפענעם קבר. פוןביידע זייטן, לענג אויס זיין עפענונג איז געלעגן אָנגעשאָטן דער פריש ערשט־אויסגעגראָבענער, שוואַרצער באָדן. שטיל. מ׳הערט נאָר דעם פאַר־נאַכטיקן פייגל־געסוויטשער אין די ביימער, און די שווערע טריט פון די מלווים, וועלכע האָבן אין אַ רונדן קרייז זיך צעשטעלט אַרום גרוב. אַן עלטערע פרוי האָט אַ כליפּע געטאָן אין איר קאָפּטיכל, ווען דער הילצער־נער קאַסטן איז גליטשנדיק זיך אויף שטריק אַראָפּגעלאָזן געוואָרן אין קבר אַריין.

שטייענדיק אויף אַ דערבייאיקן בערגל — אָנשפּאַרנדיק זיך אויף דער איינציקער אַלטער ווערבע וואָס וואַקסט דאָ — האָב איך דערהערט שיטן די ערשטע לאָפּעטעס ערד אויף די ברעטער, זייער טרויעריקער קלאַנג האָט אָפּגעשלאָגן אין מיין האַרץ: נישטאָ שוין אַבראַמסאָן, וואָס האָט ווי אַן אַמאָליקער מקובל נישט געוואָלט געניסן פון דער זינדיקער וועלט. זיין קרייז איז פאַרענדיקט, אָבער אונדז וועט פעלן דער מאַן, וואָס זיין עטישע פירונג האָט דערגרייכט די העכסטע שפּיצן.

איבער מיר הער איך אַ פלאַטערן: צוויי באַטשאַנעס זענען ווי גע־

שוועמען אין דער לופטן, קוים־קוים באַוועגנדיק מיט זייערע גרויסע, ברייטע פליגל, און נעלם געוואָרן אין בין השמשות.

## בנימין

שוין אַדורך אַ יאָר. פיר נאָך מיטאָג איז אויף אונדזער בית־הקברות פאָרגעקומען די צערעמאָניע פון אָפּדעקן די מצבה אויפן קבר פון בנימין א. אַ שטיין געגאָסן פון בעטאָן, מיט אַ פאַרטיפונג פאַר בלומען. דאָס ווענטל צוקאָפּנס — פון ווייסן מאַרמאָר מיט בולטער שוואַרצער שריפט: דער נאָמען פון דעם וואָס רוט דאָ, זיין טאַטנס נאָמען, יאָר פון געבוירן און ווען נפטר געוואָרן. דער סך־הכל — זיבן און פופציק יאָר האָט בנימין געלעבט אויף דער וועלט, פון דעם זיבן און דרייסיק יאָר אין קיבוץ.

דער קבר איז דער לעצטער פון דער צווייטער שורה. אין משך פון דעם יאָר האָט זיך שוין אָנגעהויבן בערגלען אַ דריטע.

מיר זענען געשטאַנען אַ קליינע גרופּע עלטערע חברים אין אַ האַלבן קרייז, זיך איינגעהערט צו אַ ליד וועגן טויט און פאַרגיין, וואָס אַ טעכ־טערל האָט אַרויסגעלייענט פון אַ העברעיש ספר מיט שירים. דער פאַר־נאַכטיקער אויגוסט־ווינט האָט געראַשט און געשורשעט אין די גרינע בלעטער פון נאָענטן קוקורוזע־פעלד און נישט דערלאָזן קלאָר אויפ־כאַפּן די ווערטער פון דעם מיידעלעס מויל. דער ווייכער גערויש האָט אויך פאַרשלונגען דאָס שטילע געוויין פון דער אלמנה; דער לייכטער ווינט האָט זיך געשפּילט מיט איר דינעם שוואַרצן שאַל, ווי געוואָלט אָפּדעקן און אַנטפּלעקן פאַר אַלע, איר מידע, אומעטיק און דערשלאָגן געזיכט.

די שיין־געפּלעגטע בלומען־קוסטעס פון פאַרשיידענע מינים, די יונגע ווערבעס מיט די אַראָפּגעלאָזטע צווייגן מאַכן דעם איינדרוק מער פון אַ פּאַרק ווי פון אַ בית־עולם. נאָר די שטיינערנע מצבות — וואָס וואַקסן ווי פון דער שוואַרצער ערד אַרויס — מיט די אויפשריפטן פון

געמען, וועלכע זענען דיר אַזוי גוט באַקאַנט; ביסט יאָרן לאַנג, אַקסל ביי אַקסל, געגאַנגען מיט זיי צו דער אַרבעט אין פעלד, אין די נעכט געלעגן צוזאַמען אויף שמירה, געשמועסט און געפירט ויכוחים ביים עסן, אין חדר־אכל, אין קינדערהויז ביים לייגן שלאָפן דאָס קליינוואַרג — די אויפ־שריפטן מאַכן דיך טרויעריק און דערמאַנען, ווו דו געפינסט זיך.

דער פלאַמיקער זון־דיסקוס איז ווי אַ גרויסער, פייערדיקער קויל געבליבן הענגען ביים מערב־האָריזאָנט, ערגעץ ווייט איבערן תל־אביבער ים ווען מיר זענען אַראָפּ פון בית־הקברות־בערגל. אַ לינד אָוונט־ווינטל האָט געבלאָזן און געבויגן די הויכע שטאַנגען פון צייטיקער קוקורוזע, די גרינע לאַנגע בלעטער, וואָס האָבן ווי מיט באַנדאַזשן אַרומגעוויקלט דעם קאָשטאַן מיט די ליכטיק־געלע קערנער — האָבן גענומען וועלקן ביי די ברעגן. פון רעכטן זייט וועג האָט געטונקלט דער טיף־גרינער פּרדס און אַנטקעגן האָבן געלויכטן די עלעקטרישע פייערלעך פון ישוב וואָס האָט פּולסירט מיט אימפּעטיקן לעבן און פאַרווישט דעם שאָטן פון טויט, וועלכן מיר האָבן געלאָזן הינטער אונדז.

נאָכן אָוונטברויט, זענען עטלעכע נאָענטסטע חברים פון דעם נפטר געזעסן ביי דער אלמנה אין דער דירה. די טיר און פענצטער זענען גע־ווען אויפגעפּראַלט צום אויסגעקילטן דרויסן. נאָכן חמסיניקן טאָג האָט די קילקייט פון לייכטן ווינטל מחיהדיק געגלעט די אָפּגעברענטע גע־זיכטער און עס האָט זיך לייכטער געאָטעמט.

די חברים, מענער און פרויען פון דער פינפטער עליה, זענען געזעסן ווער אויף דער סאָפע פון מושטאַרדע־קאָליר מיט אַ הויכן אָנלען, ווער אויף די געבעטע שטולן, טייל אויף דער פּאָדלאָגע מיטן פילפאַרביקן טעפּיך אויסגעשפּרייט, מען האָט געטרונקען סאָדע געמישט מיט רויטן מאַלינע־זאַפט און זיך דערמאָנט די אַמאָליקע חלוצישע יאָרן אין קלעסאָוו, דאָמבראָווע, שחריה. קיבוצים וואָס האָבן זיך פאַרשפּרייט אין די פּוילישע שטעטלעך צווישןביידע וועלט־מלחמות און האָבן קאָנצענטרירט אַרום זיך די בעסערע יוגנט, וואָס האָט געטרוימט פון אַ פריי אַרבעטער־לעבן אויף דער אייגענער ערד אין ארץ־ישראל.

דאָס בילד פון פאַרשטאָרבענעם הענגט אויף דער מעריב־וואַנט. דאָס שוואַכע ליכט, וואָס זייעט אַדורך פון די מעטאַלענע אַבאַזשורן, באַלעבט בנימינס געצייכנט געזיכט, די קורצע אָבער גראָבע וואָנסעלעך — אויף דער אויבערשטער ליפּ, קרימען עטוואָס אויס זיין אָפּגעצערט פּנים און מאַכן דעם איינדרוק ווי דער נפטר וואָלט צוגעשמייכלט הערנדיק אונ־דזערע רייד וועגן אַמאָליקע יאָרן.

יאָ געשמייכלט, נישט געשמייכלט, אוודאי האָט זיך עס אויסגעדאַכט — אָבער גערעדט האָט מען וועגן בנימינען ווי וועגן אַ לעבעדיקן. מען האָט מחיה־מתים געווען זיינע צענדליקער יאָרן אין לאַנד, אין קיבוץ און די יאָרן וואָס מיר זענען צוזאַמען געווען אין פּוילישע הכשרות נאָך פאַר דער עליה, בחורים און מיידלעך פאַר די צוואַנציק, יונגע קינדער וועלכע האָבן פאַרלאָזן בעלי־בתישע היימען און אַוועק אַרבעטן אין די טאַרטאַקן און שטיינהאַקערייען פון קלעסאָווו, צי דאָמבראָוויצע; אָדער האַקן האָלץ און טראָגן וואַסער אין יענע שטעט און שטעטלעך ווו די חלוצים האָבן זיך באַזעצט, זיך געלערנט האָרעווען און פאַרדינען דאָס אייגענע שטיקל ברויט טאַקע פון שווערער האָרעוואַניע, ווי אין פּסוק שטייט: „בזעת אפיך תאכל לחם”. זיך געגרייט צו אַ שווער לעבן, און צו אַן אמת קאָמונע־לעבן, ווו די לאָזונג: פון יעדערן לויט זיינע כוחות, פאַר יעדערן לויט זיינע באַדערפענישן — איז נישט געווען קיין פּוסטע פראַזע.

* * *

בנימין איז אומעטום געווען דער „טאַטע” פון קיבוץ; כאָטש מיר זענען אַלע געווען פון איין עלטער, האָט ער געטראָגן די זאָרג נישט נאָר ביי דער אַרבעט, נאָר אויך נאָך דעם געזען, אַז עס זאָל דעם חבר נישט פעלן דאָס נויטיקסטע, אויפמונטערן עמיצן וואָס האָט באַקומען אַן אומע־טיקן בריוו פון דער היים; אַרויסהעלפן מיט אַ גוט וואָרט, מיט אַן עצה און מיט אַ פּלייצע ווען עס איז נויטיק.

אין ארץ־ישראל אָנקומענדיק מיט אַ יאָר שפּעטער פון אונדז האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין זעלבן קיבוץ. דאָ איז זיין פריערדיקע זאָרג געווען איבעריק. דער ארץ־ישראלדיקער קאָלעקטיוו איז אין גאַנצן געווען

אַנדערש געבויט ווי יענע הכשרות איין פוילן. דאָס לעבן איז זיך דאָ געפלאָסן אין די ראַמען פון אַן אייגענעם „שולחן ערוך". געווײילטע פאַר־וואַלטונגען, פאַרשיידענע קאָמיסיעס האָבן אָנגעפירט מיט אַלע ענינים, דער עולם איז דאָ געווען אַ געקליבענער, אַ דורכגעדרונגענער מיטן חלוצישן גייסט.

בנימין איז איינגעשלאָסן געוואָרן צו אַרבעטן אין די פרעמדע פּרדסים, ביי גראָבן גריבער אַרום די ביימער, אַרויסציען דעם יאַבליט (אַ פּאַראַזיטיש גראָז), אָנטרינקען אין די זומער־חדשים די דורשטיקע סעדער. יאָרן שפּעטער, ווען מיר האָבן שוין פאַרמאָגט אייגענע מאַראַנצן־פּלאַנטאַציעס איז ער געוואָרן דער פאַראַנטוואָרטלעכער איבער אונדזערע ציטרוס־סעדער, וועלכע האָבן זיך געשפּרייט אויף די הונדערטער דונאַמס.

שפּעטער ווען ער האָט זיך פאַרבונדן און חתונה געהאַט מיט אַ חנעוודיקער יידישער טאָכטער פון איראַק, וואָס איז צו אונדז געקומען מיט די לעצטע עליות פון ניינצן דרייסיק פינף (צו אונדזער אַלעמענס פאַר־וווּנדערונג), האָט ער זיך אין גאַנצן צוריקגעצויגן פון קהלשע ענינים, זיך אָפּגעגעבן מיט דער אַרבעט אין פּרדס, מיטן דערציען די קינדער, מיט לייענען.

נישט באַשערט איז אים אָבער געווען רויק צו לעבן. זיין ערשטע פרוי, די איראַקערין, האָט אים פאַרלאָזן, ביי אים זענען געבליבן צוויי קליינע טעכטערלעך, ברוין — ווי אויסגעקנאָטן פון טשעקאָלאַדע. געווען איז עס נאָכן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה. אפשר איז דאָס געווען די סיבה וואָס בנימין איז אַוועק אין דער יידישער בריגאַדע וואָס די „סוכנות" האָט דאַן מאָביליזירט. די מיידעלעך האָבן זיך געהאָדעוועט אין קיבוץ צוזאַמען מיט אַלע קינדער. בריוו זענען לכתחילה אָנגעקומען פון איטאַליע, שפּעטער נאָכן נצחון, פון דייטשלאַנד מיט מתנות פאַר די קינדער. גלייכצייטיק האָבן אָנגעהויבן דערגרייכן צו אונדז ידיעות וועגן אים, אַז ער טוט אויף גרויסע זאַכן פאַר דער שארית־הפליטה, פאַרן ראַטעווען יידישע קינדער פון די קריסטלעכע אַנשטאַלטן און זיי אַריבער־שמוגלען קיין ארץ־ישראל.

ווען בנימין איז באַפרייט געוואָרן פון ענגלישן מיליטער האָט ער מיטגעבראַכט מיט זיך אַ יונגע פרוי, אַ שיינהייט, אַ יידישע טאָכטער פון פוילן, וואָס איז דורך פאַרשיידענע וועגן און אומוועגן אַרויסגעראַטעוועט געוואָרן, אַ „אוד מצל מאש". ער האָט אויך מיטגעבראַכט מיט זיך אין קיבוץ „לייוונטן" דורך אים אַליין געמאָלענע, לאַנדשאַפטן, נאַטור־בילדער. ווייזט זיך אַרויס, אַז דאָרט אין דער פרעמד האָט זיך ביי אים אַנטפּלעקט אַ טאַלאַנט צו מאָלן, אַן אינערלעכער דראַנג צו געבן זעלבסט־אויסדרוק, און אפשר האָבן אויף אים געווירקט די אייראָפּעישע מוזעומס, וואָס ער האָט דאָרט באַזוכט.

די טעכטערלעך האָט ער שוין אין קיבוץ נישט געטראָפן. זיין ערשטע פרוי, וואָס האָט צום צווייטן מאָל חתונה געהאַט פאַר אַן עלטערן רייכן מאַן — האָט זיי, מיט בנימינס דערלויבעניש, אַרויסגענומען צו זיך אין שטאָט.

* * *

עמעץ האָט מיך לייכט אַ צי געטאָן ביים אָרבל. לעם מיר איז גע־שטאַנען די אלמנה פון מיין חבר, אָט די טאָכטער פון פוילן, וועלכע ער האָט מיט העכער צוואָנציק יאָר צוריק מיטגעבראַכט צוריקקומענדיק פון אייראָפּע. איר שיינקייט האָט אונדז דאַן פאַרבלענדט. אויך איצט אין אירע פריע פערציקער איז זי נאָך געווען אין איר פולער רייפקייט, חוץ עטלעכע גרויע לאָקן אין אירע געדיכטע קאַשטאַנען־האָר און אַ נעץ פון דינע קנייטשעלעך אַרום די אויגן און אין די מויל־ווינקלען.

— וועגן וואָס טראַכסטו?

זי איז געשטאַנען לעם מיר און געהאַלטן אַ העפט געבונדן אין האַרטע טאָוולען באַצויגן מיט דינעם בלוילעכן לייוונט.

— אסתר, — פרעג איך — ווו זענען אַלע?

אין די צוויי קליינע צימערלעך איז נאָך געבליבן הענגען אַ דינער רויך פון ביליקע פּאַפּיראָסן, אָבער קיינער חוץ איר זענען שוין נישט געווען.

— אַלע זענען אַוועק, — זי האָט מיר דערלאַנגט דאָס העפט וואָס זי

האָט געהאַלטן — אין דעם העפט האָט בנימין אָפּט פאַרצייכנט אין יידיש זיינע פאַרשיידענע מחשבות, מיין איינציקער זון יהונתן פאַרשטייט נישט דעם טאַטנס לשון, איך אַליין בין אויך טעמפּ אויף יידיש. נעם עס.

* * *

אַ לאַנגע צייט איז מיר געווען שווער זיך צורירן צו די צונויפגעבונדענע בלעטלעך, פאַרשריבענע מיטן דינעם זיכערן כתב פון דעם נפטר, מיט וועלכן די לעצטע יאָרן, ווען ער איז שוין קראַנק געווען און צעבראָכן — האָבן זיך אונדזערע וועגן דערווייטערט. מיר האָבן זיך זעלטן געזען. בנימין איז אַוועק פון דער שווערער פעלד־אַרבעט און אַריין אין סעקרעטאַריאַט זיצן איבער די ביכער און שרייבן ציפער.

היינט אָוונט בין איך זיך לאַנג פאַרזעסן איבערן כתב־יד. געווען דאָרט פאַרשיידענע פערזענלעכע נאָטיצן, און אַזעלכע וואָס האָבן געטראָגן אַן אַלגעמיינעם כאַראַקטער. ציטאַטן פון לידער, באַמערקונגען וועגן פאַרשיידענע וויכוחים. אַנדערע בלעטלעך זענען פאַרשריבן געוואָרן מיט צען צוואַנציק יאָר צוריק, און טייל פון גאָר די לעצטע יאָרן פאַר זיין הסתלק ווערן.

אָט זענען שורות געשריבן אין די דרייסיקער יאָרן, קענטיק אַ קורצע צייט נאָך דעם ווי ער איז אָנגעקומען אין לאַנד און אין קיבוץ:

„איך פערזענלעך בין צופרידן וואָס כ׳האָב מיין גורל פאַרבונדן מיטן קיבוץ. אוודאי נישט קיין גרינג לעבן. דערפאַר האָט דער קיבוץ מיר דערמעגלעכט לעבן אַן ערלעך לעבן מיט זיך און מיט מיין סאָציאַליסטישער וועלט־אָנשויונג״.

זיינע מעדיטאַצס וועגן קיבוץ זענען צעשפּרייט איבער פאַרשיידענע בלעטלעך פון העפט, זיי זענען מיר דווקא אינטערעסאַנט, מען דאַרף עס אָבער אַרויסזיפּן פון זייער צעשפּרייטקייט, זיי זענען אויסגעמישט מיט צענדליקער אַנדערע ענינים, וועלכע האָבן לגמרי נישט קיין שייכות צום קיבוץ. אָט איז אַ נאָטיץ וואָס געהערט שוין אוודאי צו זיינע לעצטע פאַרצייכענונגען, קיין דאַטע איז אין העפט נישט אָנגעגעבן:

„געווען יאָרן וואָס מיר האָט זיך געטראַכט, אַז דער קיבוץ איז ביכולת

אויפבויען אַן אַנדער מענטש, פון אַ העכערער מדרגה, וואָס איז מסוגל זיך דערהויבן איבער טאָג־טעגלעכע קלייניקייטן, איבער די קאָנווענציאָנעלע מאָסן פון דער היינטיקער געזעלשאַפט, אָבער זיך ביטער אַנטוישט. אויך ביי אונדז האָט זיך אַריינגעכאַפּט דער מאָדע־געיעג, דאָס נאָכלויפן די שטאָט אין אַלע שטחים פון קליידונג, מעבלירונג און אַלערליי שמאָכטעס. אָנשטאָט זיך דערווייטערן פון דער מעטראָפּאָליע מיט אירע שרייאיקע פּלאַקאַטן און אויסגעלאַסענע גענג, דערנענטערן מיר זיך. ווו איז אונדזער נייער יונגער דור? ווּהין ציט אים? האָבן מיר אים נישט גענוג דער־צויגן?״

שפּעט. איך פאַרמאַך דאָס העפט. וועל זיך נאָר אומקערן צו בנימינס מחשבות. ביים לעבן האָט ער וועגן דעם נישט גערעדט, געווען אַ נחבא אל הכלים. ווייזט אויס וואָס מער ער האָט געשוויגן, אַלץ טיפער האָט ער אַריינגעטראַכט אין קיבוצישן דרך.

# מגדל־בבל

פון דער צייט, ווען עס האָט זיך אַריינגעכאַפּט די גרויסע מחלוקת אין אונדזער שטוב, וואָס האָט געטיילט די חברים, אויף אַ נישט־נאַטירלעכן אופן, אין צוויי לאַגערן, גייט מיר נישט אַרויס פון קאָפּ דער מגדל־בבל, וועגן וועלכן עס ווערט אַזוי ווייניק דערציילט אין חומש בראשית. דער מלמד מיינער פלעגט עס אָפּכאַפּן: „...ויהי כל הארץ שפה אחת ודברים אחדים...״

האָט מען נישט דאָרטן אין שנער־טאָל, פאַרלייגט דאָ, מיט טויזנטער יאָר צוריק, דעם יסוד פאַר אַ קאָמונע־לעבן? האָט מען נישט דאָרט געוואָלט אויפשטעלן דעם שענסטן מענטשלעכן בנין פון... שפה אחת ודברים אחדים... וואָס וואָלט געוואָרן ווען עס ווערט פאַרווירקלעכט — אין שנער־טאָל — דער דאָזיקער פאַרלאַנג פון דעם דעמאָלטיקן ווייטן שבט.

דער טרוים פון „הבה נלבנה לבנים — און — הבה נבנה לנו עיר ומגדל״? וואָלט דער טורעם געוויס, אַנשטאָט אַ בבל־טורעם, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ לייכטטורעם פאַר די קומענדיקע דורות און אפשר אויך דערגרייכט ביז אונדזער היינטיקן אכזריותדיקן דור. אַ לייכטטורעם פון ברידעלעכקייט, אָן אונטערשיד צווישן מענטש און מענטש, צווישן פאָלק און פאָלק. יאָ, ווען עס מישט זיך נישט אַריין דאָ דער שטן אָדער גאָט און צעמישט נישט די מוחות, ווער ווייסט וואָס פאַר אַ גן־עדן דער מענטשלעכער גייסט וואָלט זיך אויסגעבויט דאָ אויף דער ערד.

נאָר דער בייזער גייסט, וואָס רוט אין מענטש — האָט זיך אָפּגעשראָקן פאַר דער מענטשלעכער אייניקייט, וואָס מען גייט אויפשטעלן אין שנער־טאָל. וואָס וועט בלייבן דאָ צו טאָן פאַרן שטן? און פאַר גאָט? ווען דער מענטש אַליין וואָלט זיך אויפגעהויבן — דורך געמיינזאַמע כוחות — צו דער העכסטער הויך, אפשר נאָך העכער פאַר גאָט? נישט קיין מלחמות, נישט קיין בלוט־פאַרגיסונג. די ערד וואָלט דאָך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין גרויסן גן־עדן.

האָט זיך אַריינגעמישט „יהוה" און האָט שנאה, בלינדע שנאה, אין די הערצער פּאַרזייט, זייער שפּראַך און זייערע טראַכטונגען צעמישט, זייערע געדאַנקען צעטומלט. האָט איינער געזאָגט טאָג, האָט דער צווייטער געזאָגט נאַכט, און פון יענעם מגדל־בבל הויבן זיך אָן די בלוטיקע מלחמות, וואָס גייען דורך דער וועלט־געשיכטע, ווי אַ רויטער ים, ביז צו די הייַנטיקע טעג.

אויך מיר דאָ, די קיבוצישע באַוועגונג, זענען צוגעטראָטן מיט אַ העכער דרייסיק יאָר צוריק, צו בויען אַ טורעם פון אמתער ערלעכער גלייכהייט. די קיבוצים אונדזערע זענען אפשר די שענסטע יצירה, וואָס דער ארץ־ישראלדיקער באָדן טראָגט אויף זיך; אפשר די שענסטע יצירה נישט נאָר דאָ, נאָר פאַר דער גאַנצער וועלט.

נישטאָ קיין הונגעריקע ביי אונדז און נישט קיין דערשלאָגענע, נישטאָ קיין אָרעמע און רייכע אין אונדזער געזעלשאַפט, וואָס מיר האָבן דאָ אויפגעבויט דורך די יאָרן. זענען אַלע גלייך, דער קראַנקער ווי דער געזונטער, דער שטאַרקער ווי דער שוואַכער, דער פּשוטער מאַן איז אין אונדזער חברה אויף דער זעלבער מדרגה, ווי דער געלערנטער. אונדזער טיש געגרייט פאַר כל־דכפין.

נישטאָ קיין פראַגע פון יתומים און אלמנות, אַלע האָבן זיי דעם זעלבן טייל, ווי יעדער איינער, אַלע טראָגן אויס דאָ ערלעך זייער טייל פון אַרבעט, זייערע ציגל צום בנין פון אונדזער גרויסן טורעם, וואָס ווער ווייסט ווו זיין הויכקייט וואָלט דערגרייכט, ווען אויך אין אונדזער לעבן מישט זיך נישט אַריין דער בייזער גייסט — אפשר אָן אור־אור־אייניקל פון יענעם ווייטן „יהוה", וואָס האָט זיך דאַן באַוויזן צו אונדזערע אור־אור־זיידעס אין שנער־טאָל — און צעמישט און אויסגעריסן מיטן וואָרצל פריינדשאַפט פון צענדליקער יאָרן. בלינדע שנאה פאַרזייט אין די הערצער פון די חברים, עס אָנגעטאָן אַ מענטעלע פון פאַרטייאישקייט, און דער־ווייטערט אַ ברודער פון אַ ברודער, אַ חבר פון אַ חבר.

קענטיק די אייביקע קללה, וואָס לויערט אויפן מענטש דורך אַלע דורות, ווען ער פּרוּווט זיך דערהויבן צו עפּעס בעסערס און שענערס.

## אַ פאַרשטערטער שבת

שבת. רו־טאָג. ביסט פריי פון אַלע יאָכן. אַ טאָג, וואָס איז הייליק פאַר זיך אַליין, פאַר דיין אייגענעם פּרט.

די פייגעלעך זינגען אויף דיביימער, פלאַטערן אַרום, פליען אַרויף און אַראָפּ פון די דעכער. צו מיר אין צימער, דורך דעם אויפגעעפנטן פענצטער — דערגייט זייער פריילעכער געצוויטשער, זייער פייגלשער געפלאַטער. איך קוק אַרויס דורך דער אויפגעפראַלטקייט פון שויב — שטיקלעך כמורנער־פרימאָרגנדיקער הימל זייעט זיך דורך דורך די הויכע און שיטערע גראַזיילייעס. די ערד ליגט קיל און פריש אויסגעבאָדן פון ביינאַכטיקן טוי, וואָס די חמימה פון טאָג האָט זי נאָך נישט אָנגעוואַרעמט.

אין אַזאַ פרימאָרגן ווילט זיך אַ שפרונג אַרויס טאָן פון בעט, אַ פאַל טאָן צו דער ערד, זיך צודריקן צו איר ווייכן זאַמד, ווי צו אַ מאַמען, ווי צו אַ געליבטער און זיך פיעשטשען פאַר איר:

— מאַמע־ערד, איך בין אַזוי מיד, פון דער אַרבעט און פון אַרום. אַ מידקייט פון אונדזער שווער לעבן, וואָס נעמט טאָקע אַוועק פון אונדז די דאגות פרנסה, די מורא פאַרן מאָרגנדיקן טאָג, אָבער לייגט אַרויף אויף אונדז אַנדערע יאָכן, שווערע, גאָר שווערע, און ווו נעמט מען כוח...

אונדזער גרויסע און טייערע היים, שווערע שאָטנס האָבן זיך אויף איר אַרויפגעלייגט. אַ האַנט, וואָס וויל צעשטערן, וואָס וויל צעברעכן פלאַטערט איבער איר, ווי אַ רויבפויגל. איך זע די האַנט, די גרויסע הזיקות, וואָס דאָס האָט שוין געבראַכט אונדזער משק און נאָך מער אין די הערצער פון די חברים.

און דער עיקר ציטערט דאָס האַרץ פאַר די יונגע קינדער, וואָס קענען נאָך נישט באַנעמען: פאַר וואָס זענען די טאַטעס יאָרן־לאַנג גע־גאַנגען צוזאַמען, געבויט, פאַרשענערט דאָס לעבן, און מיט אַ מאָל — אַזאַ צעריסנקייט, אַזאַ דערווייטערונג איינע פון די אַנדערע?

מיט וואָס זאָל איך עס דערקלערן מיין קינד, וואָס איז אויפגעהאָדעוועט געוואָרן אין דער גרויסער סביבה, ווי אין אַן אייגענער משפחה צווישן

וואַרעמקייט און ליבשאַפט, ער ווייסט נאָך נישט די וועלט־צעריסנקייט, צעטיילטקייט און ער ווייסט אוודאי נישט וואָס ס׳צעטיילט זיין טאַטן מיטן טאַטן פון יגאל, יוסי און משהלע? — זיינע חברימלעך פון זעלבן קינדער־הויז, וואָס האָדעווען זיך צוזאַמען פון געבוירן אָן...

שבת איז היינט, דער דרויסן ציט, ציט ביז פאַרשיכורונג, גוט איז זיך אויפצוהויבן פון בעט, פאַרגעסן די ווירקלעכקייט, פאַרגעסן די צעטיילונג, די נישט־ריכטיקע, די אַרויפגעצווונגענע אויף די חברים, וואָס עסן ביי איין טיש, גייען צוזאַמען צו דער אַרבעט, פאַרן זעלבן קאָלעקטיוו, פאַרן זעלבן ציל, און ס׳ווילט זיך אַריינגיין אין אונדזער גרויסן עס־צימער, מיט אַ פריילעך געזיכט און צוטראָגן יעדערן דעם „שלום!" ווי אַמאָל אין די פריערדיקע גוטע צייטן, ווען דער שטן פון צעטיילונג האָט נאָך צווישן אונדז נישט אַרומגעשפּאַנט און געזייט ברידער־שנאה.

אָבער גלייך אין פאָדער־צימער, אין פאָדערהויז, פאַרן אַריינגיין אין חדר־האוכל, אויפן לוח פון די מעלדונגען, ווו שטענדיק הענגט דאָרט אַלע שבת די אינערלעכע אינפאָרמאַציע פון קיבוץ, האָב איך היינט געטראָפן צוויי באַזונדערע „עלונים" פון זעלבן משק, כמעט די זעלבע מענטשן, וועגן די זעלבע ענינים, אָבער יעדער טייל באַלייכט עס אויף זיין אופן און עס פעלט נישט דער אַריינזאָג און דער שטאָך פון איינעם צום צווייטן.

איך שטיי אַ ווײַלע ביים לוח־המודעות, לייען ביידע העקטאָגראַפירטע אינערלעכע אינפאָרמאַציע־צייטונגען און מיין פריילעכע שטימונג צע־רינט. איך קען שוין מיין „שלום" ערלעך און אויפריכטיק נישט צוטראָגן, ווייל דער חבר וועט מיר שוין נישט גלויבן. פאַרלוירן דעם צוטרוי צו מיר. אָבער איך האָב זיך דאָך נישט געענדערט... ווער האָט עס גע־וואַגט צורויבן דעם צוטרוי פון איינעם צום צווייטן? ווער?

דער שיינער שבת־טאָג איז פאַרשטערט געוואָרן.

## נאָך דער מועצה אין נען

דער גרויסער ריס, וואָס איז געוואָרן אין אונדזער היים, אין אונדזערע קיבוצים, האָט מיך די ערשטע צייט צעטומלט און דערשלאָגן. כ׳האָב נישט געפונען דאָס וואָרט פאַר דער טראַגעדיע, און וואָכן־לאַנג זיך נישט געקענט צורירן צום העפט.

פּלוצים האָב איך דערפילט, ווי איך וואָלט אַרויסגעריסן געוואָרן פון אַ שיינעם חלום. פאַרשטענדלעך, אויך ביז איצט איז נישט אַלץ געווען גלאַטיק אויף אונדזער וועג. געווען געגנוג שטרויכלונגען און שאַטנס און בייזע וואָלקנס זענען נישט איין מאָל געהאַנגען איבער אונדזערע קעפּ און געדראָט, אַז אָט־אָט וועט אַ געוויטער אויסברעכן. אָבער דער קלאַפּ, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזן איצט, און אויפגעריסן פון אינעווייניק, אַזאַ קלאַפּ האָט נאָך די קיבוצישע באַוועגונג נישט געוווּסט אין איר פיר צענדליק־יאָריקן גאַנג.

איך בין געווען אין נען. געזען די טויזנטער חברים, וואָס האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אויף דער מועצה פון קיבוץ המאוחד. די מועצה, וואָס האָט געדאַרפט זיין די גורלדיקסטע אין צונויפשמעלצן צוריק די גאַנצקייט פון די קיבוצים, צום באַדויערן איז זי געוואָרן די גורלדיקסטע פון צע־ריסנקייט, פון צעגאַנגענע וועגן, פון פרעמדקייט.

דער גרויסער נישט פאַרענדיקטער ריזן־זאַל, ווו די מועצה איז פאָרגעקומען, האָט געררישט פון טויזנטער חברים, יונגע און עלטערע, טראָץ דער ערנסטער שעה איז געלעגן גרויס יום־טובדיקייט צעגאָסן איבער פנימער, איבערן זאַל, מיט די פיינע צייכענונגען און לאָזונגען, וואָס האָבן ווי געקילט די צעהיצטע געמיטער.

צווישן דעם המון יוגנטלעכע, שוואַרצע קעפּ, האָבן זיך אויך געווייסט די האַלב־פאַרזילבערטע קעפּ פון די עלטערע חברים. אויף זיי האָט היינט געבלאָנדזשעט מיין בליק. זיי, וואָס האָבן אין זייערע יונגע יאָרן פאַרלייגט פונדאַמענטן צו דעם ריזיקן בנין, וואָס הייסט קיבוץ המאוחד, זאָלן עס וועלן מיט די אייגענע הענט איצט צעשטערן, אומוואַרפן?

איך קוק זיי אָן, ווי זיי דרייען זיך דאָ אַרום אין זאַל מיט קעפּ זילבער־האָר, מיט פון ווינט פאַרברענטע און צעשמיסענע געזיכטער, מיט טיפע קנייטשן וואָס דערמאָנען אָן די בייטן, וואָס זיי האָבן אויפגעריסן אויף די ארץ־ישראלדיקע פעלדער, מיט פינגער שטייפע און אויסגעדרייטע, ווי וואָרצלען, מיט מידקייט, אַ סך מידקייט אויף די עטוואָס איינגעבויגענע פּלייצעס, און נאָך מער מידקייט אין די אויגן.

איך קאָן יעדן. איך ווייס, וויפיל גוף און נשמה דער האָט אַריינגעקנאָטן אין דער דאָזיקער היים, אין אָט דער ווונדערלעכער שאַפונג, וואָס האָט זיך אַזוי צעבליט איבערן גאַנצן לאַנד, און צעשפּרייט מיט אַריבער אַכציק ישובים, ביי די גרענעצן און אין די פאַרוואָרפנסטע ערטער, אויף די פליינען די ברייטע פון עמק און אין די הויכקייטן פון גליל, ביי די ברעגעס פון ים־התיכון און פון ים־כנרת. אויף הונדערטער טויזנטער דונאַם האָבן זיך די ישובים פאַרשפּרייט, געוואָרן דער שטאָלץ פון אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל.

דער זאַל רוישט פון אַ סך הונדערטער יוגנטלעכע, פאַר וועלכע די דאָזיקע עלטערע חברים זענען געווען וועגווייזערס, וואָס האָבן געפירט צו אַ נייעם היינט און צו אַ ליכטיקן מאָרגן. זיי האָבן געגלויבט, און דער וועג איז געפעלן געוואָרן און באַליבט — האָבן זיי זייער יוגנטלעכן ברען צוגעטראָגן צו דעם דאָזיקן בוי. זאָלן עס איצט אָט די מענטשן מיט די זילבער־קעפּ, וואָס האָבן אָנגעהויבן בויען אַ היים פאַר צענער טויזנטער, און אין דער היים פאַרקנאָטן שוויס און בלוט, זאָלן זיי עס וועלן אומוואַרפן? אונדזערע סאָציאַליסטישע ווירטשאַפטן, וואָס זענען געבויט אויף זעלבסט־אַרבעט, אויף גלייכהייט, אויף אינדיווידועלע מיינונגס־פרייהייט, זאָלן צוליב פאַרטייאישע אַמביציעס אומגעוואָרפן ווערן? און אַפילו דורך אַן אייגענער האַנט, דורך אַ האַנט פון אינעווייניק, וואָס האָט פריער געבויט און איצט, אין אַ בייזער שעה, וויל זי עס צעשטערן. איז דער בנין אונדזערער אַזוי שוואַך? שטייט עס די גאַנצע צייט אויף הינערשע פיס?

כ׳האָב געהערט די רעדנער... און איך מוז באַמערקן: די קיבוץ־בימה איז אויך אַ שול, וואָס דורך די יאָרן לערנט זי אויס רעדן. — און

יעדער איינער, בכל אופן דאָס רוב, האָט גערעדט גלאַטיק און שיין, און יעדער איינער איז פון זיין שטאַנדפונקט געווען גערעכט, און דאָך... האָט דאָס גרויסע אומרעכט וואָס גייט דאָ ווערן אָפּגעטאָן שטומערהייט אַרויסגעשריען פון דעם זאַל, ווו די מועצה איז פאָרגעקומען.

אָבער איך ווייס, אַז אויך נאָך דעם וואָס איז געשען און נאָך די באַשלוסן, וואָס זענען אָנגענומען געוואָרן פון אַ טייל חברים צו צע־שפּאַלטן די קיבוצים, וועט אונדזער היים, וואָס הייסט: „קיבוץ המאוחד" בלייבן גאַנץ. ווייל אונדזער היים האָט געשלאָגן טיפע וואָרצלען אין דער ערד און ברייטע צווייגן איבער איר. אונדזער היים וועט נישט אומפאַלן...

## נישט צופעליק

בין איך צופעליק אַ חבר פון קיבוץ המאוחד אָדער דאָס איז אַ פּועל־יוצא פון אַ פריערדיקער, לאַנגיאָריקער צוגרייטונג?

אין די גורלדיקע טעג, וואָס אונדזער קיבוץ לעבט איצט דורך, האָב איך זיך אַליין געשטעלט די דאָזיקע פראַגע אין איר גאַנצער שאַרפקייט. האָב איך ביי זיך אַליין געמאַכט אַ חשבון־הנפש. אַ קוק געטאָן אויפן דורכגעגאַנגענעם, אויף מיינע צוואַנציק יאָר קיבוץ־לעבן.

די וואָרצלען שטעקן נאָך דאָרט ווייט, אין אַמאַליקן ווילנער סניף־החלוץ אויף קרופּניטשע ניין, ווו מען האָט דיסקוטירט ביז שפּעט אין דער נאַכט וועגן סאָציאַליזם, חלוציזם און וועגן דער שליחות פאָפּולער צו מאַכן דעם געדאַנק פון אַרבעט, אַוועקשטעלן אים העכער פאַרן שטודיום, ווייל אין דער אַרבעט איז אונדזער אויסלייזונג פונעם לאַנד, וואָס וואַרט אויף אונדזערע הענט.

און עס געדענקט זיך אויך די שמועסן אין יענע יאָרן מיט דער יונגער ליטעראַרישער גרופּע, פון וועלכער עס איז דערנאָך אַרויסגע־וואַקסן די באַרימטע „יונג ווילנע", און וואָס דער גרעסטער טייל איז פון זיי דערנאָך פאַרשניטן געוואָרן, צוזאַמען מיט די מיליאָנען יידן דורך די ברוינע האָרדעס.

יאָ, עס געדענקען זיך יענע יונגע יאָרן, ווען מען האָט לאַנגע נעכט אַרומגעשפּאַצירט אויף ווילנער גאַסן און געלייענט פרעמדע און דער עיקר אייגענע לידער איינע פאַר די אַנדערע. דאָס האַרץ האָט געצויגן צו זיי, אָבער פרעמד איז זיי געווען דער געדאַנק וועגן ארץ־ישראל, זייער פּנים איז געווען געווענדעט צו מאָסקווע, אַז די גאולה פאַר די יידן וועט קומען פון דאָרטן. און אונדזערע וועגן זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען. דאָס האַרץ האָט געצויגן צו זיי, צו די טייערע פאַרחלומטע יאָטן, וואָס האָבן געטראָגן אַ זוניקע וועלט אין זיך, אַ וועלט פון טרוימען און דיכטונג, אָבער אין מיר האָט באַזיגט דער חלוץ דעם דיכטער און אונדזערע וועגן זענען זיך צעגאַנגען.

דערנאָך קיבוץ קלעסאָוו, ערגעץ ווייט אין אַ פּאַרוואָרפענעם עק אין פּוילן, נאָענט ביי דער רוסישער גרענעץ. דאָרט האָבן מיר אַ גרופּע חלוצים, יונגע קינדער, געאַרבעט אין די שטיינהעקערייען, מיט גרויסע גויים, אַלטע שטיינהעקער, וואָס האָבן לכתחילה געחוזקט פון די יידישע יינגלעך און מיידלעך, וואָס זענען ערשט פון שולבאַנק אַראָפּ, אָבער דערנאָך האָבן די גויים דרך־ארץ באַקומען פאַר די איידעלע יידישע הענט, וואָס האָבן גאָר גיך זיך באַצויגן מיט אַ האַרטער הויט, בייגעקומען די אייטערדיקע מאָזאָליעס און אַריין אין ברען פון דער אַרבעט און אַפילו איבערגעיאָגט די געניטע פון דורות־לאַנגע גויאישע אַרבעטער.

די יידישע יינגלעך און מיידלעך, פון בעל־הביתישע, קרעמערישע היימען, דוכט זיך שוואַכינקע, דער ווינט וועט זיי אָוועקבלאָזן, אַז קיין שפּור וועט פון זיי נישט בלייבן, צום סוף, זענען זיי דאָ גיך פאַרהאַרטע־וועט געוואָרן, און דער גרויסער ווילן זייערע האָט וווּנדער באַוויזן, מיט אַ גרינג געמיט בייגעקומען די שווערע אַרבעט, דאָס שווערע לעבן און מיט ליבשאַפט געשאַפן גרויסע קיבוצים, וווהין טויזנטער יוגנטלעכע האָבן געשטראָמט און זיך געגרייט צום נייעם לעבן אין געגאַרטן לאַנד.

אין אָוונט פלעגט פון דער חלוצים־שטוב אַרויספּראַלן געזאַנג און טענץ ביזן בלויען באַגינען. דעם קורצן שלאָף פלעגט דער פייף פון די שטיינהעקערייען איבעררייסן, און אַנטוענדיק זיך אין שמאַטעס פלעגט מען

זיך מונטערע אָװעקלאָזן דעם נייעם טאָג אַנטקעגן און אין בויך פון די קאַריערן, שפּאַלטן גרויסע שטיינער, אָנלאָדן װאַגאָנעס מיט שצעבעל, מיט געהאַקטן גראַניט און געצעשעטן בלאָק.

פון דער היים פלעגן אָנקומען בריװ, אומעטיקע, די מאַמע איז קראַנק פון בענקשאַפט און צעשראָקן פון שװערן און מאָדנעם װעג, װאָס דו האָסט זיך אױסגעקליבן. דער זון האָט פאַרשטעקט דעם בריװ אין קעשענע, װי דעם צער טיף אין האַרץ.

פון קלעסאָװער שטיינהעקערייען אין פױלן האָט מיין װעג געפירט צו די ברייטע פעלדער פון גבעת־השלושה. כ׳האָב מיין גורל פאַרבונדן מיטן קיבוץ־המאוחד, װוּ איך האָב מיין װעג ממשיך געװען. דער װעג פון אַ יידישן סאָציאַליסט און יידישן דיכטער, בייטאָג געאַרבעט און אין די אָװנטן געשריבן און דערציילט פאַר דער יידישער װעלט פון נייעם לעבן, װאָס גייט דאָ אױף.

איצט נאָך דער טראַגישער שפּאַלטונג, אַז איך גיב אַ קוק אױף מיין דורכגעגאַנגענעם װעג, װאָס האָט מיך דערפירט ביז דאַנען, װייס איך: איך האָב נישט געגרייזט.

נישט צופעליק בין איך אין גבעת השלושה. צו דעם לעבן האָב איך זיך געגרייט און אין דעם לעבן בין איך שוין פאַרװאָרצלט צװאַנציק יאָר, דאָ אױסגעװאַקסן סיי אַלס אַרבעטער און סיי אַלס יידישער שרייבער. דער קיבוץ המאוחד איז געװען געטריי זיין אידעע פון אינדיװידועלער מיינונגס־פרייהייט און נישט געשטערט מיין גאַנג און מיין אַנטװיקלונג און דעריבער איז אױך מיין װייטערדיקער װעג קלאָר פאַר מיר.

## ערשטער מאַי

היינטיקן ערשטן מאַי איז אונדזער פאָן געהאַנגען רויט פון בושה איבער דער אַזוי באַקאַנטער לאָזונג: „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פאַראייניקט אייך״.

פאַרשעמט האָט די פאָן געפלאַטערט אין דער הױך אױפן דאַך פון

אונדזער גרויסן עסזאַל, וואָס מיט אַ צען יאָר צוריק האָבן מיר אים גע־בויט מיט געמיינזאַמע כוחות און מיט פרייד. מיט שטאָלץ האָבן מיר באַ־נייט דעם גרויסן פראַכטפולן בנין, וואָס איז געווען, ווי אַ צייכן פון פאַר־אייניקטע כוחות, פון ברידערלעכקייט. און דער ווילן פון צוזאַמענאַרבעט קען און האָט וווּנדער באַוויזן.

די צוויי צייכנס פון אונדזער שותפותדיקן, ברידערלעכן גאַנג דאָ אויפן ארץ־ישראלדיקן באָדן, די רויטע פאָן און דער פראַכטפולער חדר־האוכל אונדזערער, שטייען היינט פאַרשעמט. ווייל אַ ריס, אַ נישט־נאַטירלעכער, צעטיילט האָט אונדזער מחנה, און נישט פון שותפותדיקן ווייטערדיקן גאַנג רעדט מען, נאָר פון שפּאַלטונג, נישט איין מחנה שטייט דאָ היינט, נאָר צוויי פרעמדע, כמעט פיינטלעכע לאַגערן.

טאָפּלט שווער איז מיר געווען צו הערן די רעדעס פון די חברים, וואָס האָבן מיט פּאַטאָס — אַראָפּגערעדט פון דאַך וועגן די שיינקייטן פון גרויסן אַרבעטער־יום־טוב, וואָס פאַראייניקט אַלע אַרבעטער און שמידט אויס איין ווילן און איין פאַרלאַנג פון פרייהייט און גלייכהייט, וואָס וועט איבערשמעלצן די שלעכטע וועלט אין כולו טוב. און פאַרגעסן האָבן אויף איין קליינער ווײַלע די רעדנערס, אָן דער אייגענער שטוב, אָן אונדזער היים, וואָס ראַנגלט זיך איצט אַזוי פאַר איר גאַנצקייט, האַלט חלילה ביים ווערן צעשפּאָלטן און צעריסן אויף צוויי.

און די רויטע פאָן האָט פאַרשעמט געפלאַטערט איבער אונדזערע רעדנער.

דעם מאָלצייט, וואָס מיר האָבן דערנאָך געגעסן, אַ יום־טובדיקן, מיט ווײַן און פלייש, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מאָלצייט פון אבלים, מען האָט עס אָפּגעכאַפּט אויף גיך, ווי געשעמט זיך איינער פאַרן צווייטן.

## די קללה פון שפּאַלטונג

טייל מאָל איז שווער צו געפינען דאָס פּאַסיקע וואָרט, דעם ריכטיקן אויסדרוק פאַר דעם, וואָס עס טוט זיך אַרום אונדז. נישט איין מאָל בלייב איך שטיין און פרעג זיך אַליין:

ווער האָט זיך געענדערט, און וואָס האָט זיך געענדערט? דער זעל־בער פּייזאַזש אַרום אונדז, די זעלבע מענטשן, די זעלבע טאָג־טעגלעכע ווירקלעכקייט. די מידע און גרויע וואָר פון שפּאַנען צו און פון דער אַרבעט. אין טעג פון זון און פון רעגן. אין טעג פון ווינט און אין שיינעם, קילן האַרבסט, אָדער ערב־פרילינג.

איז פאַר וואָס מוז איך פאַרבויגן מיין קאָפּ אָן אַ זייט, ווען מיין חבר גייט דורך? פאַר וואָס מיידן מיר זיך אויס צו באַגריסן איינע די אַנדערע? פאַר וואָס זיצן מיר ווי פרעמדע ביים זעלבן טיש און ביים געמיינזאַם פאַרהאָרעוועטן ברויט? ווער האָט פאַרזייט אין אונדזערע הערצער דעם אומצוטרוי פון איינעם צום צווייטן? ביידע גייען מיר דאָך דעם זעלביקן וועג און טוען די זעלביקע מעשים פון זייען און פלאַנצן, פון שניידן און אַראָפּנעמען די פרוכט. וועלכער שטן מורמלט אַריין יעדן איינעם אין אויער: דיין חבר איז דיר אַ שונא! און עס ווערט די צעריסנקייט פאַר־שאַרפט, ווי אַ מעסער מיט אַ דאָפּלטן שאַרף, ווייל ביידן פאַרוווּנדעט ער.

מיר זענען נאָך דערוועיל צוזאַמען. ביידע טיילן זענען נאָך דערווייל אויפן זעלבן אָרט. צוזיפלעבונג פון זיבן און צוואַנציק יאָר קאָן נישט אַזוי גיך איבערגעריסן ווערן. מיר זענען פאַר דער צייט אַריינגעוואַקסן איינער אין צווייטן, ווי צווייגן אויף אַ געדיכט באַבלעטערטן בוים. ס'איז דאָ גרויסע חבלי־צעשיידונג.

משפחות, וואָס דער מאַן איז אין איין לאַגער, די פרוי — אין צוויי־טן. זין און טעכטער, וואָס וועלן זיך צעשיידן מיט די עלטערן. ברידער און שוועסטער, וואָס ווערן זיך פרעמד.

דאָס זיבן און צוואַנציק־יאָריקע צוזאַמענלעבן קאָן נישט, ווי מיט

אַ שער צעשניטן ווערן, פּונקט אויף צוויי העלפטן; און אויב יאָ, — צע־שניידט עס לעבעדיק לייב, וואָס צאַפּלט און קראַמפּט אין ווייטיקן.

עס איז אָבער אָך־און־ווי צום זיין צוזאַמען. חשדות, באַזונדערע חשבונות, אומצוטרוי־בליקן; אָבער מען איז נאָך דערווייל צוזאַמען, ווייל אונטערן פרייען הימל קאָן מען זיך נישט באַזעצן און דאָס בויען גייט נישט צו אַזוי גיך ווי מען האָט געטראַכט און נישט אַזוי גיך ווי מען וויל.

דערווייל ווערט דער תהום גרעסער. וואָס מען קאָן, פון לעבעדיקן און שטומען אינווענטאַר, ווערט צעטיילט. די קינדערשול איז צעטיילט, און עס דוכט מיר, אַז אויך טיף אין יעדן איינעמס נשמה איז דאָ אַ שפּאַלטונג. די פריערדיקע שלימות מיט וועלכער יעדער איינער פון אונדז איז אַוועק אין דער פרי צו דער מי, איז שוין נישטאָ, מען איז ווי מיט זיך אַליין אין אַ שווערן קאָנפליקט, יעדער באַזונדער איז, ווי אַליין אַ האַלבער גע־וואָרן.

די יונגע משפחה, וואָס איז ערשט דריי יאָר נאָך זייער חתונה און האָבן שוין אַ קינד פון צוויי יאָר — זענען נאָך אַליין קינדער. אין אָנהויב פון זייער בייעם לעבנס־וועג האָט זיי אכזריותדיק געטראָפן די צעשפּאַל־טונג. ער גייט מיט איין טייל פון קיבוץ, זי — מיטן צווייטן.

זיי האָבן זיך ליב, און האָבן ליב דאָס קינד. נאָר דער שטן פון צע־שיידונג טאַנצט אַרום צווישן זיי, און פאַרשטערט זיי די גליקלעכע יאָרן פון זייער אָנהויב צוזאַמענלעבן.

דער איינציקער שנור וואָס פאַרבינדט זיי, איז דאָס צוויי־יאָריקע קינד, וואָס ווייסט נישט וואָס דאָ קומט פאָר. און דאָך האָט עס דעם יונגן טאַטן נישט אָפּגעהאַלטן פון אַוועקגיין און זיך באַזעצן אויפן נייעם שטח, ווו מען האָט אָנגעהויבן בויען. אַלע חברים אין קיבוץ זיצן נאָך צוזאַמען אויפן אַלטן אָרט, ביז מען וועט אויפשטעלן די בנינים. די יוגנט איז אַוועק תיכף און זיך דאָרט באַזעצט אין צריפים; ער איז אַוועק מיט זיי.

אין שטאָט אָרדענען זיך אַזעלכע זאַכן איין גרינגער. מעג מאַן און פרוי געהערן צו באַזונדערע פאַרטייען — צום משפחה־לעבן שטערט עס

נישט. יעדער האָט זיין מיינונג און יעדער האָט אויך דרך־ארץ פאַרן צווייטנס אָנשויונגען. אין קיבוץ גייט עס צו שווערער און ערנסטער.

אויב דאָס איז דער כוח פון דער פאַרטייאָקראַטיע, וואָס האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין קיבוץ, דער כוח פון צעשטערן און צערייסן און טייל מאָל אַפילו צעטיילן משפחות — האָב איך פאַר דעם קיין אייגן גוט וואָרט נישט.

די מאַמע גלויבט אין איר וועג, און דער דערוואַקסענער זון, וואָס איז שוין אַליין אויך געוואָרן אַ חבר און אַ גלייכער מיטגליד אין משק, האָט אויסגעוויילט דעם צווייטן וועג.

די מאַמע איז שוין האַלב־גרוי. בלויז די אויגן אירע זענען נאָך יונג און ברענען מיטן פייער פון קנאות.

ער, דער זון, איז שלאַנק און הויך, אַ פרייד פאַר דער מאַמען. אָבער ממש אַ פיזישער ווייטיק דריקט צונויף איר האַרץ, ווען זי קוקט אויף אים און ווייסט, אַז זייערע וועגן וועלן זיך אין די נאָענטסטע טעג צע־שיידן.

זי, וואָס האָט דורך אַלע יאָרן געלעבט מיט דער פרייד פון דער גאַנצקייט אין דער משפחה, מיט דער גאַנצקייט פון איר וועג אין וועלכן זי האָט געגלויבט און געפירט אירע קינדער איז מיט אַ מאָל געבליבן שטיין ביי אַ ריס, נישט ביי אַ ריס, נאָר ביי אַ תהום, וועלכן זי קאָן נישט אַריבערשפּאַנען.

נישט איין שלאָפלאָזע נאַכט פון יסורים פאַרשאַפט דער דאָזיקער געדאַנק. אַ צוגאָב צו יענע שלאָפלאָזע נעכט, ווען זי האָט פאַרבראַכט ביי זיין בעטל אין זיינע קינדער־יאָרן, ווען ער איז געווען קראַנק. און איר דוכט זיך, אַז אויך איצט איז איר זון שטאַרק קראַנק, אָבער ווו נעמט מען דעם דאָקטאָר, ווו קריגט מען די רפואה צו דער דאָזיקער מחלה?

ווי לאַנג איז עס געווען, ווען אונדזער קיבוצישע באַוועגונג האָט קיינעם נישט בודק געווען די פאַרטיי־ציצית? ווען אונדזערע טויערן זענען געווען פריי און אָפן פאַר יעדן, וואָס האָט געוואָלט לעבן אין קיבוץ און געהאַט פולן דרך־ארץ פאַר זיין אידעאישער זעלבסט־באַשטימונג.

טייל מאָל איז שווער צו געפינען די אמתע סיבה, וואָס האָט פאַר־וואַנדלט חברים אין שונאים און צעבראָכן אונדזער קאָמונע־לעבן, וואָס מיר האָבן געשאַפן און מיט וועלכן מיר האָבן געדינט ווי אַ מוסטער, נישט נאָר פאַר ארץ־ישראל אַליין; אויך פון אַנדערע לענדער איז מען דאָך געקומען פאָרשן און לערנען אונדזער קאָמונע־לעבן און אונדזערע אינערלעכע געזעלשאַפטלעכע איינאָרדענונגען, סיי עקאָנאָמיש און סיי פון חבר צו חבר, און עס האָט אַרויסגערופן וווּנדער און ליבּ. ווי אַזוי זענען מיר מיט אַ מאָל אַראָפּגעפּאַלן פון דער העכסטער הויך?

## נאָך דער מחלוקת

מיר זענען איצט אין מיטן פון צעגיין זיך, פון צעשיידן זיך. דער גרויסער גוף פון קיבוץ ווערט צעריסן אויף צוויי. פּלענער, ערד־מעסטונגען, אינזשיניערן אַרבעטן אויפן פּלאַן, ווו צו בויען די צוויי פונקטן אויף דער נייער איבערזידלונג, ווו מיר גרייטן זיך גאָר אין גיכן אַריבערצוציען זיך.

אַלץ איז פאַרטאָן אין די נייע פּלענער. איז דערווייל אָפּגעטעמפּט די מחלוקת. ביידע פּאַרטייען אין קיבוץ מאַכן באַזונדערע פאַרזאַמלונגען, מען שמועסט אַרום, מען וויל באַשליסן ווו און ווי אַזוי צוצוטרעטן צום נייעם „בראשית". זיך צוקוקנדיק אַזוי פון זייט, דוכט זיך טייל מאָל, ווי דער ישוב איז יונגער געוואָרן, זיך אָנגעצונדן מיט נייעם ברען, באַנייט זיינע כוחות, און אָט באַלד וועט מען אָנהויבן צוריק פאַרלייגן יסודות פאַר אַ נייער היים ערגעץ ביי די גרענעצן, ווי אַמאָל, אַמאָל אין יענע יונגע יאָרן.

אוודאי ספק איך נישט אין גוטן ווילן פון חברים, מיט וועלכע איך בין געגאַנגען צענדליקער יאָרן. און דאָך איז דאָ אַן אומרו, ווען דו קוקסט זיך צו צו די מענטשן. נישט איינער פון זיי, האָט פאַר די שווערע יאָרן אָפּגעשפּאָרט אַ קרענק. דער אימפּעט איז נישט קיין געזונטער, שטאַמט פון דער מחלוקת, וואָס איז צעבלאָזן געוואָרן אויף אַ נישט נאַטירלעכן אופן. דוכט זיך איצט, אַז מען קען שוין צוזאַמען נישט וווינען, קומט די

„פרייד״ פון צעשיידן זיך. פאַרקוקט מען אַלע שוועריקייטן, וואָס זענען מיט דעם פאַרבונדן און פאַרקניפּט.

לעב איך די טעג אין אַ שטענדיקן אומרו. איך, וואָס שטעל זיך נישט אויף דעם צד און נישט אויף יענעם, זע מיט אָפענע אויגן די בהלה וואָס יחידים האָבן פאַרשפּרייט. איך ווייס, אַז ס׳איז נישט ריכטיק, מען קאָן יאָ לעבן צוזאַמען און גיין ווייטער, כאָטש פאַרטיי־פּראָגראַמען צעטיילן; אין אונדזער וועג, אין וועג פון קיבוץ, זענען מיר דאָך פאַראייניקט, גלייבן מיר דאָך אַלע, און דאָס דאַרף זיין גענוג.

## מחשבות

שפּעט נאַכט. איך בין אַליין, געלאָזן אָפן דעם ראַדיאָ, וואָס טראָגט אַריין אין מיין צימער מוזיק פון פאַרשידענע וועלט־טיילן. מוזיק, אויס־געשפּילט אויף כלערליי כלים, דורך מענטשן, וואָס איך האָב גאָר פון זיי קיין אָנונג נישט. ערגעץ וויט, אין עק וועלט שטייען זיי די דאָזיקע כלי־זמרים און בלאָזן אַריין אין די בלאָז־אינסטרומענטן, שפּילן אויס מיט פינגער ווייסע, מידע אויף קלאַווישן, פירן די סמיטשקעס אויף וווּנדערבאַר אויסגעאַרבעטע פידלען. פון פאַרשידענע לענדער דערטראָגט זיך צו מיר אין דער שפּעטער נאַכט — פרויען־געזאַנג פון דיבע סאָפּראַנען, און באַ־סאָווע, פעסטע קולות פון מענער, אַ קליינעם דריי דאָס ביינערנע קנעפּל — און איך בין שוין אין אַן אַנדער לאַנד, אַריבערגעשפּאַנט מרחקים, טויזנטער קילאָמעטערס, איבער ימען און קאָנטינענטן — און אויך דאָרטן שפּילט מען. הכלל, די גאַנצע וועלט שפּילט, זינגט, איז פריילעך. טאָ פון וואַנען נעמט זיך אַזוי פיל שלעכטס אויף אונדזער פּלאַנעט? פון וואַנען נעמט מען צייט אויף אַזוי פיל קריגערייען? פון וואַנען אַזוי פיל בלוט? טרערן? דאָס אַלץ ווערט באַגלייט מיט דער וווּנדערבאַרער מוזיק פון בעטהאָווען, באַך, שאָפּען, שאָסטאַקאָוויטש און נאָך און נאָך. איז דאָס אפשר גאָר אַ צודעק צום פאַרדעקן דאָס בלוט, פאַרטומלען דאָס געשריי

אויף דער צעפייניקטער ערד, ווי אַמאָל די געצנדינער ביים ברענגען אַ קרבן צו זייער מולך־גאָט ?...

שפּעט־נאַכט. קיין סך צייט צום שלאָפן איז נישט געבליבן, דאָך ציט נישט צום בעט. עס ווילט זיך נאָך זיצן ביים טישל, פּאַרוויגט אין די דאָזיקע הערלעכע טענער, אַריבערגעבויגן איבערן העפט און פאַרצייכענען דעם טאָג מיינעם, וואָס איז אָפּגעשווומען דאָ אויף דער גבעה. וואָס זעט זיך אָן נאָך אַ טאָג צווישן די טויזנטער טעג מיינע, וואָס זענען אָפּגעשוווּמען דאָ ? וואָס זעט זיך אָן נאָך אַ טאָג צווישן די טויזנטער אַוועקגעגאַנגענע טעג ? און דאָך דוכט זיך מיר, אַז איצט גייען זיי גאָר אַנדערש. איצט, ווען מיר גרייטן זיך אַריבערצוגיין אויף אַ נייער זידלונג, ערגעץ נאָענט צו דער גרענעץ, אָנהויבן אַ נייעם בראשית, ווי מיר וואָלטן גאָר יונגער געוואָרן און נישט עלטער. און אפשר איז גוט אַזוי, וואָס מיר הויבן אָן ווידער פון דאָס ניי, וואָס די מידקייט שרעקט אונדז נישט. אפשר איז גוט אַזוי וואָס מיר לאָזן דאָ איבער אַ פאַרבויטן און פאַרפלאַנצטן ישוב, וועלכן מיר האָבן געפלעגט העכער אַ פערטל יאָרהונדערט און גייען אַריבער צוריק אויף וויסטן באָדן, נעענטער צו די יהודה־בערג און נעענטער צו אונדזערע שכנים, וואָס שאַרפן נאָך אַלץ פאַר אונדז זייער שווערד...

וואָלט טאַקע געווען גוט אַזוי צו זיין שטענדיק חלוצים, שטענדיק גרייט אויף נייע אונטערנעמונגען — ווען דאָס וואָלט נישט געווען אַ רעזולטאַט פון דעם טראַגישן ריס. פון דעם אָרט, וווּ מיר זענען געזעסן, ווי איין גרויסע פאַרצווייגטע משפּחה, — הויבן זיך אויף און גייען אַוועק צוויי באַזונדערע קערפּערשאַפטן. און גייען בויען צוויי באַזונדערע פונקטן, צוויי באַזונדערע ישובים.

מען צעגייט זיך נישט ווי פריינד, וואָס האָבן צוזאַמען שווייס פאַר־גאָסן אויפן דאָזיקן אָרט, הייזער פאַרבויט, פעלדער און גערטנער פאַר־פלאַנצט און גלייכצייטיק אַ בית־עולם פאַרלייגט מיט יונגע חברים, וועלכע זענען געפאַלן אין מיטן גאַנג.

און ווייל די דאָזיקע פיינלעכע צעשיידונג באַגלייט דעם יום־טוב פון דער נייער בויונג, איז די פרייד אין מיר דאָ נישט קיין גאַנצע. און ווען

איך בין געווען היינט ביי דער פייערונג פון גיסן די יסודות פאַרן נייעם ישוב — האָט זיך מיטן עמערל בעטאָן אויך אַריינגעטריפט מיין טרער. און אפשר וועט די דאָזיקע טרער פאַרשמעלצן די גאַנצקייט וואָס מיר ווילן דאָ אויפבויען. אַז דאָס, וואָס עס האָט אונדז געטראָפן, זאָל פאַרמיידן אונדזערע קינדער אויף לעולם ועד.

## פונדאַמענטן

היינט זענען מיר אַרויס, יונג און אַלט, לייגן יסודות פאַר אַ נייער היים, אויף די ברייטע פעלדער אונדזערע, וואָס שפּרייטן זיך אַנטקעגן די רעשטלעך פון הורדוסעס פעסטונג — אַנטיפּאַטרוס.

זיבן און צוואַנציק יאָר איז אַלט געוואָרן יענע פריערדיקע היים, וואָס מיר קלייבן זיך זי איצט צו פאַרלאָזן. אַ היים, וואָס מיר האָבן אויפגעשטעלט פאַר הונדערטער משפחות אויף יידישער ערד, פאַר יידן וואָס ווילן לעבן אַן ערלעך קאָמונע־לעבן.

זיבן און צוואַנציק יאָר האָבן מיר געכאָוועט אַ טרוים, אַז דאָס איז דער ריכטיקער וועג, וואָס שמעלצט צונויף מענטשן, ווי ברידער, פאַר־ווישט אַלע אומגלייכהייטן פון רייך און אָרעם, שוואַך און שטאַרק, ווו דער מענטש קאָן זיך פילן שטאָלץ און פריי.

מיר האָבן געזען אין אונדזערע קאָמונעס אינדזעלעך, וואָס טראָגן ליכט צו אַ נייעם מענטש, ליבשאַפט איינער צום צווייטן, זיכערקייט פאַרן מאָרגנדיקן טאָג, זאָרג פון אַלעמען פאַר איינעם און פון איינעם פאַר אַלע. געפּרוווט פאַרווירקלעכן אַלע גוטע לאָזונגען מיט וועלכע די אַרבעטער־וועלט טראָגט זיך אַרום דורות לאַנג.

איז אָבער געקומען די בייזע ווירקלעכקייט און אונדז אַ שמיץ געטאָן אין פּנים און צעריסן אונדזער היים אויף צווייען, ווי אַ שיף אין מיטן ים אַן אַ פּעלז, — נעכטיקע גאָר נאָענטע חברים, זענען היינט זיך געוואָרן... שונאים.

וואָלט איך געוואָלט אין דעם היינטיקן טאָג וואָס לייגט פונדאַמענטן

פאַר אונדזער נייער היים, זוכן די סיבות, וואָס האָבן צעטרייסלט אונדזער אַלטע היים; געוואָלט זיך פאַרטיפן אינעם טראַגישן קאַפּיטל אונדזערן און אויסגעפינען די מחלה, וואָס האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין אונדזער גוף.

נאָר גיי מאַך אַ חשבון, ווען דער הימל איבער דיר איז לויטער. גיי משפּט, ווען דאָס פעלד, ווי אַ טעפּיך, ליגט גרין און צעבליט אין אַלע אירע פרילינגדיקע פאַרבן. די סך רעגנס, וואָס זענען היינטיקן ווינטער געפאַלן, האָבן פון אירע טיפענישן אַרויסגעכישופט אַלדאָס שענסטע, עס אויסגעשאָטן פאַר די אויגן פון די טויזנטער פאַרזאַמלטע. די גרויסע הילצערנע בימה — וואָס איז אין איילעניש צונויפגעקלאַפּט געוואָרן, איז אַרומגערינגלט מיט פלאַטערנדיקע פענער: ווייס־בלוי און רויט. די רעדנערס רעדן אַראָפּ פייערלעך צום עולם און מען בענטשט און מען באַגריסט דעם נייעם פּונקט, וואָס דאַרף דאָ אויפן פרייען פעלר אונטערן בלויען הימל אויסגעבויט ווערן. דערווייל זעען זיך נאָר די לענגלעכע אָפּצוימונגען פון די יסודות, וואָס באַצייכענען די בנינים, וואָס וועלן ווערן אויפגעשטעלט אויף זיי.

איך האָב זיך אַ ביסל דערווייטערט פון דעם יום־טובדיקן עולם, וואָס האָט באַלעבט די ברייטע פעלדער. דערגאַנגען נעענטער צו דער אַנטי־פּאַטרוס־פעסטונג, צו די האַלב־איינגעפאַלענע, צעלעכערטע ווענט, וואָס שטייען ווי אַלטע פאַרשטויבטע עדות פון טויזנטער יאָרן. זיי האָבן שוין דאָ געזען אויף די פליינען פון שרון — וואָס דער ירקון שניידט דורך — בויונג און חורבן, אויפלעבונג און אונטערגאַנג. איצט זענען זיי עדות פון אַ נייער פּייערונג: ווייטע אור־אייניקלעך פון יענע אַמאָליקע איינוווינער, — ווענען די רוימער האָבן פאַרטריבן — פאַרלייגן אַ נייעם ישוב, וואָס וועט דורך זייער מי אויפוועקן די שטילקייט, וואָס האָט דאָ דורות־לאַנג גערוט אויף די פעלדער.

פון ווייט דערטראָגן זיך צו מיר שטיקלעך רייד, אָפּגעבראָכענע זאַצן פון ברכות, וואָס דער ווינט פאַרטראָגט עס פון דער בימה, ווו עס זיצן די חשובע געסט און בענטשן און לויבן אונדזערע מעשים.

איך ווענד אָפּ מיין בליק פון די דאָזיקע רעדנערס, און דערזע די

מידע פנימער פון מײנע חברים, וואָס דאַרפן אַלץ צוריק אויפשטעלן, פון דאָס ניי בויען, פלאַנצן, פאַרגיסן טאָג־טעגלעך זייער שווייס און קומען אין אָוונט מיט צעבראָכענע ביינער; די חברים, וואָס קומען נישט אָפּ מיט שיינע רייד, נאָר פאַרווירקלעכן עס דורך מי און מעשים. איך קוק זיי אָן אָט די גרויע און פּראָסטע סאָלדאַטן, וואָס טראָגן אויף זייער לייב אויס דעם קאַמף מיט דער ברענענדיקער זון, מיטן האַרטן פאַרטריקנטן באָדן, די וואָס שלינגען זיך אָן מיטן שטויב פון דער ערד און קומען אָן פאַר־מאַטערטע אין פאַרנאַכט, שוואַרץ, ווי די ערד אַליין און ווי דער פאַרנאַכט; זיי, וואָס די קונסט פון רעדן איז זיי פרעמד, דערפאַר אָבער זענען זייערע מעשים ערלעך און קלאָר, ווי קריסטאַל וואַסער.

און אַז מיין בליק בלאָנדזשעט עטלעכע קילאָמעטער ווייטער, און איך זע, נאָענט ביי די יהודה־בערג, ווי עס טוליען זיך נישט פאַרענדיקטע צריפים, — ווייס איך, אַז דאָרט ביי דער גרענעץ, ווערט אויפגעשטעלט אַ צווייטער פונקט. אויך דאָרט ווערן געגאָסן נייע פונדאַמענטן, דורך דער צווייטער העלפט פון אונדזער צעשפּאָלטענעם גוף, וואָס איז מיט עטלעכע יאָר צוריק געווען איין גרויסע פאַראייניקטע משפּחה.

אויך דאָרטן, ווי דאָ, די זעלבע פּראָבלעמען, ווייל דער שניט איז געווען אַן אכזריותדיקער, אַן אומבאַגרייפלעכער, וואָס האָט, אין מיטן גאַנג, אונדז אַלעמען פאַרוווּנדעט.

היינט ביים גיסן די פונדאַמענטן בריט נאָר אַ תפילה אויף מיין ליפּ:

זאָלן זיי האָבן כוח, ביידע, צום נייעם פאַרמעסט. זאָל יעדער אויף זיין אופן, און ווי ער פאַרשטייט, אויפבויען דעם בנין פון אונדזער קאָמונע, און פאָרזעצן דעם גאַנג, וואָס מיר האָבן צוזאַמען אָנגעהויבן מיט העכער אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק. זאָלן זיך אונדזערע נייע היימען חלילה נישט צעפאַלן — צום יובל פון אונדזערע שונאים — נאָר אַרויסגיין גע־שטאַרקטע פון דער איצטיקער פּרווונג.

אברהם לעוו

# פריער און איצט

מיט קאַרגע דרייסיק יאָר צוריק, ווען מיר זענען אַרויפגעקומען, איז געווען דאָס בערגל ווי אַ מדבר, אַרומגערינגלט מיט הויכע עקאַליפּטוס־בוימער, טיפע זאַמדן און שאַקאַלן. האָבן מיר ברונימער געגראָבן, פּרדסים פאַרפלאַנצט, הייזער געבויט פאַר די חברים און להבדיל קושטאַלן פאַר די בהמות. נאָך דעם ווי אונדזער ישוב האָט דעם מדבר פאַרטריבן, זענען געקומען יידן, אָפּגעקויפט דעם באָדן אַרום אונדז, פאַרפלאַנצט סעדער פון מאַראַנצן און אין אַ קורצער צייט איז אונדזער בערגל געוואָרן אַרומגערינגלט מיט טיף־גרינע פּרדסים, וואָס אין פרילינג, ווען די בוימער צעבליען זיך, זענען די איינוווינער פון בערגל אַרום ווי פאַרשיכורט פון די שטאַרקע ריחות, וואָס טראָגן זיך פון די סעדער.

איז אַראָפּ אָבער די קאָניונקטור פון מאַראַנצן. האָט מען גענומען אויסהאַקן די סעדער, געמאַכט פאַרצעלאַציע פון באָדן און פאַרקויפט עס צו פערטל און האַלבע דונאַמס. אין איין שיינעם פרימאָרגן האָבן מיר זיך דערזען אַרומגערינגלט מיט הייזער, אָנשטאָט בוימער. דער אַרומיקער ישוב האָט זיך דערנעענטערט אַרום אונדז. געלייגט שאָסייען און אַרומגערינגלט מיט שטאָט, ווי מיט אַ גאַרטל.

איצט האָבן מיר פון דאַנען אויסגעוואַנדערט. אַריבער אויפן שטח פון אונדזערע פעלדער. אויף די ברייטע שטחים פון נייעם פּונקט. ווייט פון שטאָט און איר רעש, אין האַרץ פון אונדזערע גרינסגערטנער און פּרדסים, האָבן מיר אויפגעשטעלט אונדזער נייעם ישוב. פון צפון־זייט שטראָמט דער ירקון און פון מזרח־זייט קוקן אַראָפּ אויף אונדז די יהודה־בערג, וואָס זענען אין די פאַרטאָגן ווי אין נעפּל פאַרוויקלט און נאָענט ווי מיט דער האַנט צו דערלאַנגען.

פאַר מיר האָט זיך אין דער ברייטקייט פון אונדזערע פעלדער אַ נייער פּייזאַזש אַנטפּלעקט, מיט פרייד — פאַר די ברייטקייטן, פאַר די רחבות, וואָס שפּרייט זיך מיט זאַטקייט אַרום אונדז, פאַר די ברייטע הימלען איבער אונדז, וואָס מיר זעען אויף צענדליקער מיילן ווייט.

## חלוצישע יאָרן

דער נייער פּונקט, וועלכן מיר האָבן אָנגעהויבן בויען גלייך נאָך דער שפּאַלטונג — שטייט שוין כמעט ווי פאַרענדיקט. די ערשטע צוועלף משפחות זענען שוין אַריבער. די איבעריקע שטייען נאָך דערווייל אויפן וועג און וועלן מסתם אין די נאָענטסטע חדשים אויך קומען אַהערצו, גלייך ווי עס וועלן נאָר אַרויסגעענדיקט ווערן די ווייטערדיקע בנינים, ווען מען וועט אָנגלאָזן די שויבן און אָפּשמירן מיטן ווייסן לאַק די ראַמען־פענצטער און טירן.

אַלץ איז שוין גרייט, די ווענט און די דעכער, די טעראַסעס און גע־זימסן. אויך איז שוין אַרויסגעענדיקט דער גרויסער זיבעצן מעטערדיק הויכער וואַסער־טורעם, ער נעמט שוין אין זיך אַריין וואַסער פון די פריש־געגראָבענע קוואַלן און צעטיילט דערנאָך זיין גוטסקייט פאַר אַלע־מען, פאַרן גאַנצן ישוב. שטייען שוין פעסט אין דער ערד, די נייע אַריינ־געגראָבענע סלופּעס, מיט די עלעקטרישע דראָטן אויף זיי, וואָס שפּרייטן זייער ליכט אַריבער די הייזער און ווייט איבער די פעלדער און פליינען וואָס רינגלען אַרום דעם נייעם ישוב.

דער גאַנצער ישוב ציילט דערווייל נאָר צוועלף משפחות און איך בין איינער פון די, וואָס זענען זוכה געווען צו זיין פון די ערשטע צוועלף, אָנצוהויבן באַלעבן דעם נייעם פּונקט.

די נייע הייזער זענען נישט קיין סתם־וווינונגען, ווי מיר חלוצים זענען געוווינט, נאָר געפּלאַנעוועט דורך אינזשיניערן און אַרכיטעקטן, געבויט דורך געניטע בעלי מלאכות.

די דירות צוויי־צימערדיקע מיט גלעזערנע טירן, מיט טעראַסעס, פון דרום אַ פאַרמאַכטע און פון צפון ביים אַריינגאַנג. אַ שפע עלעקטריע, מיט אַ באָד־צימער און אַלע איבעריקע באַקוועמלעכקייטן, וואָס מאַכן גרינג און אָנגענעם דאָס לעבן.

אָבער עפּעס פיל איך זיך, איך, דער אַלטער חלוץ, אין דער נייער וווינונג נישט באַקוועם. ס׳דערמאָנט זיך מיר אין מיין אָנקומען אין לאַנד,

באַלד פולע איין און צוואַנציק יאָר ווערט. איך זע נאָך דעם ברעטלדיקן משפּחה־צריף, וואָס איך האָב באַקומען פאַר מיר מיט מיין חברטע, נאָך דאַן צוויי יונגע קינדער, צוזאַמען קיין פערציק יאָר נישט.

איך זע אים דעם ברעטלדיקן צריף, וואָס די שפּאַרעס זענען געווען גרעסער פון די ברעטער. אונטער די פיס — ערדענע פּאָדלאָגע, איבערן קאָפּ — אַ בלעכערנער דאַך, וואָס זומער האָט דורך אים די זון אַריינגע־ברענט, אַז עס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן דאָס צימערל אין אַ גיהנום. ווינטער האָט דער רעגן געפּויקט אין בלעכערנעם דעכל, דער רעש האָט נישט געלאָזן איינשלאָפן און דער ווינט האָט געטרייסלט דאָס צריפל פון אַלע זייטן. און דאָס ברעטלדיקע צריפל פון דלד אויף דלד איז מיר נאָענט געווען, האָט זיך געפּאַסט צו אונדזער חלוצישן לעבן און צו די יאָכן, וואָס מיר האָבן אויף זיך גענומען פרייוויליק און מיט ליבשאַפט. אין אַ סך לידער מיינע האָב איך אים באַשריבן, דערציילט פון אים אויך אין פּראָזע.

היינט האָב איך זיך שטאַרק פאַרבענקט נאָך יענעם צריפל, וואָס האָט מיך אַזוי פריינדלעך אויפגענומען מיט צוואַנציק יאָר צוריק. מיר געגעבן אַ דאַך איבערן קאָפּ, אמת, אַ בלעכערנעם, אָבער קיין אַנדערן האָט ער אַליין דאָך נישט פאַרמאָגט... האָט מיר געגעבן ווענט, אמת, דינע, ברע־טלדיקע. אָבער זיי האָבן זיך אַזוי גוט אַריינגעפּאַסט צו אונדזער גאַנצן שטייגער־לעבן פון די דעמאָלטיקע יונגע חלוצישע יאָרן, וואָס דער עיקר איז געווען דער ציל, דער גאַנג אונדזערער צום קאָמונע־לעבן אויפן ארץ־ישראלדיקן באָדן. ווען זיך האָט מען אין יענע יאָרן לחלוטין נישט גע־טראַכט. ס׳איז געווען אַ חרפּה גאָר צו טראַכטן וועגן אייגענעם באַקווע־מערן לעבן.

א.

משהלע, ערשט נעכטן האָט מען דיך געבראַכט צו קבורה, איך זיץ ביי דיין פרישן קבר. די רויזן און די נעגעלעך האָבן נאָך נישט פאַרלאָרן זייער פאַרב און ריח.

דיין שכן פון רעכטס — אַ ייד פון עטלעכע און אַכציק יאָר, געקענט האָסטו דאָך זיין זיינס אַן אור־אייניקל און נאָך לעבן לאַנגע, לאַנגע יאָרן.

פון לינקס ציט זיך אַוועק אַ פעלד פאַרזייט מיט קאַניטשינע און עס שפּאַרן צווישן זיי אַרויס ווילדע גראָזן, פאַרשיידענע קרייטעכצער און פאַרביקע ווינטער־בלימעלעך. דאָס פעלד ציט זיך אַראָפּ העט־ווייט ביז די קוּ־שטאַלן און נאָך ווייטער ביז די שעפּסנשטעלער וווּ דו האָסט געאַרבעט אין דיינע פרייע שעהען נאָכן לערנען אין שול. האָסט מיט ליבשאַפט מיט זיי זיך מטפל געווען, גערייניקט, געמאַלקן, אַרויסגעפירט אויף פאַשע. נישט איין מאָל האָסטו אויף דיינע יונגע פּלייצעס געבראַכט צו טראָגן אַ שעפּעלע, וואָס איז אָפּגעשטאַנען פון סטאַדע. אַהערצו, אין דער בית־הקברות־שטילקייט, דערטראָגט זיך זייער מע־מע. בענקען זיי עס נאָך זייער פאַסטעכל?

שטיל אויפן פעלד. עס איז איצט נאָך דער מיטאָג־שעה. אַלע חברים זענען שוין צוריק ביי דער אַרבעט, מען הערט דעם האַמער־געקלאַפּ פון דער שלאָסעריי; פון דער סטאָלעריי ברענגט די שטילקייט צו טראָגן דאָס פייפן פון דער קרייצזעג, וואָס שנײדט זיך אַריין אין אַ דעמבענעם קלאָץ.

אַלע ביי דער אַרבעט, איז וואָס טו איך דאָ אין אָפענעם פעלד ביים בערגעלע ערד, אַ באַדעקטן מיט בלומען און גרינע קרענץ פון איילבערט־בלעטער און סאָסנע־צווייגן? וואָס פאַר אַ שייכות האָט עס צו דיר, מיין זון? דו און טויט? דו אונטערן בערגעלע ערד? ווי פּאַרט זיך עס גאָר צונויף?

איך זע דיך אין דיין מיליטערישן מונדיר, ווי שטענדיק באַגליט איך דיך אַרויס אַ פּאָר טריט פון שטוב. עס ליגן גוט די מיליטערישע בגדים אויף דיר. די מאַמע דיינע האָט איר ליבשאַפט אַריינגעלייגט אין

אויסריייניקן און אויספרעסן זיי; איר צערטלעכקייט — וואָס זי האָט זיך שוין געשעמט דיר, דעם מיליטער־מאַן, אַרויסצווייזן — האָט זי אַריינגעפּרעסט אין די קנייטשן פון די גראָבע כאַקי־הויזן.

ערשט נעכטן איז עס געווען ווי איך האָב דיך אַרויסבאַגלייט, דיין קליין קלומעקל פאַרוואָרפן אויפן אַקסל און פון דיינע גרויסע ברוינע אויגן שטראָמט מיט וואַרעמקייט און ליבשאַפט. איך הער נאָך דיין:

—אל דאגה, אבא! יהיה בסדר.

אַזוי האָסטו זיך דערווייטערט פון מיר און קיינער פון אונדז האָט נישט געאָנט, אַז דאָס איז די לעצטע געזעגעניש.

אויף מאָרגן האָבן די חברים דיינע, די פּאַראַשוטיסטן, געברענגט דיין גוף אין אַ הילצערנעם אָרון איבערגעדעקט מיט דער בלוי־ווייסער פאָן און אויף דער פאָן אַ קראַנץ פון לאָרבער־בלעטער פאַרפלאָכטן מיט קליינע ווייסע און רויטע רויזן.

געדענקסטו די טראַגישע פעברואַר־נאַכט? אַ נאַכט פון ווינט, פון שטורעם און שלאַקסרעגן. עפּעס אַ מאָדנע אומרויִקייט איז מיך באַפאַלן אין יענער נאַכט; צו מיר אין צימער האָט זיך אַריינגעריסן דער רעש פון די ביימער, וואָס האָבן זיך געוויגט, געבויגן און געקרעכטשעט; דער ווינט האָט געפייפט אין די צווייגן, געריסן בלעטער. מיין האַרץ האָט זיך געקאָרטשעט פון אימה. האָט עס פאָרויסגעפילט דאָס אומגליק, וואָס רוקט זיך אָן.

דאָס איז געווען שוין נאָך האַלבער נאַכט, ווען איך בין געשטאַנען אויף מיין קליינער צפונדיקער טעראַסע, מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם זיך איינגעהערט צום געוויטער און געטראַכט פון דיר, מיין קינד. געוויינלעך אין אַזעלכע נעכט פלעג איך אַרויפציען די גומענע שטיוול, זיך איינוויקלען אין ברייטן רעגנמאַנטל און אַוועקשפּאַנען צום מזרחדיקן טייל פון קיבוץ, דאָרט ווו עס שטייען די צריפים פאַר דער שול־יוגנט.

פלעג שטילערהייט אַריינגיין אין דיין צימער — אויף די שפּיץ פינגער — זיך צוהערן צו דיין אָטעם. פאַרמאַכן אַלע פענצטער, אויסגלייכן אויף דיר די וואַטאָווע קאָלדרע, אויף דעם נאָך אַרויפלייגן אַ האָריקן קאָץ

און דאַן אַרויסגיין אַ באַרוזקטער, פאַרמאַכן היגטער זיך די שווערע, פון פייכטקייט אָנגעקוואָלענע הילצערנע טיר.

אין דרויסן פלעגט מיך דער שטורעם אַרומכאַפּן, צעשויבערן מיינע שיטערע האָר; שמייסן אין פּנים מיט נאַסן ווינט און האַרטע בלעטער. וויסנדיק אָבער, אַז דו ביסט געשיצט פון דעם אַלעם האָב איך עס אַפילו נישט געפילט, געשפּאַנט לאַנגזאַם צו מיין חדר און אַ באַרוזקטער איינגע־שלאָפן.

אין דער היינטיקער שטורעמדיקער פעברואַר־נאַכט האָב איך נישט געהאַט אַווו צו גיין. דיין בעטל אין צריף שטייט ליידיק און דיין צימערל פאַרשלאָסן. און ווייל עס האָט מיר געפעלט דער דאָזיקער שפּאַציר, האָב איך זיך געלאַנגווייליקט; פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס און געקלערט פון דיר און דיין מיליטערישער באַזע, ווו עס שטייט דיין געצעלט. מיר האָט זיך געדוכט, אין אָט די באַגינען־שעהען: ווען איך וויס ווו דיין לאַגער איז, וואָלט איך אַוועק צו פוס און אַריין אין ברעזענטענעם אהל; זיך געזעצט אויף דיין אייזערן בעטל, געגלעט דיין געדיכטן שויבער, געקושט דיין ליכטיקן ווייסן שטערן און דיך גוט אַרומגעדעקט. נישט געאַנט האָב איך אין אָט דער גרויליקער מינוט, אַז דער טויט האָט שוין דיך פאַרוויגט און פאַרדעקט אין דער שטורעמדיקער שוואַרצער נאַכט — ביים ראַנד פון אַ שאָסיי.

* * *

דורך נעכט, ווען שלאָף ווערט פאַרוואָגלט פון מיינע אויגן, טראַכט איך פון דיר מיט צער און ליבשאַפט.

מאָדנע, טראַכטן טראַכט זיך דווקא פון דיין לעצטער נאַכט, פון דיינע לעצטע שעהען; כאָטש איך בין ביי דעם נישט בייגעווען, דאַך טויכן אויף פאַר מיר די בילדער אַזוי גרויליק קלאָר, אַזוי בולט און שאַרף ווי איך וואָלט עס געזען אויף דער וואָר.

עס טרעט אָפּ פאַר דעם אַלדאָס פריערדיקע, ווי עמעץ וואָלט אָפּגע־ווישט אין מיר אַלע ליבע און גוטע זכרונות, וואָס האָבן אַזוי ליבלעך

און וואַרעם אַרומגערינגלט דיין יוגנט, דיינע קינדער־ און שול־יאָרן. ביסט דאָך געווען דער ליבלינג פון די לערער און דערציער; געווען אַלע מאָל אין צענטער פון דיינע חברים, די פרייד פון טאַטע־מאַמע.

אין מיינע שלאָפלאָזע נעכט רוקט זיך עס אַלץ אַוועק אין אַ זייט. איך זע דיין ליב און בלאַס געזיכט, איך זע די חיל־בגדים אויף דיר, דו זיצסט אין קאַבינע פון מיליטערישן אַמבולאַנס. ביסט סאָלדאַט־שאָ־פער. דיינע אויפגעלאָפענע פינגער, רויט און פייכט פון ווינט, קעלט און רעגן האַלטן פעסט דעם שטייער־ראָד, ווי דו וואָלסט געפירט אַ שיפל איבער צעשטורעמטע כוואַליעס. ביסט עטוואָס איבערגעבויגן איבערן ראָד און דיינע אויגן זענען איינגעגראָבן אין דער פאַרדרענגטער שויב. דער ווישער באַוועגט זיך הין־און־צוריק, אָבער די נאַכט איז פינצטער און שוואַרץ. דער רעגן — אַ פאַרהאַנג געהאַפטן פון זילבערנע טראָפּן, צאַמט די פּראָזשעקטאָר־ליכט, וואָס דער אַמבולאַנס וואַרפט און דערלאָזט נישט זען אויף עטלעכע מעטער ווייטער. פאָרסט אין דער צע־שטורעמטער נאַכט, ווי אין אַ תהום. דער שאָסיי איז ליידיק. געניטע שאָ־פערן מיט דערפאַרונג פון יאָרן, האָבן אין אָט דער נאַכט נישט געוואַגט צו פאָרן אויפן גליטשיקן כביש; אָבער דו, אַן אָנפאַנגער נהג! באַפעל איז באַפעל.

עס פויקט דער רעגן אויף דיין בלעכענער קאַיוטע. דונער, בליץ און רוישיקער ווינט. הערסט אַפילו נישט דעם מאָטאָר־גערויש. נאָר אין אָט דער אייז־קאַלטער נאַכט נעמט דיך אַרום אַ וואַרעמקייט זיך דערמאָנענ־דיק אין דיין גרויסער היים אין קיבוץ, און אין דיין אינטימער היים ביי טאַטע־מאַמע צו וועמען דו קומסט אַלע פרייטיק; וואַרפסט אַראָפּ די כאַקי־בגדים און אויס חיל, צוריק אַ קליין קינד ביי דער מאַמען, וואָס רינגלט דיך אַרום מיט ליבשאַפט, גרייט צו דאָס בעסטע; קוקט דיר אין די אויגן אַריין מיט מאַמעשער געטריישאַפט. אַ סך ביטערקייטן וואָס קלייבן זיך אָן אין משך פון דער וואָך — ווישט איר מאַמעשער בליק אַראָפּ.

אין אָוונט קומט יוגנט, קומט דיין מיידל — אַ שילערין, מען פאַר־ברענגט ביי אַ גלעזל וויין, ביים גוטן טאָרט, וואָס די מאַמע גרייט צו.

מען טיילט זיך מיט איינדרוקן און מען בויט פּלענער פאַר דער צוקונפט, וואָס איז פול און פריידיק...

דיינע מחשבות לויפן און דער אויטאָ לויפט, קאַטשעט זיך אויפן גלי־טשיקן אַספאַלט, און פּלוצלונג אַ שטרויכלונג — אַ פאַרלאָשענער לאַסט־אויטאָ אין מיטן וועג און... איבערגעשניטן איז געוואָרן אַ יונג לעבן מיט אַלע זיינע שיינע חלומות.

אויסגעלאָשן אַ יונג לעבן. אויך אין מיר ווערט אין דער שלאָפלאָזער נאַכט אַלץ אויסגעלאָשן. איך זע שוין גאָרנישט. אַלץ ווערט אָפּגעווישט, פּונקט ווי אויפן עקראַן אין קינאָ ווען עס לעשט זיך אויס די ליכט פון שיינוואָרפער. איך זע שוין גאָרנישט. נישט דעם איבערגעדרייטן אַמבו־לאַנס, נישט דיין גוף וואָס ליגט פאַרבלוטיקט אונטער אים. איך זע נאָר פינצטערניש און בלייב פאַרגליווערט פון ווייטיק און צער ביז... דו טויכסט אויף פאַר מיר צוריק לעבעדיק, ווי דאַן ווען איך האָב דיך אַרויס־באַגלייט צום לעצטן מאָל פון שטוב. איך זע נאָך דעם וואַרעמען בליק פון דיינע גרויסע טיפע אויגן אונטער די לאַנגע שוואַרצע וויעס, וואָס גלעטן מיך מיט ליבשאַפט. איך הער נאָר דיין „שלום אבא!" איך פיל נאָך דעם דרוק פון דיינע פינגער אין מיין דלאָניע.

אָבער ביסט טויט! — יאָמערט אין מיר די ווירקלעכקייט — ליגסט דאָ אונטערן בערגל. ווי ליידיק און פּוסט זענען די ווערטער אַנטקעגן גרויסן ווייטיק פון טאַטנס האַרץ.

עס טונקלט. אויף די מצבות ליגט שוין די נאַכט. אויפן ברייטן אָפּע־נעם פליין לאָזט זיך אַראָפּ געדיכטע פינצטערניש. דורך די פענצטער פון די ווייטע הייזער אין קיבוץ דערגרייכט אַהער זייער שיין.

איך הויב זיך אויף פון דיין פרישן בערגל ערד און לאָז זיך גיין צו לעבעדיקע, צוריק צו דעם גרויען טאָג־טעגלעכן. דאָס לעבן פאָדערט זיינס, אָבער דיך נעם איך מיט זיך. אַכצן יאָר ביסטו געגאַנגען לעבן מיר, איצט ביסטו אין מיר. ווי די רייד פון דיכטער:

אברהם לעוו

„דיין טראָט איך הער אין מיינע טריט,
דיין קול אין יעטווידער מיין ליד...״

(ש. האַלקין)

ב.

מיין טייערע קינד, אין ערגסטן חלום נישט געאַנט, אַז אַנשטאָט שמועסן מיט דיר פּנים־אל־פּנים וועל איך גאָר רעדן צו אָט די ווייסע בלעטעלעך פּאַפּיר, אין זיי אַריינגיסן מיין צעוויטיקט געמיט; דאָס פאַרוואונדעטע האַרץ פון אַן אב־שכול.

אין אָט די שווערע שעהען פון אַ טאַטן אַן אָבל, אין מיין בענקשאַפט און טרויער נאָך דיר — דערמאָן איך זיך אָן דיין זיידן, וועמענס נאָמען דו האָסט געטראָגן.

איך האָב דיר אַ נאָמען געגעבן נאָך דיין זיידן דעם שוחט. אַ היילי־קער ייד געווען, האָט אָפּגעלעבט אַ לעבן פון אַ נזיר. ווען מיר, קינדער, פלעגן שוין לאַנג שלאָפן, האָט נאָך געשפּאַרט ליכט דורך די טיר־שפּאַ־רונעס פון זיין קליינעם אַלקער. דאָרט איז מיין טאַטע געזעסן און געשריבן אַ ספר, מן הסתם אַ פּירוש אויף דער תורה. געווען אַ גרויסער תלמיד־חכם, אַ בקי אין תלמוד.

יאָרן־לאַנג האָט ער געשריבן דעם ספר אָבער נישט זוכה געווען עס אַרויסצוגעבן אויף דער ליכטיקער שיין, געבליבן באַגראָבן צווישן נאָך פאַרשיידענע כתב־ידן נישט פאַרענדיקטע; פראַגמענטן און אָנהויבן פון נייע אַרבעטן, וועלכע דער טאַטע האָט געפּלאַנט און נישט זוכה געווען זיי אויסצופירן, דער טויט האָט אים פאַרשניטן אין זיינע יונגע יאָרן. אָן ספק, אַז אין אים האָט געשטעקט אַ נשמה פון אַ שרייבער, אָבער זיין שטרענגע פרומקייט, די אַרומיקע סביבה האָט זיין שרייבערישן דראַנג דערשטיקט אין אים.

מיט יאָרן שפּעטער. שוין אַ דערוואַקסענער בחור, האָב איך זיך גע־גריבלט אין דעם טאַטנס עזבון. געבלעטערט די דראָבנע קאַליגראַפישע שריפט, זיך אַריינגעלייענט אין די פּעטיט־אותיות: צווישן פאַרשיידענע

פירושים אויף תורה און תלמוד האָב איך אויך אָנגעטראָפן גאַנצע זייטן געשריבן אין יידיש־לשון. דאָרט אויף די בלעטער דערציילט ער פון זיין שווער און אָרעם לעבן; פון זיין ביטערער פרנסה, די פרנסה, געצויגן פון שעכטן, פון בלוט פאַרגיסן, פון טויטן.

דיין פרומער זיידע, משהלע, האָט אַ פליג פון וואַנט נישט אַוועקגע־טריבן, געווען די איידלקייט אַליין, קיין הויך וואָרט קיין מאָל נישט אויפ־געהויבן אויף קיינעם. מאָדנע איז דעם גורלס וועגן, דווקא ער האָט אַריינגעבראַכט דאָס ביסל פרנסה פאַר אונדזער הויזגעזינד — פון קוילענען...

איך געדענק נאָך גוט די פאַרשיידענע בליציקע חלפים מיט די פערל־מוטערנע הענטלעך און די פיין־געשניצטע פוטליאַרן פון פאָלירטן דעמבע־נעם האָלץ. מיר, קינדער, פלעגן נישט איין מאָל, בגנבה — ווען דער טאַטע איז אין שטוב נישט געווען — אַ גלעט טאָן די קילקייט פון די הילצערנע, לענגלעכע קעסטעלעך; עפענען די דעקלעך און זיך שפּיגלען אין גלאַנץ פון די אַזוי דין־אויסגעשליפענע מעסערס. חלפים פון פאַרשיידענע גרויסן: קליינע פאַר עופות, גרעסערע פאַר אַ בהמה־דקה, נאָך גרעסערע פאַר אַ בהמה־גסה.

קיינער האָט אָבער נישט געוווּסט דעם פּייך, וואָס דיין זיידע לעבט איבער יעדעס מאָל, ווען ער נעמט אַזאַ שמאָלן פוטליאַרל אונטערן אָרעם און לאָזט זיך אַוועק צו דער בוינע שעכטן. יעדער צאַפּל פון דורך אים דערקוילעטן האָט געמאַכט אויפצאַפּלען זיין קראַנק האַרץ, זיין אַזוי אויך בלאַס פּנים פלעגט נאָך ווייסער ווערן; ממש געל, ווי אַלטער פאַרמעט האָט דאָס געזיכט אַרויסגעלויכטן פון דער ברוינער באָרד זיינער.

פון בוינע איז ער צוריקגעקומען אַ האַלב־פאַרחלשטער. דיין באָבע האָט שוין גוט געוווּסט ווי אים צו שטאַרקן, אַ גלעזל שאַרף אָנגעציטרי־נעוועטער טיי איז שוין געשטאַנען גרייט פאַר אים אויפן טיש צוזאַמען מיט אַ גוט וואָרט, מיט אַ גלעט אויף זיינע תמיד עטוואָס אויסגעבויגענע שולטערן און בגנבה מיט אַ שפּיץ פון איר קאָפּטיכל — אָפּווישן אַ בלוט־פלעק, וואָס האָט געקלעפּט אויף זיין גלאַנציק־ריפּסענער קאַפּאָטע.

נישט איין מאָל ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן האָט דער זיידע איינגע־קנעלט מיט זיינע קינדער וועגן זיין פאַרשאָלטענער מלאכה:

„איר זאָלט קיין מאָל נישט לערנען קיין שחיטה. בלוט איז אַלע מאָל בלוט, אַפילו פון עופות. אַלץ וויל לעבן און מען טאָר עס נישט אויסלעשן אַפילו מיט אַ ברכה.״

דערשלאָגן פון זיין עבודת־השחיטה, האָט עס אים אויך אָפּגעטריבן פון מאכלי־בשר. פלייש האָט אונדז קיין מאָל נישט געפעלט. די קצבים פלעגן אַריינשיקן דער שוחטקע אַ שטיק לונג־און־לעבער, אַ פערטל מאָגן; די קישקעס, אַ פונט מילץ. דער טאַטע אָבער פלעגט פון דעם פאַרזוכן נאָר פריייטיקצונאַכטס, כדי נישט פאַרשטערן דעם הייליקן שבת, און נאָר אַ קליין שטיקל ווי אַ כזית די גרויס, אויפן שפּיץ גאָפּל, נאָר פון יוצא וועגן.

עס קלינגט נאָך מיר אין די אויערן דיין זיידנס ווערטער, צו אונדז, זיינע קינדער:

„ווערט שוסטערס, שניידערס, לערנט זיך די אַרבעט פון קוימענקע־רעריי; נעמט אַ לאָפּעטע אין האַנט צום אַרויסשאַרן די ברויטן פון בעקע־רישע אויוונס, אָבער גאָט זאָל אייך אָפּהיטן צו נעמען אַ חלף אין האַנט!״

משהלע, איך פאַרצייכן דערמאָנונגען וועגן דעם ערלעכן ייד, דיין זיידן, וועמענס נאָמען דו האָסט געטראָגן אַכצן יאָר מיט צוויי מאָנאַטן... געגלויבט דיין זיידנס נאָמען וועסטו טראָגן אַ סך, אַ סך לאַנגע יאָר, ביז דיין טיפן עלטער און די קייט וועט זיך ציען ווייטער: ער איז כל ימיו געזעסן על התורה, און דו, פון דייך פריעסטער יוגנט ביסטו געוועז צוגע־בונדן צו ערד, צו פעלד, צו שאָף — וועסטו מקיים זיין דעם: על העבודה... נישט באַשערט געווען.

נאָך אַ באַדייטונג האָט פאַר מיר דיין נאָמען געהאַט: געוווסט האָב איך די גרויסע לעכצונג פון דיין זיידן נאָך ארץ־ישראל. עס געדענקען זיך נעכט, ווען מיר פלעגן זיך אויפכאַפּן פון טיפן קינדערשן שלאָף, איבער־געוועקט פון טאַטנס געוויינען. דאָס האָט ער געפּראַוועט „חצות״ און געיאָמערט אויפן חורבן פון ירושלים.

שפעטער האָב איך אָט די נעכט זיינע פאַרצייכנט אין מיינע לידער:
„מיין זיידע — געשטרעבט האָט דאָ זיין,
מיין טאַטע — אַ פאַרחלומטער נביא —
געטרוימט האָט פון טייטלען און ווייַן
און פון כותל־המערבי...״

נישט באַשערט איז אים געווען זיין טרוים צו פאַרווירקלעכן. ערגעץ אין אַן אוקראַיִניש שטעטל, אויף אַ יידישן בית־עולם ליגט זיין געביין אונטער אַ בערגל ערד און גראָז.

ווען דו ביסט געבוירן געוואָרן האָב איך געוואָלט אַז דיין זיידנס בענקשאַפט זאָל קריגן אַ תיקון און דיר זיין נאָמען געגעבן — משה.

איצט שטיי איך ביי דיין פרישן קבר און קען נישט באַנעמען גאָטס שטראָפנדיקע האַנט. פאַר וואָס האָט עס דיין זיידן געקומט, אַז זיין נאָמען זאָל אַזוי פרי פאַרשניטן ווערן? פאַר וואָס האָט עס דיר געקומט, אַז אויפן שוועל פון דיין סאַמע צעבליטקייט זאָל דיך דער טויט אַוועקכאַפּן? פאַר וואָס איז דיר נישט באַשערט געווען צו געניסן די שיינקייט און זוניקייט פון לאַנד; דאָס האַרעפּאַשנע, אָבער פריי און פריילעך לעבן פון קיבוץ? נישט געניסן די ליבשאַפט פון דיין מיידל מיט די טרויעריקע אויגן, פאַר וואָס?

פאַר וואָס האָט עס דיין מאַמען געקומען? די גוטע געטרייע, וועלכע איז געווען שטאָלץ מיט איר געראָטענעם זון. זי האָט אין דיר געפונען טרייסט פאַר אַלע נאָענטסטע אירע, וואָס זענען אומגעקומען אין שטעטעלע סטאָלין. איצט האָט דער טיפער טרויער זי אין גאַנצן איינגעבראָכן.

פאַר וואָס איז עס מיר געקומען צו זיין אַ טאַטע פון אַ געשטאָרבענעם זון? געהאָפט: וועסט פאַרזעצן און אויסברייטערן דעם וועג, דעם חלוצישן פון קיבוץ און קאָלעקטיוו.

אַלע פאַרוואָסן בלייבן הענגען איבערן בערגעלע ערד...

דיין גרויס בילד אין הילצערנעם פאַלירטן ראַם האָב איך נאָך נישט אויפגעהאָנגען אויפן וואַנט. וויפל מאָל געפּרוּווט עס טאָן, נאָר מיין האַרץ

ווערט פֿאַרציטערט יעדעס מאָל פֿון דאָס נײַ, ווען איך קוק אויף דײַן ליכטיק אָפֿן געזיכט, עס יאָמערט אין מיר: „על האי שופרא דבלי בארעא״.

עס בריט מיך דער אומעטיקער בליק פֿון דײַנע טיפֿע ברוינע אויגן. איך פֿאַרשעם זיך, וואָס דו — אַזוי יונג, האָסט שוין באַוויזן אַריבערשפּאַנען די שוועל צום אומבאַקאַנטן „דאָרטן״...

נישט קאָנענדיק אויפֿהענגען אויפֿן וואַנט, האָב איך דאָס בילד פֿאַרוויקלט אין אַ זײַדן טוך און עס אַרײַנגעשטעלט אין ספֿרים־שענקל צווישן די יידישע ביכער. טרעפֿט אַמאָל, מײַנע פֿינגער רירן זיך צו צום זײַדנס, וויקלען עס פֿאָרזיכטיק, בדחילו ורחימו אָפּ פֿון ראַם, לייען איך פֿון דײַן געזיכט, ווי פֿון אַ ספֿר אַרויס — שטיקער פֿון דײַן יוגנט, וואָס איז אַזוי פּלוצלונג און טראַגיש איבערגעהאַקט געוואָרן.

מײַן זון, ביסט אין אַ נישט פֿאַרענדיקט בוך פֿאַרוואַנדלט געוואָרן!

געדענקסט זיך, (דוכט זיך, נעכטן איז עס געווען), אין מײַן צימערל, טאַקע בײַ דעם אַלמער אַ פֿאַרלייגטן מיט יידישע ספֿרים. איך האָב מיט דיר געכאַפּט אַ שמועס, אַן ערנסטן שמועס, ווי מיט אַ דערוואַקסענעם, — וועגן דײַן זיידע־באָבע, ירושה פֿון דורות, ייד און יידישקייט און דער עיקר מכוח יידיש־לשון, וואָס איז דיר אַזוי פֿרעמד, כאָטש דו האָדעוועסט זיך אין אַ שטוב, ווו עס זענען דאָ יידישע ביכער, צײַטשריפֿטן, וואַרעמקייט צו יידיש. איך האָב אַ ווײַז געטאָן אויף די פּאָליצעס מיט ספֿרים און דיך געפֿרעגט:

— וואָס וועט ווערן פֿון דעם, ווען איך וועל שוין דאָ נישט זײַן?

דײַן ליכטיקער קוק איז ווי מיט אַ נעפּל פֿון צער פֿאַרצויגן געוואָרן:

— אַבאַ, טראַכט נישט פֿון דעם, האָסט נאָך אַזויפֿיל יאָרן.

נישט געוווּסט האָבן מיר ביידע, מײַן קינד, ווי קורץ דײַן לעבן וועט זײַן. געבליבן איז מיר איצט נאָר דאָס אָפּבילד, דער שאָטן פֿון דײַן קלוג און שיין געזיכט, פֿאַרשטעקט אין דער ביכער־פּאָליצע, האָסט זיך אין אַ מעשהלע פֿאַרוואַנדלט: אַ מאָל איז געווען אַ ייִנגעלע...

עס דערמאָנען זיך מיר לעצטנס שורות און גאַנצע פּערזן פֿון פּרוגס באַלאַדע „דעם שמש׳ס טאָכטער״, וואָס האָט אַלע אירע יאָרן אַוועקגעשענקט

דעם אַלטן רב, וועלכער האָט געהאַלטן ביים שטאַרבן. ער איז טאַקע געזונט געוואָרן — און דאָס יונגע מיידל איז אַוועק פון דער וועלט.

אָבער אויך דער אַלטער רב האָט קיין נחת נישט געהאַט פון די אים געשענקטע יאָרן. ער פלעגט אָפט דורך די נעכט אויפגעציטערט ווערן הערנדיק פאַרשיידענע קולות, געזאַנגען פריילעכע און אומעטיקע, געלעכ־טער און געוויינען. אין די שטימען האָט ער דערקענט דבורהלעס קול, דערהערט ברכות ווי מען פירט אַ כלה צו דער חופה; געוויינען פון אַ ניי־געבוירן קינד, אַ וויגליד — דבורהלע פאַרוויגט און פאַרשלעפערט איר זונעלע...

דער רב האָט שוין פאַרגעסן אָן זיך, נאָר כל־ימיו דורכגעפיבערט דאָס נישט־אויסגעלעבטע לעבן פון דעם שמשס טאָכטער.

אין די אָוונטן פון די פייערונגען פאַר די זיך, וועלכע קערן זיך אום פון צה״ל, חתונות פון יונגע פאָרלעך — זוך איך מיין זון — ער וואָלט געדאַרפט דאָ זיין... איך דערפיל זיך מיט אַ מאָל ווי יענער אַלטער רב אין פרוגס באַלאַדע און פיבער דורך דיין נישט אויסגעלעבט לעבן...

משהלע, אָפט דוכט זיך מיר, אַז מען האָט דיך אַוועקגעלייגט אַ לע־בעדיקן שלאָפן ביים ראַנד פון וויצנפעלד און צוגעדעקט מיט אַ שיכט באָדן, וואַרטסט מען זאָל דיך צוריק אויפדעקן.

איך זע דיך, דורך פאַרמאַכטע אויגן — פריש און געזונט, ווי דעם לעצטן ווינטער־פרימאָרגן, ווען דו האָסט זיך צוריקגעקערט צו דיין מילי־טערישער באַזע.

גריבלענדיק זיך אין פרטים, וואָס זענען פאַרבונדן מיט דיר, זוכנדיק וואָרט פאַר מיין גרויסן ווייטיק וואָס וועט זיך קיין מאָל נישט אויסלעשן אין מיר — ביז מיין אייגענעם סוף, — רעדנדיק צום פּאַפּיר, ווילט זיך מיר איינשמועסן, אַז דו זיצסט דאָ און הערסט זיך איין שטילערהייט, ווי תמיד פאַרטראַכט, מיט עטלעכע דינע קוים באַמערקבאַרע קנייטשן אויף דיין קלאָר־ווייסן שטערן, מיט נייגיר אין די אויגן.

נישט איין מאָל אין די שפּעטע אָוונטן וואַרט איך: פאַר וואָס האָבן זיך פאַרשפּעטיקט דיינע טריט? כ׳גיי אַרויס אויף דער קליינער וועראַנדע,

שאַ, מען הערט דיין... אָט קומסטו אָן דורך די פּאַרזייטע פעלדער, אָנגעטאָן אין די גרויסע מיליטערישע בגדים, דיין קליינער רוקזאַק פאַרוואָרפן אויף איין אַקסל, די ביקס אויפן צווייטן, עס טובלט זיך דיין בלאַס פּנים אין לבנה־ליכט. באַלד וועל איך דערהערן דיין צאַרטן און שטילן געשעפּטש: „אבא, זה אֲני!"

דיווירקלעכקייט קומט און פּאַטשט אין פּנים: משהלע וועט שוין קיין מאָל, קיין מאָל נישט קומען און דערפרייען דעם טאַטנס האַרץ.

דאָן לעב איך איבער נאָך אַ מאָל און ווידער אַ מאָל יענע שטורעמדיקע פעברואַר־נאַכט. בליץ, דונער, שטורעם, רעגן און פינצטערניש האָבן באַגלייט דיינע לעצטע מינוטן. קיינער איז נישט געווען לעם דיר ווען דו האָסט אַריבערגעשפּאַנט די שוועל פון טויט. ווער האָט דיך אויפגעהויבן אַ צעבלוטיקטן, אַ גוססן? מיר האָבן שוין אָנגעטראָפן דיין גוף אַ קאַלטן, אַ פאַרגליווערטן אין טויטנהויז פון תל־השומר־שפּיטאָל.

דער רעגן האָט נישט אויפגעהערט אויף מאָרגן, ווי אויך די הימלען וואָלטן זיך נישט געקענט באַרויקן נאָך דיין טראַגישן טויט. אין טאָג פון דער לוויה האָט זיך אויסגעליכטיקט דער דרויסן, דער הימל — הויך און בלוי איבער דיין „מיטה", וואָס איז געטראָגן געוואָרן אויף די אַקסלען פון דיינע חברים, די פּאַראַשוטיסטן.

אַ גרויסער פילפאַרביקער ציבור איז נאָכגעגאַנגען באַגלייטן דיך צו דיין אייביקער רו. ביסט דאָך געווען פון די באַליבטסטע תלמידים אין שול און פון די פלינקסטע אין פעלד. קיין שום יאָך איז דיר נישט צו שווער געווען. להיפוך, האָסט געזוכט דאָס שווערסטע. האָט זיך עמיצער פון די קינדער אָפּגעזאָגט טאָן אַן אַרבעט האָסטו אונטערגעשטעלט דיין אַקסל. אַוועקגייענדיק אין צה"ל האָסטו זיך אָנגעשלאָסן אין דער שווערסטער מיליטערישער איינהייט... ביסט געפאַלן אויספילנדיק דיין פליכט און מיך איבערגעלאָזן אַ צעבראָכענעם, אַן אַרומגערינגלטן מיט אַזויפיל זכרונות, מיט אַ שלל פון דיינע פערזענלעכע חפצים, בילדער, העפטן, בלייפעדערס, דיין שרייבטישל, דיינע ציווילע בגדים. מיר דוכט ווי אַלץ וואַרט נאָך אויף דיין אַריינקומען, אויף דעם וואַרעמען באַריר פון דיינע פינגער.

אַלץ וואַרט נאָך אויף אַ נס, און איך מיט זיי, אָבער קיין נס וועט נישט געשען.

וואָס זאָל איך טאָן מיט דיינע אַלע חפצים? אַמאָל האָבן זיי מיך אָנגעפילט פרייד, היינט — פילן זיי אָן מיין האַרץ מיט צער; אַלץ נאָך דיר איז געבליבן ווי געווען. ווי גאַרנישט וואָלט פּאַסירט. נאָר דו, וואָס דו האָסט די אַלע זאַכן באַלעבט מיט דיין באַריר — ביסט נישטאָ.

איצט זענען זיי אַלע שטומע מאָנער און דערמאָנער פון יענע גליקלעכע טעג ווען דו ביסט געווען מיט אונדז. געמיינט, אַז עס דאַרף אַזוי זיין, עס איז נאַטירלעך, ווי אַנדערש?

וואָס זאָל איך טאָן מיט דעם עסקאַדיניע־בוימל, וועלכן דו האָסט אַזוי זאָרגפעליק פאַרפלאַנצט? געפלעגט, אָפּגעהיט און ווען זיינע שווערע פליישיקע בלעטער האָבן צו דער ערד אַראָפּגעבויגן די צווייגן, האָסטו די צווייגן געבונדן צו די לאַנגע אונטערשפּאַר־שטעקנס.

איצט שטייט דער בוים זאַפטיק און צעבלעטערט, שטופּט זיינע בויגיקע ריטער צו מיין קליינער טעראַסע, צו די אויפגעפּראַלטע פענצטער און יעדעס בלעטעלע דערמאָנט אָן דיר. יעדעס וואָרצעלע אין דער טיפעניש ווייסט צו דערציילן מיט וויפל ליבשאַפט דו האָסט אָנגעטרונקען דעם יונגן בוים; צו דער צייט געפלעגט און אָפּגעהיט.

וואָס זאָל איך טאָן ווען אַלץ דערמאָנט מיך אָן דיר? וווּ איך גיב נאָר אַ ווענד מיין בליק, דיינע שטומע חפצים שווייגן; דיין בעטל שטייט פאַרבעט, דער יונגער בוים וואַקסט, געניסט פון זון, ווינט, פאַרטאָגיקן טוי; נאָר דו אַליין ליגסט שוין אונטער אַ בערגעלע ערד און אויפן בערגל אַ שווערער שטיין, אין ווייסן מאַרמאָר — פאַרקריצט דער צייכן פון צה"ל: אַ קורצע שווערד אַרומגעפלאָכטן מיט אַן איילבערט־צווייג און דיין נאָמען אין שטיינערנעם טאָוול פאַרטיפט מיט שוואַרצע אותיות: „משה ז"ל בן שמונה עשריה נפל במילוי תפקידו."

נידעריקער צופוסנס פון בית־הקברות שפּרייט זיך דער קיבוץ מיט די הונדערטער וווינונגען, מיט גראָזטעפּעכער און געפלעגטעביימער; מיט קינדער־גערטנער און מיט שולן, מיט אַרבעטס־וואַרשטאַטן און גרינע

פעלדער. עס שטראָמט דאָס לעבן, ווי געוויינלעך, מיט רויש און רעש, מיט פרייד פון שאַפן. זאָל זיין, אַז מען האָט דיך אַזוי גיך פאַרגעסן? דיינע אַכצן יאָר לעבן שרייען דאָך דאָ אַרויס פון יעדן ווינקל, אומעטום האָט דאָך דיין פוס געטראָטן.

מיך ווייטערדיק לעבן אָן דיר — ווי אַ שפּאַנען ביים ראַנד פון תהום. ווייל עס איז נישטאָ קיין טיפערער תהום ווי דאָס האַרץ פון אַן אַב־שכול.

1961 — גבעת השלשה

# אינהאַלט: